שיִע טשעבעווער

(שיִע חיהלע לייב ברוכס)

# נשמה־ליכט

## (היים און חורבן)

פאַרלאַג „ניי־לעבן"

תל־אביב, 1979

צום הייליקן אָנדענק
פון די משפחות
ג אָ ל ד ב ע ר ג ־ ל ע ר מ א ן —
קרבנות פון היטלעריזם.

# שיע טשעכעווער דערציילט

שיע טשעכעווער דערציילט. ער דערציילט און מיר פֿאַר־שרייבן. איינער פון יענע פשוטע יידן, וועלכער איז דורכגע־גאַנגען דעם יסורים־וועג פון אַ טראַגישן דור. אַט ליגט פֿאַר אונדז זיין ספר: אַ דאָקומענט פון פיין, פון אומגליק, פון אימה, — אָבער אויך: בטחון, גלויבן אין יידישן המשך.

אַ פשוטער ייד, פון נח פֿאַנדרעס משפחה. דער זכרון דינט אים. אַלע פּרטים פון יסורים־וועג, פון זיין אָרעמער היים, ווי נעכטן איז עס געווען. יידיש לשון — ווי דאָס רויע פליישׁ אין די אברים, ווי דער יאַטקע־קלאָץ וואָס ציטערט אויף פון האָק. צו באַוווּנדערן.

געהערט ווי ער דערציילט, און פֿאַר מיר, זלמן שניאורס הקדמה צו נח פֿאַנדרע:

„ווּ זענט איר אַצינד, איר דעמבענע יידן, מיט די ברייט־נאַזיקע שטיוואַלעס און מיט צעשוווּמענע פֿאַרבערענטע נעזער, ווי ביי לייבן? איר באַלעגאָלעס, קצבים, נאָסקע־טרעגער, ליימער, זעגער... אייער קול איז געגאַנגען ווי פון אַ פּוסטן פאַס אַרויס און אין אייערע קינדערשע אויגן האָט געשפּילט דער כוח פון לעבן״.

שיע טשעכעווער דערציילט. אין זיין שטילקייט הילכט אַ געשריי, אַ ליאַרעם. אָט שעפּטשען שטיל זיינע ליפּן, און אָט צערעוועט ער זיך ווי אַ נישט דערשאָכטענער אָקס. אָט זיצט ער רויק אויף זיין שטול און דערציילט פון מיידאַנעק, און אָט שפּרינגט ער אַראָפּ פון דער קעלניע און לויפט צו זיין אומגעקומענער משפחה. שיע טשעכעווער פֿאַרמאָגט אייגענע כלים, כלים פון אַ גייער אויף שמאָלע סטעזשקעס און אויף ברייטע שליאַכן. אָט פֿאַרגראָבט ער זיך אין אַ נאָרע צווישן קוסטעס און ברומט ווי אַ פֿאַרווונדעטע חיה, און אָט שטייט

ער מיט טענות קעגן גאָט און מענטש און פרעגט שאלות. גיי ענטפער שיע טשעכעווערן אויף אַלע זיינע שאלות.

שיע טשעכעווער דערציילט און דו ווערסט צעריסן פון בענקעניש נאָך יענע פשוטע יידן, נאָך די אַזוי גערופענע „עם הארצים״, וועלכע זענען געזעסן אין מערב זייט ביים טיר פון בית מדרש באַשיידן און אונטערטעניק מיט די סידורימלער אין די הענט. יידן, וועלכע האָבן די ערשטע געשפּרונגען לעשן אַ שריפה אין שטעטל די ערשטע אין אַ געשלעג מיט שיכורע גויים, וועלכע האָבן געהויבן אַ האַנט אויף יידיש האָב און גוטס; די ערשטע, וועלכע זענען געגאַנגען זיצן אין אַסטראָג פאַר די וועלכע זיי האָבן באַשיצט. ווי זינגט ז. שניאור: „די פונקען פון ליבע און לידער האָט א י ר באַהאַלטן. דאָס גליק פון אַרבעט האָט געטליעט אין א י י ע ר לייב, די בענקשאַפט נאָך פעלד און וואַלד קומט פון אייער ערדישער פּראַסטקייט, פון אייערע מעשות. דער ווילן דורכצוברעכן די לעצטע מויערן פון דער געטאָ, שטאַמט אויך פון אייך. פון אייער מיטן האָט דער נייער קוואַל פון וועלט־באַפרייונג אויפגעשלאָגן און צעגאָסן זיך איבער יונגע דורות, פונקט ווי אייערע עלטערן זענען אַרויפגעשטיגן אויפן באַלעמער צו דער תורה, אַזוי אייערע קינדער — אויף עשאַפאָטן. און פון הויכע תליות האָט איר אונדז אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון נ י י ע צ י י ט ן״.

שיע טשעכעווער דערציילט. ער טרינקט דעם סם פון יסורימדיקע טעג. אָט פאַרקייקלט זיך אַ טרער און די „דער־ציילונג״ ווערט דערשטיקט אין דער מיט. טעג פון מיידאַנעק — ווי אַ קאָשמאַרנער חלום. בלעטלער פון י ע נ ע ם קאַלענדאַר ווערן אָפּגעריסן איינס נאָך איינס און פאַרן יידישן לייענער און פאַר דער וועלט: מאַטעריאַלן פון י ע נ ע טעג־און־נעכט. זכרונות? אַ מאָנאָגראַפיע? רופט עס ווי איר ווילט. זוכט נישט קיין ספּעציעלע ליטעראַרישע אייגנשאַפטן. די דערציילונגען האָבן אַ באַזונדער ריח. אַ ריח פון מאַסן־מאָרד איבער אַ גאַנץ פאָלק. דער ריח פון בלוטיקן היטלעריזם און זיינע באַהעלפער. דער ריח פון סעלעקציעס און טראַנספּאָרטן און רויכענדיקע קוימענס. דער ריח פון גאַז. פון מאָרד. דער ריח פון גסיסה

פון אַלטע לייט. פון קינדער. פון מאַמעס. דער ריח פון גאַנג און נסיעה צום טויט.

— און דאָך: בדמיך חיי. אין דיין בלוט, יידישער מענטש, וועסטו לעבן. פון די קרעמאַטאָריומס צו אַ נײַ לעבן. פון די גאַז־קאַמערן — צו אויפגעאַקערטע יידישע פעלדער.

שיע טשעכעווער — אַ ייד ווי אַ פלאַם, וואָס ברענט ווי דער סנה.

אַ ספר פון טויט־פאַבריק, צו אַ נײַ לעבן.

שיע טשעכעווער דערציילט.

**י. ח. בילעצקי**

# ערשטער קאַפּיטל

געבוירן בין איך געוואָרן אין אַ פּלאַץ, וואָס הייסט טשעכעוו, ביי לובלין (אויף פּויליש האָט עס געהייסן וויניאַווא). דריי חדשים נאָך מיין געבוירן ווערן, איז מיין פאָטער געשטאָרבן. געבוירן געוואָרן בין איך אין אַן אָרעמער שטוב, ווו ס'האָבן זיך געהאָדעוועט ניין קינדער, געמישטע: צוויי האָט מיין מוטער געהאַט פון איר ערשטן מאַן, דריי האָט מיין פאָטער געהאַט פון זיין ערשטער פרוי, און פיר קינדער שותּפותדיקע. איך בין געווען דער יינגסטער.

מיין מוטער האָט געשטאַמט פון לוקאָוו. ווען מיין פאָטער איז אַהינגעפאָרן זען זיך מיט איר, איז שוין מיין מוטער געווען אַ יונגע אלמנה מיט צוויי קינדער. ביים זען זיך האָט איר מיין פאָטער געזאָגט, אַז ער איז אַ מאַן אָן קינדער. ווען זיי האָבן באַשטימט חתונה צו האָבן, האָט איר מיין פאָטער געשטעלט אַ באַדינג — זי זאָל אירע קינדער נישט ברענגען. זי זאָל קומען צו אים אָן קינדער. זיינע דריי קינדער האָט ער געהאַט באַהאַלטן. אַז זי איז געקומען אין דעם ירושה־שטיבל אַריין (דאָס איז געווען אַ ירושה פון דער באָבעס זיידע פון טאַטנס זייט), האָט איר דער טאַטע אַלע טאָג אונטערגעוואָרפן אַן אַנדער קינד. האָט די מאַמע געפרעגט: „לייב־ברוך, וואָס איז דאָס?". האָט ער געזאָגט: „דאָס איז מיין קינד פון דער ערשטער פרוי, וואָס האָט זיך אויסגעהאַלטן ביי איר משפחה".

צום ערשטן האָט איר דער טאַטע דערלויבט ברענגען איין זון. האָט זי געברענגט דעם עלטערן זון, שמשון. דערנאָך האָט ער איר געברענגט נאָך אַ זון זיינעם און אַ טאָכטער. מיין מוטער האָט אָנגעקוקט די דריי קינדער, האָט איר אָפּגענומען ס'לשון: פאַרנאַכ־לעסיקטע, פאַרכעס ביז די אויגן. האָט זי אַ דערשטוינטע אַ פרעג

געטאָן דעם טאַטן: „וואָס האָסטו מיר געטאָן? ווי קאָן איך לעבן דערמיט?"

מיין מוטער האָט מיר דערציילט, אַז זי פלעגט אַרויפנעמען די קינדער אויפן בוידעם און דאָרט רייניקן זיי די פּאַרכעס. ווען ס'האָט זיך נישט געלאָזן, האָט זי געריסן די סטרופּעס אין איינעם מיט די האָר.

מיר, די פיר שותפותדיקע קינדער, זענען געווען: דער עלטס־טער — אהרן, דאָס צווייטע — עטל, דאָס דריטע — צירל. איך בין געבוירן געוואָרן דער פערטער. איך בין געווען דער מיזשאַק.

ווען דער טאַטע האָט געגעבן אַ שטאַרב אָפּ, איז נישט געווען אויף תכריכים. דער טאַטע האָט געהאַט אַ ברודער אברהם־שמחה, אַן אַנגעזעענער ייד אין טשעכעוו. האָט מען ביי דער קבורה פון מיין טאַטן גענומען ביי אים אַ תקיעת־כף, אַז ער וועט שטיצן די מאַמע מיט דריי רובל אַ חודש. האָט ער געשטיצט אַ שטיקל צייט, ביז ער האָט אויפגעהערט צו געבן. איז די מאַמע געבליבן פאַראָרעמט מיט ניין קינדער אין שטוב. איך, דער יינגסטער, בין נאָך געווען ביי דער ברוסט. ס'איז נישט געווען פון וואָס צו לעבן.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ רייכע שוועסטער. איר מאַן איז געווען אַ קאָוואַל מיט אַן אייגענער קוזשניע. האָט ער געשטיצט אַ ביסל. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש. אָבער דעם טאַטנס שוועסטער איז געווען אַ קאַרגע. זי האָט גאָרנישט געוואָלט העלפן. פלעגט איר מאַן אַרויסגנבענען און אַריינגעבן צו אונדז אין שטוב אַריין.

ביז איין מאָל ביינאַכט, ווען די מאַמע איז געשלאָפן און האָט מיך געהאַלטן ביי דער ברוסט, איז איר דער טאַטע געקומען צו חלום. ער איז צו צום בעט און האָט געפרעגט: „חיהלע, וואָס מאַכסטו?" האָט זיך די מאַמע אָפּגערופן: „וואָס מאַך איך? האָסט מיך איבער־געלאָזט אַן געלט צום לעבן מיט אַזוי פיל קינדער. איך האָב נישט קיין אויסוועג". זאָגט ער צו איר: „מיין ווייב, נעם דעם לייטער און גיי אַרויף אויפן בוידעם און קוק אונטער די שטשעכעס (קראָקוועס). וועסטו דאָרט געפינען אַ וואָג, אַ מעשענע. טראָג די וואָג אַריין אין

שטאָל, ווו ס׳פערד איז געשטאַנען. זאָלסט דיר מאַכן אַ יאַטקעלע מיט פלייש. און איך זאָג דיר צו, אַז גאָט וועט העלפן. וועסט מצליח זיין. וועסט האָבן פּרנסה בריווח און וועסט חתונה מאַכן די קינדער״. ער האָט אָפּגעזאָגט און איז פאַרשוווּנדן.

די מאַמע איז אין דער פרי אַרויפגעגאַנגען אויפן בוידעם און האָט דאָרט געפונען די וואָג. האָט זי גערופן אַ גויישן טעסלער און ער האָט פון דער שטאַל אויסגעלאַדעוועט אַ יאַטקעלע.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט טשעכעוו געהערט צו דער גמינע קאָנאָפּניצאַ.

האָט געהאַט אַן אייגן שעכטהויז, אַן אייגן הייליק אָרט. דאָס פלייש פון טשעכעוו האָט מען נישט געטאָרט אַריינפירן קיין לובלין, נאָר מ׳האָט דאָס געמוזט צעטיילן צווישן די טשעכעווער סטראַגאַנעס. האָט די מאַמע אַריינגענומען אַן אַלטע יידענע פאַר אַ שותפטע און זיי האָבן אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט דרויבן. דעמלסט איז אין טשעכעוו געשטאַנען דער רוסישער ביין און זעכציקסטער ריאַזאַנער פּאָלק, און די רוסן האָבן געשאַכטן אין אָרטיקן שעכטהויז. איז די מאַמע אַוועקגעגאַנגען צום פּאָדראַדטשיק און האָט אים געגומען בעטן, ער זאָל איר געבן אַ ברעג. מיט איין וואָרט, זי האָט אָנגעהויבן צו קויפן ביי דעם פּאָדראַדטשיק די אָפּפאַלן פון די בהמות און האָט עס אַריינגענומען אין יאַטקעלע.

די טשעכעווער גויים, די פּאָליאַקן, האָבן געהאָדעוועט חזירים. פלעגן זיי קומען צו דער מאַמען קויפן דעם אָפּפאַל פאַר די חזירים. ביים רוסישן מיליטער האָבן די זעלנער געמוזט אַליין וואַשן זייער וועש. פלעגן די סאָלדאַטן קומען צו די גויעס וואַשן וועש. דערווײַלע האָבן זיי אָנגעמאַכט ממזרים. איז טשעכעוו פול געוואָרן מיט ממזרים און זונות.

ווען די דאָרפישע פויערים פלעגן צוריקפאָרן פון די מערק, נאָכן פאַרקויפן זייערע תבואות, פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן אין טשעכעוו און אַריינגיין טרינקען אין די שענקען. זיי פלעגן אַראָפּגיין צו דער ס׳מכאָווע — אַזוי האָבן זיי גערופן מיין מוטער — קויפן פונעם

אָפּפאַל. דאָן איז געווען רוסיש געלט: פינפער־קערבלעך, צענער־קערבלעך און פופצענער־קערבלעך, גאָלדענע. ס'איז אויך געווען קופּערן געלט: צוויי־קאָפּיקענע, דריי־קאָפּיקענע און פינף־קאָפּיקענע. שיכור זענען געווען די גוים, פלעגן זיי זיך טועה זיין. אַנשטאָט צו געבן אַ צוויי־קאָפּיקענעם פלעגן זיי דערלאַנגען אַ גאָלדענעם פינפער־קערבל. און אַזוי איז צוגערונען, צוגעשוואומען, און דאָס מענטש, איך מיין מיין מאַמע, איז געוואָקסן און זי האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן דערמיט, מיטן געלט.

מיין מאַמעס צווייטער זון האָט געוווינט אין לוקעווע. מיט דער צייט איז ער אַריבער קיין וואַרשע און האָט דאָרט געלעבט ביי אַ מומען. געהייסן האָט ער וועלוול. מיין טאַטנס טאָכטער איז געווען נישט קיין געראָטענע. האָט די מאַמע געזען ס'איז ביטער, זי קאָן זי נישט חתונה מאַכן, האָט זי משדך געווען איר זון מיט מיין טאַטנס טאָכטער. דאָס איז געווען אַ פּאָר פּאַלק, אַזוי ווי מ'זאָגט אַ מאָל, פון יענער וועלט. אָבער די מאַמע האָט געהייסן, האָט וועלוול געהאָרכט און ער האָט חתונה געהאַט. דאָס חפץ האָט ער געברענגט קיין וואַרשע. ווען זיין מומע, פייגע האָט זי געהייסן, האָט דערזען וועמען ער האָט דאָ געברענגט, איז איר פּינצטער געוואָרן אין די אויגן.

באַלד נאָך דער חתונה איז דאָס ווייבל שוואַנגער געוואָרן מיט דער ערשטער טאָכטער. זעקס מאָנאַטן נאָכן פאַרשוואַנגערן איז זי געקומען צו אונדז געבוירן דאָס קינד. די מאַמע האָט באַצאָלט פאַר אַלץ. דריי מאָנאַטן נאָכן קינפּעט האָט זי זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. אַזוי האָט זי געבוירן ביי אונדז דריי קינדער. ווען די ערשטע וועלט־קריג איז אויסגעבראָכן, איז וועלוול געקומען צו דער מאַמען מיט די דריי קינדער. זיין ווייב האָט נישט לאַנג געקיניגט. זי איז קראַנק געוואָרן אויף אַ ראַק און איז געשטאָרבן. איז מיין מאַמע געבליבן מיט נאָך דריי קינדער.

מיין מאַמעס ערשטער זון, שמשון, האָט געטראָפן אַ גוט ווייב, זייער אַן אינטעליגענט ווייב, און האָט מיט איר חתונה געהאַט, זייער פיין. ער האָט זיך געמאַכט אַ יאַטקע און געהאַט פּרנסה. אין 1919

איז אים געשטאָרבן זיין פרוי, איז דער ברודער, צו 29 יאָר, געבליבן אַן אלמן מיט זיבן קינדער.

דערווײַלע האָט די מאַמע גענומען טראַכטן וועגן אַ שידוך פאַר איר צווייטן זון, פאַרן גאון, וואָס האָט געלערנט אין ישיבה און האָט געהאַט היתר הוראה. ער ווייטער איז געווען אַ חסיד און ער האָט נישט פאַרזוכט קיין פרוי. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס אַ פרוי מיינט. איז די מאַמע אַוועקגעפאָרן קיין לעווערטאָוו און זי האָט געפונען אַ חפץ פאַר זיינעטוועגן, און מ'האָט אים חתונה געמאַכט. פון מיינע שוועסטער האָט איינע גוט חתונה געהאַט, די צווייטע... איך בין געווען אַ בחור און איך בין געבליבן מיט דער מאַמען.

אונדזער שטיבל האָט אויסגעזען אַזוי:

די יאַטקע איז געווען אין שטיבל. קיין פאָדלאָגע איז נישט געווען. פרייטיק פלעגט מען אויסקראַצן דאָס שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין לויף פון דער וואָך אויף דער ערד. ביי אַ גוי האָט מען געקויפט אַ שעפעלע זאַמד און מ'האָט עס אָנגעשאָטן אויף דר'ערד. ווינטער, ווען דאָס פלייש מיט די דרויבן איז געפרוירן געוואָרן, האָט דאָס די מאַמע אַרויפגעלייגט אויפן שלאָפבאַנק, ווו איך בין געשלאָפן, עס זאָל אָפגיין. מ'זאָל עס קענען פאַרקויפן. זי האָט עס אַרויפגעלייגט אויף מיר. פרייטיק צו נאַכט, ווען דער לאָמפ איז אויסגעגאַנגען, האָט מען אים נישט געטאָרט אָנצינדן. די מעשענע לייכטער זענען געשטאַנען אויפן טיש, די שטשורעס זענען געווען גרויס און פלעגן זיי אַראָפּוואַרפן מיר אויף די פיס. אַזוי האָבן אויסגעזען מיינע קינדערשע יאָרן.

איך בין געווען אַ גאַסן־ייִנגל. כ'האָב ליב געהאַט צו שפּילן אין קאָרטן. צו אַכט יאָר האָב איך געשפילט אַ ראָל מיט רוסישע זעלנער. אַז כ'האָב פאַרשפילט דעם זעקסער, האָב איך שוין נישט געהאַט וואָס צו עסן. כ'האָב זיך געשעמט צו בעטן ביי דער מאַמען. כ'האָב ליב געהאַט צו שפילן אַן „איין־און־צוואַנציק". אַז כ'האָב געוווּנען — האָב איך געוווּנען, אַז כ'האָב פאַרשפילט, האָב איך נישט געהאַט אויף אַן איבערבייס.

דערנאָך בין איך געוואָרן אַ שעכטהויז־יונג. מיין מאַמען איז נישט געפעלן מיין אַרבעט. זי האָט געוואָלט כ׳זאָל לערנען אַ פאַך. האָט זי מיך אָפּגעגעבן צו אַ סטאָליער, צו אַ ווייסן סטאָליער. אַריינ־פירן אַ יינגל אין פאַך האָט דעמלסט גענומען פינף יאָר צייט. איך האָב געפירט ברעטער אין סקלאַד אַריין. די צווייצאָליקע ברעטער האָב איך געפירט אויף אַ צווייערעדערדיקן וואָגן. דערנאָך האָט מיך דער מייסטער גענומען צו דער זעג, כ׳זאָל אים העלפן שניידן די ברעטער. קיין זעגמאַשינען זענען נישט געווען. איז מיר פון שניידן אָנגעוואָקסן אַ מכה אונטערן אָרעם. דערנאָך האָט מיך דער מייסטער אוועקגעזעצט שטאַמעווען לעכער. כ׳האָב געלעקט דעם הערינג, געגעסן דאָס ברויט און געשטאַמעוועט לעכער. נישט איין מאָל האָט מיר דער האָלצערנער האַמער געגעבן אַ זעץ אין דער האַנט און איך האָב שוין אין זיבען נישט געהאַט דעם הערינג.

די באַלעבאָסטע, דעם סטאָליערס פרוי, האָט געהאַט אין מיין גאַס איר טאַטע־מאַמע, פלעגט זי מיר געבן זופּ פאַר אירע עלטערן, זיי זאָלן האָבן וואָס צו עסן. קיין עלעקטרע איז דעמאָלסט נישט געווען, קיין געבאַרקעוועטע גאַסן — אויך נישט. די בלאָטעס זענען געווען ביז די קני. פלעג איך לאַפּטשען אין בלאָטע מיטן קויש אויף די אַקסל. כ׳פלעג אָנקלאַפּן: „רבותי, כ׳האָב אייך געבראַכט עפּעס עסן".

— „אוי, הונדערט יאָר זאָלסטו מיר לעבן. זאָלסט מיר נאָר געזונט זיין!".

אין דער פרי, ווען איך בין צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָב איך צוריקגענומען די כלים מיטן קוישל. אַזוי בין איך אָפּגעווען ביים סטאָליער אַ פאָר יאָר, ביז איך האָב געזאָגט צו מיין מוטער: „איך בין נישט קיין סטאָליער מער. איך גיי אין שעכטהויז אַריין!"

אין שעכטהויז האָב איך געהאַט פּראָפיט: אַז דער סוחר האָט געצאָלט דעם טשעליאַדניק צען גראָשן פון פעל פאַר נישט מאַכן אין איר קיין לעכער, האָט ער דעם לערניינגל געצאָלט פינף גראָשן פון פעל. האָב איך דאָך פאַרדינט אַ פינפערל! דערנאָך בין איך געגאַנגען

און כ'האָב געדזשוויגעט קעלבער אין שעכטהויז אַריין. זיי האָבן מיר אָנגעפּישט אין האַלדז. באַקומען האָב איך פינף גראָשן פון אַ קאַלב. אַז מ'האָט געמאַכט אַ לאָך אין פעל, האָט דער באַלעבאָס פון דער בהמה געשלאָגן צום טויט. דערנאָך בין איך אַריבער צו אַ באַלעבאָס אַרבעטן אויף סטאַלע. ביינאַכט האָב איך געמוזט אָנפּאָיען דאָס פערד, געבן עסן און אַריינלייגן אין זשלאָב אַ שטיק זאַלץ. דאָס פערד זאָל האָבן צו לעקן. אין דער פרי האָב איך געדאַרפט אויסשמירן די אַקסן מיט סמאַלע. פלעג איך אונטערהייבן דעם דראָנג מיט די אַקסל און שמירן.

די באַלעבאָסטע איז געווען אַ גרויסער שליאָך. האָב איך זיך געמיאוסט צו טרינקען ביי איר אַ גלאָז טיי. פלעג איך אַריינלויפן צו דער מאַמען, וואָס האָט געוווינט אין שכנות, טרינקען אַ גלאָז טיי. אָפּגעטרונקען, איז מען געפאָרן אין דאָרף אַריין. דאָרט זענען געווען אפשר אַ פאָר טויזנט פויערים. פלעגן מיר זיך אָפּשטעלן ביים קלויסטער — איך פון איין זייט און דער באַלעבאָס פון דער צווייטער זייט — און פרעגן די פויערים: „איר האָט עפּעס צו פאַרקויפן? וואָס האָט איר צו פאַרקויפן? אַ קו? אַן אָקס? אַ קאַלב?". אַזוי זענען מיר געשטאַנען און פאַרשריבן ווו זיי וווינען. דערנאָך זענען מיר אַ גאַנצע וואָך געפאָרן זוכן די מציאות. ווען מען איז געקומען צום גוי און מ'האָט ביי אים געקויפט אַ בהמה, איז זיך דער באַלעבאָס געזעסן אויפן וואָגן און האָט זיך ניט אַראָפּגערודערט. ער האָט געהאַט אַ גראָבן בויך, און איך האָב גענומען טרייבן די בהמה אין שעכטהויז אַריין. אַ יונגע בהמה, אַז מ'טוט איר אָן אַ שטריק אויף די הערנער, קאָן זי דאָס נישט פאַרטראָגן, וואַרפט זי זיך און שפּרינגט, און דאָס האָט מיך געוואָרפן אין דר'ערד איין מאָל און נאָך אַ מאָל. טייל מאָל האָב איך איבער דעם פאַרשפּעטיקט. דער באַלעבאָס איז געזעסן אויפן וואָגן און געשריען: „לויף! וועסט פאַרשפּעטיקן אין שעכטהויז! דער דאָקטאָר לאָזט אַריין ביז דרייען. כ'וועל נישט קאָנען שעכטן!" בין איך געלאָפן. מ'האָט געכאַפּט און געשאָכטן. נאָכן שעכטן פלעגט מען די בהמה ארויפציען מיט אַ ראָד, מיט אַ שטריק און מיט אַ ראָד.

פלעגט מיך דער באַלעבאָס אַרויפשיקן אויפן בוידעם שלעפן די בהמה. אונטן האָט דער טשעליאַדניק אָפּגעשונדן די פעל און פלעגט דערביי אַרויפשרייען צו מיר: „העכער! גענוג! נידעריקער!". נאָכן אָפּמאַכן די בהמה פלעג איך אַראָפּגיין טאָן מיין אַרבעט. ווינטער, ווען ס'איז געווען פינצטער, פלעג איך האַלטן אין מויל אַ ברעטל און אויף דעם אַן אָנגעצונדן ליכט. נאָכן פאַרענדיקן מיין אַרבעט, האָב איך געמוזט אַהיימטראָגן דעם באַלעבאָס די קישקע, וואָס האָט געהערט צו אים. כ'פלעג זי אָנטאָן ווי אַ שאַליק אויפן האַלדז. אין די שטיוול איז מיר אַריינגערונען וואַסער. און כ'האָב די קישקע געבראַכט צו דער באַלע־באָסטע. ווען איך בין געקומען אַ היים און כ'האָב געוואָלט אויס־טריקענען די אָניצעס, איז שוין די מאַמע געשלאָפן, די קיך אויסגע־גאַנגען, פלעג איך אונטערלייגן די אָניצעס אונטערן קישן אויסצו־טריקענען. אין דער פרי פלעגט מיך דער באַלעבאָס וועקן: „שיע! קום! מ'דאַרף אַראָפּנעמען ס'פלייש און פירן אין גאַס אַריין, קיין לובלין". די פיר פערטלען האָבן מיר אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן און דאָס פערד האָט געשלעפּט. ווען אַ ראָד האָט זיך איינגעשניטן אין בלאָטע און מ'האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט, האָט מיר דער באַלעבאָס געהייסן אַרויפטראָגן דאָס פלייש אַהין, וווּ דער וועג איז געווען געבאַרקעוועט. ער פלעגט מיר אַרויפלייגן אויף די אַקסל איין זייט פלייש, אַ צווייטן, ביז איך האָב אַרויפגעטראָגן אַלע פיר פערטל. דערנאָך, ווען מ'האָט אַרויסגעשלעפּט דעם וואָגן מיטן פערד פון דער בלאָטע, האָב איך ווידער אַרויפגעלייגט דאָס פלייש אויפן וואָגן און מיר זענען געפאָרן וויטער. נאָכן אָפּוועגן און נאָכן אַריינטראָגן ס'פלייש אין די יאַטקעס, זענען מיר געפאָרן אַהיים. דער באַלעבאָס איז געגאַנגען עסן פרישטיק. ער האָט ליב געהאַט אויסצוטרינקען 15—12 אויסגעקילטע גלעזער טיי. איך בין אַוועק צו דער מאַמען טרינקען טיי. אָט אַזוי איז אַנגעגאַנגען דאָס לעבן. ביז, ביז... כ'האָב אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען: „מאַמע, כ'האָב גענוג צו אַרבעטן ביי משה נעפּקעס. גענוג צו אַרבעטן ביי יענעם. איך וויל אָנהייבן צו האַנדלען פאַר זיך".

דעמלסט האָט מיינס אַ ברודער געהאַנדלט מיט אַ שותף. זאָגט די מאַמע: איידער זאָלסט אַרבעטן ביי משהן, אַרבעט ביי געצן, ביי דיין ברודער. דאָס איז געווען אַ ברודער פון מיין טאַטנס ערשטן ווייב, און ער האָט געהאַנדלט מיט אַ שותף. פלעגט ער מיך און נאָך אַ ייִנגל, שייע האָט ער געהייסן, אַוועקנעמען און יעדן פאַרטאָג פלעגן מיר אַוועקגיין אין דאָרף צופוס, דרייסיק קילאָמעטער אַהין און דרייסיק צוריק. וואָס מ׳האָט געקויפט איז געווען פאַרן ברודערס וועגן. איין מאָל האָט די שוועגערין געזאָגט, אַז זי וויל מיך נישט האָבן. איז די מאַמע אַרויס מיט טענה׳ס: „געצל־לעבן, ער איז דאָך אַ יתום! ווהין זאָל איך אים נעמען? ווו זאָל ער גיין?״ ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

ווען דער ברודער האָט מיך אַרויסגעטריבן, בין איך געגאַנגען און געקויפט דאָס ערשטע קאַלב. געלט האָב איך געהאַט אָפגעשפּאָרט. כ׳האָב געהאַט אַן ערדערן קאַסעלע. וואָס כ׳האָב פאַרדינט האָב איך אַוועקגעלייגט. אַ צווייער, אַ גראָשן, כ׳האָב אַוועקגעלייגט. דאָס קאַלב האָב איך אָפגעשאָכטן ביי דער מאַמען אין שטוב.

דערווײַלע איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, און די רוסן האָבן אָנגעהויבן שעכטן אין דעם שעכטהויז. פון מאָסקווע זענען זיי געקומען. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען אויפן פראָנט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי ראָזוואַדאָוו, ביים סאַן. דאָס גאַנצע מיליטער איז אָנגעקומען קיין לובלין. מיינע ברידער האָט מען אַוועקגענומען אין מלחמה און איך בין געבליבן אַ יונג אַליין, און כ׳האָב אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט די רוסישע זעלנער פון מאָסקווע. זיי האָבן מיך ליב געקריגן און כ׳האָב גענומען פאַרדינען געלט. געקויפט האָב איך ביי זיי די אומצייטיקע קעלבער, וואָס געפינען זיך אין בויך. דאָס פעלכל פון דעם איז וויכטיק. דאָס איז געגאַנגען צו באַראַבאַנען, און פעלכלעך, וואָס האָבן שוין געהאַט האָר, זיינען געגאַנגען אויף אויס־אַרבעטונג. פלעג איך קויפן אויף בלינד. אויף די רוסישע בהמות, די אוקראַינער, קען מען די ערשטע זיבן מאָנאַטן פון זיין קעלביק גאָרנישט דערקענען. נאָר ווען מ׳טאַפּט אָן מיט דער האַנט, קען מען

געפינען ס׳קעפל. אין דעם בין איך געווען אַ פּרעמיסט. דאָס פּעלעכל קען מען נישט אַראָפּנעמען געווײנלעך. נאָר מען מוז עס אָנבלאָזן מיט די לונגען. איך פלעג אָנבלאָזן יעדן קאַלב, איז מיר געווען גרינגער אַראָפּצונעמען ס׳פּעלכל. וואָרעם אַז מ׳מאַכט אין פּעלכל אַ לעכעלע, וויל עס שוין קיינער נישט קויפן. אַזוי איז אָנגעגאַנגען ס׳לעבן, ביז כ׳האָב געזאָגט צו מיין מוטער: „איך וויל פּרובירן האַנדלען! איך וויל פּרובירן האַנדלען!״ זאָגט זי: „ווי אַזוי קענסטו?״ זאָג איך: „איך וועל גיין אין דאָרף אַריין ווו ישראל, מיין ברודערס שוועה, האָט געוווינט (דאָס דאָרף האָט געהייסן יאַסטקאָוו). כ׳וועל גיין צו אים, צום פעטער. אַ פעטער... ער׳ט מיר העלפן קויפן״. בין איך אַוועק און געקויפט די ערשטע בהמה. געבראַכט אין שעכטהויז אַריין, איז מיין ברודער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן: „דו ביסט געגאַנגען קויפן ביי מיין שוועה?!״ האָב איך אים איבערגע־לאָזט די בהמה, כ׳בין אַנטלאָפן און אָנגעהויבן צו וויינען. הכלל די מאַמע איז אַרויס מיט אַ געשריי: „דו האָסט עפּעס צום קינד? דו האָסט עפּעס צום יינגל? ער כאַפּט זיך? ער וויל ווערן אַ סוחר? דאַרפסטו דאָך אים צוהעלפן און דו שלאָגסט אים?!״

פון דעמלסט אָן בין איך געוואָרן אַ סוחר. ווען כ׳האָב אָנגעהויבן צו האַנדלען, האָב איך געהערט, אַז ס׳איז דאָ אַ טאַנצזאַל אין לובלין. זאָג איך — כ׳מוז מיך גיין לערנען טאַנצן. איך וועל נישט זיין קיין דאַל. און שרייבן, ווען כ׳בין אַרויס פון חדר, האָב איך מיך געלערנט ביי אַן אַלט מיידל יידיש, רוסיש און פּויליש. אַזוי בין איך געגאַנגען זיך לערנען טאַנצן. ביינאַכט בין איך געגאַנגען צו שרה די שלוקעכצין לערנען זיך שרייבן. קיין אַנאַלפאַבעט האָב איך נישט געוואָלט זיין. כ׳האָב אָנגעהויבן לייענען די ביכלעך פון הערשעלע אסטראָפּאָליער און די בריוושטעלערס. האָב איך געוווסט צו שרייבן אַ בריוו „צו מיין ליבע און טייערע כלה״. און אַזוי האָב איך מיך אויסגעלערנט שרייבן.

אין טאַנצזאַל האָב איך מיך באַקאַנט מיט אַ מיידל, אַ שוסטערס אַ טאָכטער. אַן אָרעם קינד, און מיר האָבן זיך ביידע ליב געקריגן. זי האָט גוט געטאַנצט און איך בין געווען נישט קיין גוטער טענצער.

האָב איך מיך געלאַקעוועט, זי זאָל מיך לערנען טאַנצן. איך פלעג נעמען אין טאַנצזאַל אַלע מיאוסע מיידלעך טאַנצן. די שיינע האָבן מיך באַלד אַוועקגעשטעלט. האָב איך געטאַנצט מיט די מיאוסע מיידלעך איך זאָל קענען אַ ביסל טאַנצן. און מיט דער העליען האָב איך מיך איינגעוווינט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן ליבן. מיר האָבן זיך געליבט אַ שיינע פּאָר יאָר. דערווייַלע איז געקומען אַ געשיכטע: אירס אַ שוועסטער איז געבליבן אַן עגונה. דער מאַן איז אַוועקגעפאָרן פאַר דער ערשטער וועלטקריג קיין אַמעריקע און ער האָט נישט געלאָזט פון זיך הערן. ער איז געווען פון דאמאטשעווע, לעבן בריסק. טענענבוים האָט ער געהייסן.

אין אַמעריקע האָט זיך געשאַפן אַ לעגיאָן, מיט בן־גוריונען בראש, וואָס זאָל פאָרן קעמפן קיין ארץ־ישראל. האָט דער טענענבוים זיך ווערבירט און איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל קעמפן פאַר די ענגלענדער. איז העליעס שוועסטער געזעסן מיט איר קינד ביי טאַטע־מאַמע. איך בין דאָרט אַרויפגעקומען.

מיט אַ מאָל האָט זיך געלאָזט הערן פון צענטער, פון לובלין, אַז אַ געוויסער טענענבוים זוכט שמואל גרינשטיינען, זיין פרויס פאָטער. ער לאָזט וויסן אַז ער לעבט, אַז ער איז אין ארץ־ישראל און ער פרעגט צו זיין פרוי מיטן קינד לעבן. קורץ גערעדט, טענענבוים האָט באַלד געשיקט געלט און אַרויספאָדערונגס־פּאַפּירן קיין ארץ־ישראל און ער האָט אַראָפּגענומען זיין פרוי מיטן יינגל. באַלד האָט העליעס שוועסטער גענומען שרייבן בריוו צום טאַטן.

מיט אַ דירה איז דעמלסט געווען ביטער. ס׳איז נישט געווען ווו צו דינגען. מעבל צו מאַכן איז געווען שווער. האָבן מיר ביידע, איך מיט העליען, באַשלאָסן, אַז — אַזוי ווי איך פאַרמאָג קוים געלט צו קויפן אַ בהמה, זאָל זי שרייבן צו איר שוועסטער — אפשר וועלן מיר ביידע פאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָ שעם איך זיך צו וווינען אין אַ סוטערינע, און אין דער ירושה־שטוב ביי דער מאַמען וויל איך נישט וווינען. געלט אויף אַ דירה פאַרמאָג איך נישט. איר טאַטע איז אַן אָרעמער ייד און ער וויל גאָרנישט געבן, כאָטש ער האָט געהאַט אַן

אייגענע דירה הינטערן שלאָס, לעבן לובלינער קרימינאַל. האָט זיך מײַן מיידל אויפגעהויבן און געזאָגט, אַז זי פאָרט קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אין 1922טן יאָר. איך האָב זי באַגלייט קיין וואַרשע ביז צו דער באַן און זי איז אַוועקגעפאָרן.

דעמלסט איז אין וואַרשע געווען אַן אויפשטאַנד — מ׳האָט געטויטעט דעם פּרעזידענט. איך בין געפאָרן אין טראַמוויי. איז מען מיך באַפאַלן און מ׳האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מכות רצח: „זשיד! זשיד" און מ׳האָט מיר אונטערגעהאַקט די אויגן. איך בין קוים אַוועק מיטן לעבן קיין לובלין מיט דער באַן. און זי, העליע, איז אַוועקגעפאָרן קיין קאָנסטאַנץ און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל. פאַרן צעשיידן זיך האָבן מיר זיך געשוואָרן געטריישאַפט.

צום פּוילישן מיליטער האָב איך נישט געוואָלט גיין. האָב איך גענומען קלערן וועגן ארץ־ישראל. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז אין באָכניע לעבן קראָקע, ווו די זאַלצגרובן זענען, קען מען זיך מאַכן אַ פּאַס, און אַז דאָרט נעמט מען נישט צום מיליטער. ווען מ׳איז אַ באָכניער, קען מען פאָרן קיין טשעכן און קיין ארץ־ישראל. האָב איך גענומען מיינס אַ חבר, עליע־ווײַלוועלען, און מײַן קוזין יאָקל און מיר האָבן זיך געמאַכט פּעסער אַלס באָכניער. דער מאַכער, אַ קראָקעווער ייד, האָט אונדז געזאָגט, מיר זאָלן זיך מאַכן גרייט און ער וועט אונדז אָנזאָגן, ווען מ׳וועט קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל. דערווײַלע האָט עליע־ווײַלוועלע חרטה געקריגן און ער האָט ניט געוואָלט פאָרן. איז ער געגאַנגען קיין קראָקע צום יידן אָפּנעמען דאָס געלט, וואָס ער האָט אים איינגעצאָלט. דער מאַכער האָט נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס געלט. איז געוואָרן אַן אַוואַנטורע און ס׳איז פאַרשיט געוואָרן די גאַנצע מעשה.

ווען איך בין געקומען קיין קראָקע, בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז מ׳זוכט מיך: מ׳האָט געפונען מײַן פּאַס, מ׳האָט געפונען דעם יאָקלס פּאַס. מיטן ערשטן צוג זענען מיר אַנטלאָפן פון קראָקע. אַרײַנפאָרן אין לובלין האָבן מיר מורא געהאַט. בין איך אַוועקגעפאָרן קיין פּילעווו — אַ שטעטל לעבן דער ווייסל. בין איך אָפּגעווען אין פּילעוו

אַ צייט, ביז כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז אין דער היים איז שטיל. בין איך צוריקגעפאָרן קיין לובלין. ס׳איז צוגעקומען מיין יאָרגאַנג, און מ׳האָט מיך גערופן צום מיליטער. מיין מאַמע איז געגאַנגען צו אונדזער שטוב־דאָקטאָר און ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט אפשר זען מיך נישט צו נעמען — איך בין געווען דער איינציקער, דאָס לעצטע קינד דער מאַמעס, דער מיזשאָק. קיין געזונטער בין איך נישט געווען.

אויפן פריזיוו אין לובלין האָט מען געזאָגט: „פריניאַט!" — „פּעיִק צום מיליטער־דינסט". נו,... די מאַמע איז געשטאַנען אונטן. איז געוואָרן אַ געשריי, איז געוואָרן אַ געוויין. מ׳האָט מיך געלאָזט גיין אַהיים. מ׳וועט מיר צושיקן אַ מעלדונג ווען און ווו איך דאַרף זיך שטעלן צום מיליטער.

האָט מען מיך באַשטימט צו דינען אין לובלין, אָן געווער. בין איך אַריינגעפאַלן אין לובלינער ערשטן פּולק „טאַבאָרן". כ׳בין אַריין אַלס רעקרוט און מ׳האָט מיך אָנגעהויבן לערנען אויפן איבונגס־פּלאַץ. מיין קאָפּ איז געווען צו האַנדל, מיין קאָפּ איז געווען צו שמוקלען קעלבער. ביי די איבונגען, ווען מ׳האָט מיר באַפוילן גיין רעכטס, בין איך געגאַנגען לינקס. האָט מען מיך געשלאָגן צום טויט. און דער אונטעראָפיצער האָט פאַראָרדנט, איך זאָל זיך מעלדן נאָך אַ מאָל. דאָס בלוט איז גערונען. בין איך געקומען מעלדן זיך מיט דער צעבלוטיקטער נאָז. דאָרט איז געשטאַנען אַ ייד, פרעגט ער מיך: „וואָס שטייסטו, בהמה? ער וועט דאָך דיך ווידער שלאָגן!" בין איך אַוועקגעגאַנגען.

דערנאָך איז געקומען אַ פּולקאָווניק און האָט געזאָגט: „מ׳האָט אייך צוגענומען אין מיליטער צו דינען אָן געווער. אָבער די רוסן שלאָגן אונדז, מוזט איר גיין אויפן פראָנט. ס׳וועט אייך גאָרנישט העלפן. מ׳האָט מיך מיט נאָך עטלעכע סאָלדאַטן גענומען קיין רומעניע, וווּהין אַמעריקע האָט אריינגעשיקט געווער און אָנטועכץ. מיר האָבן דאָס געבראַכט קיין לובלין און מ׳האָט מיך אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט. דאָרט האָב איך געזען, ס׳איז קיין תכלית נישט — איך זאָל גיין

געבן דעם קאָפּ פאַר די פּאָליאַקן? כ׳האָב געזען, אַז די שקצים דערצערטירן, האָב איך אַוועקגעוואָרפן די ביקס און כ׳האָב אָנגעהויבן גיין אין די וועלדער, ביז כ׳בין געקומען קיין לובלין.

אויף די ווענט זענען געווען אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן — פּאַר דעזערציע קומט קריגס־געריכט. די טעג האָט אַ פרוי איבערגעטאָן איר זון פאַר אַ מיידל, מ׳האָט דאָס געפּאַקט און יום־כיפּור האָט מען דעם בחור געשאָסן. כ׳האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך דערשראָקן. די קויל, צי יענע קויל... האָב איך זיך צוגעשטעלט קיין שעדלעץ אין צוויי און צוואַנציקסטן פּולק אַריין. פאַרוואָס? ווייל איך האָב געהאַט אַ וועג — מיין מוטער האָט מיך געהאַט פאַרמאָלדן אין לוקאָוו, און לוקאָוו איז לעבן שעדלעץ. האָט מען מיך אויפגענומען ווי אַ ברייטן גאַסט. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ שייגעץ, יוזשעק קאַפּיצא. יידיש האָט ער גערעדט בעסער ווי אַ ייד. פרעגט ער מיך: „שיע, וואָס טוסטו דאָ?״ זאָג איך: „וואָס הייסט? מ׳האָט דאָך מיך גענומען!״ זאָגט ער: „דו וועסט געבן דעם קאָפּ פאַר די פּאָליאַקן? לאָמיר אַנטלויפן״. זאָג איך: „וואָס וועט זיין אַז מ׳וועט כאַפּן?״ זאָגט ער: „גיי, האָסט די פּאָליאַקן אין דר׳ערד. לאָמיר גיין אַהיים״. מ׳האָט זיך איבערגעטאָן און מ׳איז אַהיימגעגאַנגען.

דערנאָך בין איך געלעגן אין אַ קאַמער באַהאַלטן, וואָרעם די פּאָליאַקן האָבן געזוכט. דערנאָך איז געמאָלדן געוואָרן, אַז ווער ס׳וועט זיך צושטעלן פרייוויליק, וועט מען אים שענקען די דעזערציע. האָב איך זיך צוגעשטעלט און כ׳האָב אָפּגעדינט מיין דינסט־צייט.

ווען איך בין געקומען אַהיים, האָט מיך די מאַמע אָנגעהויבן פּרעסן כ׳זאָל חתונה האָבן. כ׳זאָל זיך אויסזוכן אַ כלה. „וואָס וועסטו אויף איר וואַרטן? פון ארץ־ישראל?״ דעמלסט איז געווען אַ געשיכטע, אַז יעדן טאָג זענען מענטשן געפאָרן קיין ארץ־ישראל. און אַנדער טאָג זענען מענטשן געקומען פון ארץ־ישראל. מ׳האָט יעדן טאָג געהערט, וואָס עס טוט זיך אין תל־אביב. האָב איך געהערט, אַז העליע האָט אַ חתן, מיינס אַ חבר, וואָס מיר האָבן גלייך געטאַנצט. האָט מיין מוטער געזאָגט: „האָרך מיך. זוך דיר אָפּ אַ שידוך״. האָט מען מיר

געריעדט אַ שידוך — אַ פרוי מיט אַ מוטער, וואָס האָבן געהאַט אַ שפּייזגעוועלב. און כ׳האָב חתונה געהאַט. מ׳האָט מיך אַריינגענומען אויף קעסט. מיין פרוי האָט געאַרבעט מיט איר מוטער. מיר האָט מען אָפּגעגעבן אַ צימער. כ׳האָב געקויפט מעבל. און כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרדינען געלט. ס׳איז געווען אַ הויכע חתונה. אין 1926 האָב איך שוין געהאַט אַ טאָכטער. אין 1927 האָט מיר אָנגעהויבן צו גיין גוט. אין 1928 האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל מיך באַוואָרענען אויף דער עלטער. בין איך געגאַנגען צו אַ גוי און כ׳האָב געקויפט אַ פּלאַץ. געקויפט אַ פּלאַץ, איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן צו בויען אַ הויז. דעמאָלסט איז אין פּוילן געווען אַ געזעץ, אַז ווער עס בויט אַ הויז, איז דאָס דירה־געלט נישט פאַרפרוירן, פריי, מ׳קאָן נעמען דירה־געלט וויפל מ׳וויל, און פופצן יאָר שענקט מען די שטייערן פון הויז. האָב איך אָנגעהויבן בויען, שותפות מיט אַ שוועסטער, אַן איינשטאָקיק הויז. איך האָב גענומען אַ ייד, וואָס זאָל אכטונג געבן אויפן בויען, ווייל איך בין פון פאַך אַ קצב און כ׳האָב געשאָכטן אויף כשר, נישט קיין יאַטקע, נאָר הורט.

אין יענער צייט האָט מען מיר געזאָגט, אַז אויב איך וויל, קען איך זיך אַריינרייסן צווישן די פּאַדראַדשיקעס, וואָס שטעלן צו פלייש פאַרן מיליטער. ס׳זענען געווען אין לובלין פּאַדראַדטשיקעס, וואָס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען. האָב איך אָנגעגעבן אַ ביליקערע אָפּערטע און כ׳האָב זיך אַריינגעריסן. כ׳האָב גענומען צושטעלן פלייש פאַרן גאַנצן גאַרניזאָן פון לובלין.

דעם ייד, וואָס כ׳האָב אַריינגענומען אַכטונג צו געבן אויפן הויז וואָס בויט זיך, האָב איך געזאָגט: „ר׳ שמחה דוד, איך וויל בויען איין שטאָק". זאָגט ער: „בהמהלע, אַז דו בויסט שוין אַ פונדאַמענט, האָסט אַ דאַך, בוי אַ צווייטן שטאָק". זאָג איך: „ר׳ שמחה־דוד, וואָס זאָל איך טאָן?" זאָגט ער: „בוי! מיר געטרויט מען דאָס מאַטעריאַל, נישט דיר. דו ביסט אַ יונגער צוציק". און כ׳האָב אָנגעהויבן בויען אַ צווייטן שטאָק. דעמאָלסט איז געווען אַן איינפיר, אַז ווען מ׳הייבט

אָן בויען, דאַרף מען געבן די אַרבעטער „גלייכע״. האָט מען געשטעלט בראָנפן און ביר. אַז מ׳האָט געשטעלט דעם צווייטן שטאָק, האָט מען ווידער געמאַכט „גלייכע״, מ׳האָט געשיכורט. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ דריטן שטאָק און אַ פערטן שטאָק.

דערווײַלע האָב איך נישט געהאַט קיין געלט צו ענדיקן דאָס הויז. איז געווען אַ יידישער דירעקטאָר אין אַ באַנק, קאַנטער. בין איך צו אים אַריין דורך אַ פּראָטעקציע: מיינס אַ קוזינע איז געווען אַן אַקושערקע און זיין איידעם איז געווען אַן אַקושער־דאָקטאָר, און מיין קוזינע האָט אים געשיקט פּאַציענטן. האָט ער, דאָקטאָר לעווין, געבעטן זיין שווער, ער זאָל מיר העלפן קריגן אַ משכנתא. האָט מיר קאַנטער געגעבן 25,000 זלאָטעס. פאַר יענע יאָרן אַ ריזיקע סומע. דאָס געלט האָב איך אָבער געקריגן נישט אין מזומן נאָר אין ווערט־פּאַפּירן, אין אַקציעס. ער האָט מיר געגעבן פאַר הונדערט זלאָטעס אַ פּאַפּיר פאַר הונדערט זלאָטעס. די ווערטפּאַפּירן האָב איך געמוזט פאַרקויפן. אַ הונדערט־זלאָטיקע אַקציע האָב איך פאַרקויפט פאַר 97—98 זלאָטעס. ווען כ׳בין געגאַנגען אומקערן די הלוואה זענען די ווערטפּאַפּירן געפאַלן. אַן אַקציע פון הונדערט זלאָטעס האָט געהאַלטן 65—70 זלאָטעס. בין איך רייך געוואָרן פון די ווערט פּאַפּירן אַליין. איך פלעג אַריינלויפן צו אָפּאַטאָווסקין, וואָס האָט געהאַט אַ ביורא צו טוישן געלט, און כ׳האָב אים געפרעגט: „יאָסיף, וויפל שטייט?״ האָט ער מיר געזאָגט: „כך וכך״. זאָג איך: „לייג מיר אַוועק 1,000, לייג מיר אַוועק 2,000 אַקציעס. כ׳האָב אָנגעזאַמלט 5,000 ווערטפּאַפּירן און כ׳בין אַריין צו קאַנטערן און געזאָגט: „הער דירעקטאָר, כ׳האָב געברענגט 5,000 זלאָטעס״. האָט ער געשיקט אין היפּאָטעק אריין און מ׳האָט אויסגעמעקט — אַנשטאָט 25,000 זלאָטעס בין איך שולדיק געבליבן 20,000. אין פּוילן איז געווען אַ מאָדע, אַז מ׳בויט אויס אַ הויז, מוז זי שטיין איבער ווינטער פרירן. דאָס הויז האָב איך אָנגעהויבן בויען אין 1928, און וויאָסנע 1929 האָב איך אָנגעהויבן אויסצופערטיקן דעם אינעווייניק, און איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינגען דירות. דירה־געלט האָב איך גענומען, וויפל כ׳האָב געוואָלט. כ׳האָב פאַרשאַברעוועט

און כ׳האָב פאַרדונגען ס׳גאַנצע הויז. לאָקאַטאָרן האָב איך אויסגעקליבן פּאָליאַקן.

אַזוי ווי כ׳בין געווען אַ צושטעלער אין פּולק, האָב איך אָנגעהויבן זוכן אָפיצערן אַלס שכנים אין הויז. אין פּוילן איז געווען אַ געזעץ, אַז פאַר אָפיצערן האָט דער מאַגיסטראַט געצאָלט אַ טייל פונעם דירה־געלט, דאָס מיליטער — אַ טייל, און אַ טייל — דער אָפיצער אַליין. האָב איך געקראָגן פּראָטעקציע אין מאַגיסטראַט, און כ׳האָב גענומען פאַר דריי צימערן מיט אַ קיך (יענע יאָרן) 192 זלאָטעס אַ חודש. פאַר פיר צימערן — 300 זלאָטעס אַ חודש. גענומען האָב איך פאַר אַ יאָר פאָרויס. דער מאַגיסטראַט איז געווען הויל, ער האָט נישט געהאַט קיין געלט. בין איך אַריינגעגאַנגען צו די יידן, וואָס זענען שולדיק געווען דעם מאַגיסטראַט שטייערן, און כ׳האָב זיי געפרעגט: „וויפל ביסטו שולדיק, 1,000 זלאָטעס? גיב מיר 900 זלאָטעס און איך וועל דיר ברענגען אַ קבלה פון מאַגיסטראַט אויף 1,000 זלאָטעס. אַזוי בין איך געגאַנגען צו די רייכע יידן און אויפגעמאַנט מיין געלט. 300 זלאָטעס אַ חודש פאַר אַ יאָר פאָרויס איז געווען אַ פאַרמעגן. פאַרדונגען האָב איך מיט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר. 10,500 זלאָטעס פאַר דריי יאָר. איך בין געוואַקסן ווי אויף הייוון. און ביים צושטעלן פלייש האָב איך פאַרדינט. יעדן יאָר האָב איך געמוזט אַרויספאָרן אויף מאַנעווורעס. דער פּולקאָווניק האָט מיך גערופן און געזאָגט, אַז ער וויל מיך האָבן אויף די מאַנעווורעס. קיין צייט צו פאָרן האָב איך נישט געהאַט, איך האָב דאָך געשאַכטן פאַר דער שטאָט. כ׳האָב געהאַט קונים אין שטאָט, און כ׳האָב זיי נישט געקאָנט איבער־לאָזן אויף הפקר. אָבער דער פּולקאָווניק האָט מיר געזאָגט: „הער גאָלדבערג, איך וויל פון קיין זאַך נישט וויסן. דו מוזט זיין. אַלע זענען לײַדאַקעס. מיינע אָפיצערן זענען לײַדאַקעס, מיינע אונטעראָפיצערן זענען לײַדאַקעס. אַז דער פּולק גייט אויף מאַנעווורעס, שלעפּן זיך די ווייבער מיט. און אין קאָאָפּעראַטיוו איז דאַ בראָנפן... דו ביסט דער איינציקער וועמען כ׳קען טרויען. דו מוזט זיין אויף די גאַנצע מאַ־נעווורעס״.

אין לובלין איז געשטאַנען דאָס אַכטע פּולק פוסגייער, אין כעלם — דאָס זיבעטע און אין זאַמאָשטש — דאָס ניינטע פּולק. דער דיוויזיע־קאָמענדאַנט איז געזעסן אין זאַמאָשטש. ווען די פּולקאָווע מאַנעוורעס האָבן זיך געענדיקט, האָט מען געמאַכט אַ „פּשעטאַרג" (קאָנקורס) אויף צושטעלן פליישׁ צו די דיוויזיע־מאַנעוורעס, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אויף די קרעסן. ביז איצט האָבן זיך געשלאָגן אַ פּולק מיט אַ פּולק, דערנאָך האָט זיך געזאָלט שלאָגן אַ דיוויזיע מיט אַ דיוויזיע. דער פּולקאָווניק האָט אויף מיר געקוועטשט, איך זאָל נעמען אויף זיך דעם פּאַדראַד פון דער דיוויזיע. ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך. ווי קאָן אַ מענטש גאַנצע נעכט נישט שלאָפן? האָב איך גענומען דעם פליישׁ־צושטעל שותפות מיט די יידן פון זאַמאָשטש און כעלם. איך בין אָבער געווען דער פאַרשטייער. איך האָב מיטגעהאַט גויים, כ'האָב מיטגעהאַט צען פויערים מיט פערד און מיט וועגעלעך. כ'האָב געמוזט שעכטן אויפן אָרט און סקלאַדקאָווסקי איז געפלויגן מיטן עראָפּלאַן באַקוקן, ווייל — „אָרדענונג מוז זיין!" ווען מ'האָט אָפּגעשאָכטן צען בהמות, האָט מען געמוזט דאָס איבערבלייבעכץ באַגראָבן און פאַרשיטן דעם פּלאַץ מיט קאַלך.

כ'בין אַרויפגעקומען אין זאַמאָשטשער מאַגיסטראַט וועגן מיינע ענינים. האָט דער בירגערמייסטער געפאָדערט פון מיר אַ סך פאַר שחיטה־געלט. האָב איך געזאָגט: „הער בירגערמייסטער, נישט ביי גאָלדבערגן". זאָגט ער: „איז וואָס וועסטו טאָן?" בין איך געגאַנגען און כ'האָב אָפּגעשאָכטן צען שטיק לעבן דער פּילסודסקי־שולע. כ'האָב קיין מורא נישט געהאַט. כ'האָב געהאַט פרייע הענט. און איך האָב אים געוויזן, דעם בירגערמייסטער: איך וועל דיר קיין איבעריקן גראָשן נישט געבן, כ'וועל געבן וויפל ס'קומט פון מיר, נישט מער. איך בין נישט קיין זאַמאָשטשער. איך אַרבעט פאַר דער אַרמיי. קומט מיר אַ הנחה.

זאַמאָשטש איז אַ שטאָט, וואָס האָט וויינקעלערן. איך פלעג האַלטן בהמות אין די קעלערן. האָט מען מיר אַלעמאָל צווויסן געגעבן פון דער פּאָליציי, געהיים מיט אַ טעלעגראַמע, אַז דער

פּאָליציי־קאָמענדאַנט פּאַדערט, איך זאָל פאָרן אין אָוונט צו אַ באַ־שטימטן פּלאַץ, מיטנעמען דאָס פלייש און פאַרטיילן עס אין די אָפּטיילונגען. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז 1937. איך האָב געהאַט אַ יאַטקע אין פּולק גופא. דאָרט האָב איך אַרויסגעגעבן דאָס פלייש און בין אַהיים געגאַנגען.

אין 1937 האָט מען אין פּולק צוגענומען נאָך אַ פלייש־צו־שטעלער פון פּויזן. געהייסן האָט ער סילער. איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין פּולק. האָב איך אים, סילערן, אַריינ־גענומען צו מיר וווינען אַלס לאָקאַטאָר. כ'האָב געזען, ווער ס'קומט צו אים אַריין, וועמען ער בלאַטירט. כ'האָב אַלץ געוווּסט. דער סילער האָט מיר נישט געוואָלט צאָלן קיין דירה־געלט. האָב איך זיך געטראַכט — כ'האָב דיך אין דר'ערד אָן דירה־געלט. ווין! דערווייַלע איז ער געגאַנגען באַנקראָט. איז דער קאָמאַרניק אים נאָכגעפאָרן אויף אַלע ירידן צונעמען, קאָנפיסקירן די בהמות, וואָס ער האָט געקויפט. האָט מען פון פּולק מיטגעשיקט דעם פּראָוויאַנט־אָפיצער, ער זאָל פּראָטעקטירן די בהמות. איז די אָפיצערן פאַר־מיאוסט געוואָרן דאָס לעבן.

איין מאָל שיקט נאָך מיר דער גענעראַל. איך קום, געפין איך — ער זיצט מיט דער גאַנצער קאָמיסיע. זאָגט צו מיר דער גענעראַל: „ס'איז מיר אָנגענעם דיר צו זאָגן, כ'האָב דיך זייער ליב. דו ביסט אַ זעלטענער ייד. איך בעט דיך, אָדער טויש דיין נאָמען אָדער נעם אַ גוי, און אויף זיין נאָמען זאָל גיין די קאָנצעסיע פון פלייש". (טראַכט איך מיר — ווי אַזוי קען איך צונעמען אַ גוי? ווי קאָן איך אים געטרויען?). ס'טוט מיר זייער לייד, אָבער אויף דיין נאָמען קאָנען מיר דיר נישט געבן דעם פּאַדראַד". יעדער פּונקט האָט געהאַט זיין פּראָוויאַנט־אָפיצער. האָבן די אַלע אָפיצערן גענומען טענהן צום גענעראַל: „הער גענעראַל, לאָז אים נישט אָפּ!" גראָד דעמלסט האָט מען גענומען ריידן — מלחמה, מלחמה! און מ'האָט אָנגעהויבן נעמען רעזערוויסטן און שאַפערן און דאָקטוירים. ס'איז געוואָרן אַ בראָך. שרייט דער קאַפּיטאַן פון שפּיטאָל — „לאָז אים

נישט אָפּ! אָן אים זענען מיר אָן הענט!״ דעם גענעראַלס ענטפער איז געווען אַ קורצער: „ס׳איז אַ באַפעל״.

אין לובלין האָט זיך דעמאָלסט געשאַפן אַ פלייש־גיעלדע. אין דער גיעלדע זענען אַריין — דער יידישער צעך, דער קריסטלעכער צעך, אַ פאַרשטייער פון מיליטער און דער בירגערמייסטער. אין לובלין איז געווען אַן עקספּאָרט־אימפּאָרט־שעכטהויז, וואָס איז געווען פאַרבונדן דורך קאָנטראַקטן מיט גויים. איך בין אַריינ־געפאַלן אַהין אַלס ראַטמאַן. איך בין געווען פּרעזעס פון יידישן צעך. ס׳איז אויך געווען אַ קריסטלעכער פּרעזעס. אַז ס׳איז געקומען אַ ייד נאָך אַ פאַך־באַשטעטיקונג, האָב איך אים געמוזט עקזאַמענירן. צום עקזאַמען פלעג איך אויך איינלאַדן דעם קריסטלעכן פּרעזעס, אָבער ער האָט זיך צום עקזאַמען נישט געטאָרט מישן. ווען אַ גוי איז געקומען נאָך אַ פאַך־באַשטעטיקונג, פלעגט מיך איינלאַדן דער קריסטלעכער פּרעזעס.

ווי האָט אויסגעזען דער עקזאַמען? צו ערשט האָב איך אים גענומען אין שעכטהויז אַריין זען צי ער קען די מלאכה. דערנאָך איז ער געקומען אין צעך. דאָרט בין איך געזעסן מיטן קריסטלעכן פּרעזעס און מיר האָבן אים עקזאַמענירט. אָבער דער באַשלוס האָט געהערט צו מיר. געקומען זענען צו אונדז געווינלעך קליינשטעטל־דיקע יידן. ווען איך האָב אַרויסגעגעבן אַ פאַך־באַשטעטיקונג, האָט דער ייד געקענט עפענען אַ יאַטקע.

איך בין געווען פאַרשטייער פון יידישן צעך, ראַטמאַן פון דער גיעלדע. מ׳האָט מיך טיטולירט: „הער ראַטגעבער״. אַז איך בין אַריינגעקומען, איז צוגעגאַנגען דער קעלנער און האָט מיר אַראָפּ־גענומען דעם מאַנטל. מיר האָבן באַקומען צען זלאָטעס פאַר אַ זיצונג. מיר האָבן געהאַט אַן אייגענעם געריכט. די מיטגלידער וואָס האָבן נישט געוואָלט באַצאָלן אויף דער גיעלדע, האָבן מיר געקאָנט אָפּ־פּסקענען, מ׳זאָל זיי נישט אַריינלאָזן אין יאַטקע. בין איך אַריינגעפאַלן אַלס ריכטער. אַז איינער האָט אַנגעגעבן אין געריכט אויף אַ צווייטן, האָט ער באַקומען אַ ליסטע פון די ריכטער און ער האָט געקאָנט

אויסקלייבן אַלס ריכטער, וועמען ער האָט געוואָלט. האָט ער אויס־געקליבן שיע גאָלדבערג. די אַדוואָקאַטן, וואָס זענען געקומען העלפן זייערע קליענטן ביי אונדז, זענען געווען די זעלביקע אַדוואָקאַטן, וואָס זענען אַרויסגעטראָטן אין מלוכה־געריכט. האָבן זיי מיך טיטולירט: „הער ריכטער, זייט מוחל, איר זייט זיך טועה". האָב איך געענטפערט: „איך בין זיך נישט טועה!". ריכטער זענען מיר געווען דריי — איך פון יידישן צעד, דער פּרעזעס, אָדער דער עלטסטער, פון קריסטלעכן צעד און אַ פּאַרזיצער אַ קריסט. נאָך דער רעדע פון אַדוואָקאַט האָבן מיר געמאַכט אַ באַראַטונג און מיר האָבן אָפּגעפּסקנט לויט דער מערהייט שטימען.

אַז איך בין געווען אַזאַ יחסן, אַזאַ גרויסער מאַן, איז געקומען אַמאָל דער פּוילישער פּרעזעס פלעסקאַטשינסקי און האָט מיר צו־גענומען דאָס געשעפט, דעם פּאָדראַד. ער איז געווען אַן אַלטער גוי און ער פלעגט זאָגן, אַז ער וועט געבן צען גראָשן פאַר אַ ייד, ווען ער וועט אים זען הענגען אויף אַ בוים. אַזוי פלעגט ער זאָגן אין גוטן מוט, אין שעכטהויז. און מ'האָט געלאַכט צווישן זיך. אַז ער האָט צוגענומען דעם פּאָדראַד, האָב איך זיך געטראַכט: „איך וועל דיר ווייזן, וועלכער ייד ס'וועט הענגען אויף אַ בוים". איך האָב אים געגעבן אַזאַ קעסט, אַז ער האָט געזאָגט: „שפּיי אויף די פּאָליאַקן! אַז מ'גיט מיר אויפן טעלער אַ שטיקל פלייש, שטאַרב איך. כ'וועל נישט נעמען קיין געשעפט, כ'וויל נישט האָבן צו טאָן מיט די זשידעס! דאָ שטעקט אַ יידישער קאָפּ".

אַז מ'האָט מיר געזאָגט, איך זאָל טוישן מיין נאָמען אויף זלאָטאָגורסקי, אַנישט זאָל איך צונעמען אַ קריסט, און אויף זיין נאָמען זאָל זיין דער פּאָדראַד, בין איך אַוועק צו אַ קריסט. געהייסן האָט ער מיקאָ. ער איז געווען אַ הורטאָווניק און ער פלעגט עקס־פּאָרטירן לעבעדיקע חזירים קיין גריכנלאַנד. נאָר ס'איז געווען אַזאַ איינפיר: אַז ער האָט געוואָלט שיקן חזירים, האָט ער געמוזט מיט־שיקן אַ וואַגאָן יונגע בהמות. ביי חזירים האָט ער פאַרדינט, ביי בהמות — נישט. האָב איך אים דערציילט די גאַנצע מעשה מיטן

פֿאַדראַד. זאָגט ער צו מיר: „הער שיע, אַז דו זאָגסט, דאַרף איך דאָך מיט דיר קיין סך נישט רעדן. אַז דו הייסט מיר גיין — גיי איך״. זאָג איך: „דו דאַרפֿסט נאָר געבן דיין נאָמען, און געלט איז נישט וויכטיק״.

בין איך אַוועק צום גענעראַל און געזאָגט: „כ׳האָב שוין אַ קריסט, יאַן מיקאַ״. די מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע האָבן זיך באַלד אָנגעכאַפּט: „אָ, דאָס איז דאָך אַ פֿיגור! דאָס איז דאָך אַ מענטש! אַ גביר!״ און מ׳האָט אים געהייסן קומען. פֿרעגט ער מיך מיקאַ: „וויפֿל זאָל איך זאָגן?״ זאָג איך: „זאָג 95 גראָשן אַ קילאָ״. האָט ער אַזוי געטאָן. סילער האָט גענומען 65—68 גראָשן אַ קילאָ. איז ווי קאָן דער גענעראַל צאָלן אַזויפֿיל געלט? דאָס וועט דאָך אויסגיין צום קאָפּ פֿון פֿולק! רופֿט זיך אָפּ אַ קאַפּיטאַן, וואָס איז געזעסן אין אַ זייט: „הער גענעראַל, טו אַ פֿרעג דעם קליינעם... (דער מיקאַ איז געווען אַ גויאַטש! מיט אַ שטעקן אין האַנט, אַזוי ווי די חזירניקעס זענען געגאַנגען). זאָגט דער גענעראַל: „הער גאָלדבערג, וואָס זאָגסטו?״ זאָג איך: „מיקאַ איז גערעכט, מ׳דאַרף טאַקע נעמען 95 גראָשן. איך וועל אָבער זאָגן ביליקער, מיט איין באַדינג — איך וויל צוריק באַקומען מיין יאַטקע אין פֿולק, וואָס מ׳האָט מיר צוגענומען. כ׳וועל נעמען 75 גראָשן אַ קילאָ״. פֿרעגט ער: „פֿאַרוואָס?״ זאָג איך: „די קונסט שטייט אין מיין קאָפּ און אין מיינע הענט״. איך האָב גאַראַנטירט פֿאַר דער פֿאַרציע. יעדער זעלנער האָט באַקומען 130 גראַם פֿלייש אויפֿן שטעקעלע. טאָמער האָט אויסגעפֿעלט צו די 130 גראַם, האָב איך געמוזט דערלייגן מיט ווורשט. צום ביישפּיל, 4,000 זעלנער זענען געקומען פֿון די איבונגען און ס׳זענען געווען נאָר 3,500 פֿאַרציעס, האָב איך תיכף געמוזט ברענגען ווורשט, וואָס האָט געקאָסט 2,10 זלאָטעס אַ קילאָ. האָב איך דאָך דערלייגט. באַנקראָט! אָבער אַז איך בין געשטאַנען ביים קלאָץ און כ׳האָב געוווסט, ווען איך דאַרף געבן גולאַש און ביגאָס און קאָטלעטן און פֿלייש־פֿאַרציעס, האָב איך געוווסט, וואָס איך לאָז איבער. דער גוי ווייס עפּעס? זאָג

איך: „הער גענעראַל, אַז דו וועסט מיר צוריקגעבן מיין יאַטקע, וועל איך נעמען 75, נאָר אויב מיקאָ וועט דאַרפן אַרויסגעבן ס׳פלייש בין איך באַנקראָט, אַפילו ווען כ׳וועל נעמען 95 גראָשן". זאָגט דער גענעראַל: „וואָס שטעקט דאָ אין דעם?" זאָג איך: „דאָ שטעקט אַ קאָפּ. איך בין אַ ייד. כ׳האָב אַ קאָפּ און כ׳האָב הענט. איך בין אַ פאַכמאַן. פרעג דאָ די גאַנצע קאָמיסיע". אַלע האָבן באַשטעטיקט.

מ׳האָט זיך מיט מיר לאַנג געאַמפּערט, אָבער די יאַטקע האָב איך נישט באַקומען. איך בין אַ ייד און איך טאָר אין פּולק נישט אַריינגיין. נאָר מ׳האָט מיט מיר אויסגענומען, אַז מ׳וועט מיר שיקן לאַסטמאַשינען און וואַגנס, און דאָס פלייש זאָל איך אַרויסגעבן אין גרויסן שעכטהויז. אַלע דריי חדשים האָב איך באַקומען אַ דער־לויבעניש אַריינצוקומען אין פּולק, ביינאַכט און בייטאָג. כ׳פלעג טראָגן זעק מיט געלט. אין קאַסינאָ האָב איך געשיכורט גלייך מיט זיי. דאָס אַלץ איז געווען אין 1939 יאָר. כ׳האָב גענומען ס׳געשעפט מיט מיקאָן און געהאַלטן ביזן דריטן סעפּטעמבער, ביז די קריג איז אויסגעבראָכן. לויטן קאָנטראַקט האָב איך געהאַט רעכט דריי טעג מיטצוגיין מיטן מיליטער אויפן קריג, אָדער איבערצורייסן דעם קאָנטראַקט. נאָכן דריטן טאָג, ווען די באָמבעס זענען געפאַלן, האָב איך געזאָגט: „איך גיי נישט מער". מ׳האָט מיר באַצאָלט וויפל ס׳האָט מיר געקומט.

# צווייטער קאַפּיטל

אַלט זייענדיק אַכט יאָר האָב איך אָנגעהויבן גיין אין שעכטהויז לערנען זיך דאָס פֿאַך. ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז ווען דער שוחט איז געגאַנגען בדקענען די בהמה, איז מיטגעגאַנגען מיט אים אַ נאמן. נאָך דער בדיקה האָט דער שוחט געזאָגט צום באַלעבאָס פֿון דער בהמה, אַז ס׳איז דאָ אַ סירכה צו דער עליונה, צי אַ סירכה צו דער קרומער ריאה, צי צום גנב, און אַ טשעפּיעץ. דער נאמן האָט אַלץ פֿאַרשריבן. די סירכות זענען שפּעטער באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ ספּעציעלן טיש מיט אַ גרויסן עלעקטרישן לאָמפּ. דער קצב האָט געמוזט צולאָזן אַ שטיקל פֿלייש פֿון די ריפּן צו דער סירכה (דאָס האָט דאָס לערניינגל געלערנט ביים באַלעבאָס). ביים צולאָזן האָט מען זיך צוגעלויכטן מיט אַ ליכטל, ווייל מ׳האָט געמוזט זיין זייער פֿאָרזיכטיק, מ׳זאָל קיין שניט נישט געבן מיטן מעסער אויף דער סירכה.

אַז מ׳האָט אַרויפֿגעבראַכט דעם לונג־און־לעבער אויפֿן טיש בודק צו זיין די סירכה, האָט מען געדאַרפֿט האָבן לעבלעך וואַסער צו דערוואַרעמען דאָס פֿלייש. דער שוחט האָט מיטן נאָגל געדאַרפֿט אַראָפּנעמען די סירכה אַזוי, אַז מ׳זאָל נישט שאָדענען דער קרומער ריאה. די לונג האָט געדאַרפֿט אַרויסקומען גאַנץ. אַז דער שוחט האָט אַראָפּגענומען די סירכה, האָט ער אָנגעשפּיגן אויף דעם אָרט און דאָס יינגל האָט אָנגעבלאָזן די לונג. איז אויב ס׳האָט זיך ביים אָנ־בלאָזן באַוויזן אַ באַלאָנדל אויפֿן שפּייעכץ, איז די קו געוואָרן טריף. ווען דאָס שפּייעכץ האָט זיך נישט געבלעזלט, איז געווען גוט, כשר.

אין פּוילן איז דאָ אַ צייט פֿון פֿאַסט. אין דער צייט — זי ציט זיך דריי חדשים — עסן די פּאָליאַקן הערינג מיט אויל און זיי

פאַרזוכן נישט קיין פלייש. אַ קצב האָט פאַרמאָגט אייגן געלט אויף אַ פערטל קו. דריי חלקים האָט ער געליען. אַז ס׳איז אים טריף געוואָרן אַ קו, האָט ער געהאַט אַ גרויסן היזק. ווען דער שוחט האָט זיך געעֶסקט מיט דער סירכה, איז געשטאַנען אונטערן פענסטער דעם קצבס ווייב מיט די קינדער און מ׳האָט געוויינט און מ׳האָט געבעטן דעם שוחט, אפשר קאָן מען כשר מאַכן. וואָרעם אויב ער האָט געזאָגט — „טריף״, איז געוואָרן אַ חורבן אין שטוב. ס׳איז נישט געווען וואָס צו עסן, און מ׳האָט נאָך געדאַרפט אָפּגעבן דעם חוב. דאָס טריף־געוואָרענע פלייש האָט דער קצב נישט געהאַט וועמען צו פאַרקויפן. די פּאָליאַקן האָבן דעמאָלסט נישט געגעסן קיין פאָדערשט פלייש, נאָר הינטערשט.

אַזוי האָב איך אַריינגעזאַפּט די לערע פון שוחט און פון דער בדיקה. ווען כ׳בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך געדאַרפט קענען אַראָפּ־רייסן אַ טשעפּיעץ. אַ קו קייט נישטביים עסן. זי כאַפּט אָן דאָס עסן מיט דער צונג, רייסט עס אָפּ און שלינגט אַראָפּ. זי שלינגט דערביי אַראָפּ אַ טשוואָק, גלאָז, פאַרשיידענע מטבעות. דאָס האָט געפונען דאָס לערניינגל ווען ער האָט זיך געלערנט אַראָפּצונעמען אַ טשעפּיעץ. אַז דער טשוואָק איז געלעגן, ער איז ווייטער נישט געגאַנגען, איז געווען גוט. ווען ער איז געשטאַנען מיטן שפּיץ אַרויף, האָט ער געלעכערט דעם טשעפּיעץ. דער שוחט האָט געהאַט אַ בריטוועלע און ער פלעגט מיט דעם אַוועקשניידן דאָס געשווילעכץ. און ער האָט געהאַט אַ שטרוי הינטערן אויער. דער שטרוי איז געווען ווי אַ נאָדל. דער שוחט האָט אַריינגעשטעקט דעם שטרוי אין לעכעלע פון טשעפּיעץ, און פון דער צווייטער זייט האָט ער אַרויפגעלייגט אַ פינגער. איז אויב ס׳איז נאָך געבליבן אַ הייטעלע צווישן זיין פינגער און דעם שטרויעלע, איז די קו געווען כשר. נאָר אויב ער האָט אָנגעטאַפּט דאָס שטרויעלע מיטן פינגער, איז זי געווען טריף. אַז אַ קצב האָט אָפּגעשאָכטן פיר קי, און איינע פון זיי איז טריף געוואָרן, האָט די טריפה אויפגעגעסן די כשרה. דער שוחט איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין פּסק, גאָרנישט. אַז ס׳איז געווען אַ שאלה און דריי שוחטים האָבן זיך

געאַמפּערט אַרום איר, האָבן זיי די שאלה געבראַכט פאַרן רבֿ. דער רבֿ פון טשעכעוו איז געווען אַ קורצזיכטיקער, האָט ער ביים בודק זיין אַריינגעלייגט די אויגן אין לונג אָדער אין טשעפּיעץ אַריין. ער האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך, האָט ער געזאָגט — טריף.

אין לובלין איז געווען אַ רבֿ קליאַטשקין. זייער אַן אינטעליגענטער רבֿ! (ער איז געפאַרן קיין ארץ־ישראל שטאַרבן). הרב קליאַטשקין איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע רבנים. אַז מ׳איז געקומען צו אים מיט אַ שאלה, פלעגט ער פרעגן דעם שוחט: „וואָס האָסטו געפונען?" האָט דער שוחט אים אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט דאָס און דאָס. און די דריי שוחטים האָבן געזאָגט — דאָס און דאָס. אויב דער שוחט האָט געזאָגט, אַז די דריי שוחטים האָבן נישט געהאַט די זעלביקע דעה, האָט דער רבֿ אַריינגערופן דעם קצבֿ (ער איז געשטאַנען הינטערן טיר און ס׳האָט אים געוואָרפן הענט און פיס) און ער האָט אים געפרעגט, ווי ער הייסט, ווו ער וווינט און וויפל איז דער חילוק פון כשר פלייש ביז טריף־פלייש. דער קצבֿ האָט אים געענטפערט דרייסיק זלאָטעס, פּערציק זלאָטעס. דער רבֿ האָט אים געהייסן גיין אַהיים און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לערנען די דינים און זוכן אַן אויסוועג פאַר דער שאלה. אין דער פרי פלעגט שוין אַרויסלויפן שיעלע נאמן, דעם רבֿס רעכטע האַנט, און רופן, צום ביישפּיל, ווען ס׳איז געווען מיין קו: „שיע, קום נאָר אַהער! 25 קילאָ פלייש דאַרפסטו אַוועקגעבן אויף דער ישיבה, און די קו איז כשר. דער רבֿ מאַכט נישט טריף קיין קו. ס׳איז יידישע פּראַצע. ס׳איז אַ גרויסער היזק. האָט ער נאָכגעלערנט אַ דין און ער האָט כשר געמאַכט". האָב איך גענומען 25 קילאָ פלייש און אַריינגעטראָגן אין דער ישיבה „חכמי לובלין".

דעמלסט האָב איך זיך אויך באַקאַנט מיט הרב שפּירא. איך בין אַרומגעקראָכן אין דער ישיבה. כ׳האָב געזען ס׳גן עדן — דעם גאָרטן, כ׳האָב געזען די תלמידים. תלמידים פון דער גאַנצער וועלט: פון אורוגוואַי, פון בוענאָס־איירעס, פון אַמעריקע, פון קאַנאַדע, פון פראַנקרייך, פון פּוילן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אין גאָרטן און האָבן זיך געשפּאָרט אין לערנען. כ׳האָב דאָרט געזען די מקווה. דאָס אַלץ

איז געווען פאַרן טויט פון הרב שפּירא. הרב שפּירא איז געשטאָרבן פלוצלונג פון דיפטעריט. איז דאָס געווען אַ לוויה! באַלקאָנען האָבן זיך אָפּגעריסן. מענטשן זענען אַראָפּגעפאַלן פון באַלקאָנען. דער גענעראַל פון דער פּוילישער אַרמיי איז געווען אויף דער לוויה.

אַזוי האָב איך מיך באַקאַנט מיט דער ישיבה, מיט כשרות, מיט יידישקייט. פאַר מיר האָט דאָס אַלץ אויסגעזען ווי געטלעכקייט.

ס׳איז געווען נאָך אַ מעשה וועגן שעכטן. אין פּוילן האָט מען זונטיק נישט געטאָרט שעכטן. האָט מען געדאַרפט שעכטן שבת ביי־נאַכט. דאָס שעכטהויז איז געווען קליין. (מיט דער צייט האָט מען ס׳אַלטע שעכטהויז פאַרמאַכט און מ׳האָט אויסגעבויט אַ גרויס עקספּאָרט־אימפּאָרט־הויז). מער ווי דריי און צוואַנציק בהמות זענען אין אים נישט אַריין. אָבער ס׳איז געווען אַ האַלע, וווּ מ׳האָט געקענט אַריינטרייבן 500 בהמות. פון די 23 פלעצער האָט יעדער הורטאָווניק געכאַפּט אַ פּלאַץ. דאָס לערניינגל האָט געדאַרפט בינדן די קי און מיט אַ בריטווע, וואָס ער האָט גענומען ביים שוחט, אַרויסראַזירן די העלדזער. אַן אויסגעראַזירט האַלדז מאַכט נישט טעמפּיק דעם חלף. ביים ראַזירן האָט מען אַ מאָל צעבלוטיקט דעם האַלדז. די קו איז גע־לעגן און געקרעכצט. די פיר שוחטים פלעגן קומען מיט אַ דראָזשקע. ר׳ אהרן שוחטס בויך איז געווען גראָב. אַז ער איז אַריינגעקומען, האָט מען זיך צו אים געוואנדן: „ר׳ אהרן, די קו קרעכצט. זי ליגט שוין אַ שעה צייט״. מ׳האָט געדאַרפט אָפּשעכטן די דריי און צוואַנציק און אַריינפירן אַנדערע דריי און צוואַנציק. יעדער הורטאָווניק האָט געוואָלט שעכטן פריער, ער זאָל קענען גיכער פאַרקויפן ס׳פלייש. ס׳איז אַפילו געווען אַ באַפעל פון דירעקטאָר פון שעכטהויז נישט אַריינצולאָזן די קצבים פון די יאַטקעס, כל זמן די שחיטה איז נאָך נישט געענדיקט. אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. זיי פלעגן זיך אַריינ־גנבענען.

און געווען איז נאָך אַ וויכטיקע זאַך: אַ פעל, וואָס מ׳האָט פאַר־שניטן, האָט פאַרלוירן פון איר ווערט. גאַרבאַרניעס האָבן נישט געוואָלט קויפן קיין לובלינער פעל. זיי זענען געווען שלעכט אָפּגע־

אַרבעט, ווייל דער באַלעבאָס איז געשטאַנען און אונטערגעיאָגט דעם אַרבעטער: „שנעלער! שנעלער! מ׳דאַרף אַריינגעמען די אַנדערע קי״. ר׳ אהרן איז אַראָפּגעקומען, און ביז ער האָט געפּרוּווט דעם חלף מיטן נאָגל, ביז ער האָט ווינטער אַריינגעטאָן אַ פינגער אין האַלדז אַנצוּוואַרעמען אים און נאָך אַ מאָל פּרוּוון דעם חלף, דערנאָך געבן לייבושן פּרוּוון דעם חלף, און דערנאָך נח׳ן, און ערשט נאָך דעם איז ער אַריין, און האָט איבערגעשניטן אַ האַלדז. אַז מ׳האָט געבערענגט אַן איינפּאַכע בהמה איז געגאַנגען גלאַטיק. אָבער אַז מ׳האָט געבערענגט אַן אָקס מיט אַ גראָבן קאַרק, האָבן אים צוועלף מענטשן געדאַרפט האַלטן. דער שוחט האָט באַדאַרפט דריי מאָל אַדורכגיין מיטן חלף איבער זיין האַלדז הין און צוריק, שנעל, אַ נישט, איז דער אָקס געוואָרן טריף. ס׳זענען געווען פאַלן, ווען דער אָקס האָט איבערגעריסן די שטריק און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געטראָפן אַ מענטש און האָט אים דערהרגעט. איז מען אַרויסגעשפּרונגען אויף די טישן. דעם שוחט איז נישט אָנגעגאַנגען די פיין פון קצב. אים האָט גאָרנישט געאַרט. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין פרינציפּ אויף אַ האָר. אַ סירכהלע, וואָס האָט נישט געטויגט, האָט ער געגעבן אַ קניפּ אָפּ און געזאָגט — טריף. אָבער געווײנלעך האָט דער שוחט געהאָט אַרבעט: ער פלעגט זיך אָוועקשטעלן אַראָפּנעמען אַ סירכה — דאָס יינגל האָט געהאַלטן דעם גאָרגל און געבלאָזן — פלעגט ער אָפּשטיין אַ שעה און אַנדערטהאַלבן, צוויי. מ׳האָט געגאָסן לעבעלעך וואַסער. דער באַלעבאָס האָט געקניפּן דעם יינגל ער זאָל נישט בלאָזן שטאַרק, ווייל פון שטאַרק בלאָזן קען זיך געבן אַ טשעפּ אָפּ דאָס לינגל און דאָס שפּייעכץ ווערט בלעזלען. האָט ער געמוזט בלאָזן אַזוי, אַז דער שוחט זאָל קענען נעמען. דער שוחט האָט זיך אָוועקגעלייגט מיט די הענט אויף דער לונג און האָט פאַרזיכטיק געאַרבעט אַרום דער סירכה.

דער בעסטער שוחט ביי אונדז איז געווען נח ראָזנבערג. אין לערנען איז ער נישט געווען אַזאַ גאון, נאָר אין פאַך איז ער געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט. מ׳האָט זיך געשפּיגלט אין אים. ער פלעגט מאַכן אַזוי, אַז כמעט 90% בהמות זאָלן דורכגיין זיין האַנט, און ער

פלעגט אַזוי אויסאַרבעטן אַ סירכה אָדער אַ טשעפּיעץ, אַז ס'איז געוואָרן כשר. דערנאָך איז מיט דעם שוחט געווען אַזאַ מעשה: שחיטה איז אַ חזקה. מ'האָט דאָס געקאָנט איבערגעבן אַ זון אָדער אַן איידעם. קיין פרעמדן האָט מען נישט אַריינגעלאָזט. געווען ביי אונדז אין לובלין צייטן, ווען די קהילה האָט געקעמפט מיט די שוחטים, און זי האָט איבערגענומען די שחיטה. אַוודאי האָבן די שוחטים געאַרבעט שוואַ־כער. מיר האָבן דעמאָלט געצאָלט זיבן זלאָטעס פון שטיק. פאַר טרפות האָבן מיר נישט געצאָלט. אָבער די קהילה האָט אַוועקגעזעצט אַ ייד, און אַז מ'האָט נישט איינגעצאָלט, איז מען נישט געגאַנגען שעכטן. דער שוחט איז נישט געווען צופרידן: מ'האָט אים אַוועקגענומען די מאַכט פון דער האַנט. זיין ווייב האָט געדאַרפט גיין נאָך פענסיע צו דער קהילה. האָבן די שוחטים נישט אַזוי גוט געאַרבעט. אין שטאָט האָט זיך אָפּגעטאָן חושך. די קצבים האָבן געלעבט גוט מיט די שוחטים. מ'האָט דאָך באַדאַרפט גוט לעבן...

איז געווען אין לובלין אַ רעפּאָרטער יאַנקעלע ניסנבוים. ער האָט געשריבן אין „לובלינער טאָגבלאַט". איך האָב אים באַקענט. פריער האָט ער געהאַנדלט מיט חלב. דערפאַר האָב איך אים געקענט. טרעפט ער מיך אַ מאָל און פרעגט מיך: „וואָס הערט זיך ביי אייך אין שעכט־הויז מיט דער קהילה"? זאָג איך: „וואָס זאָל זיך הערן? זיי מאַכן אונדז דעם טויט. די שוחטים אַרבעטן אָן חשק. פריער האָבן זיי געאַרבעט בעסער. ביי דער בדיקה, ביי אַלצדינג". כ'האָב נישט געוווּסט, אַז איך רייד צו אַ רעפּאָרטער, כ'האָב געמיינט, אַז איך רייד צו אַ חברה־מאַן. צו מאָרגנס איז געווען אַ גאַנצער אַרטיקל אין „טאָגבלאַט" מיט אַלץ וואָס כ'האָב געזאָגט. ער האָט נאָך צוגעגעבן טאָפּלט. ער האָט אָנגעגעבן אַז ער האָט גערעדט מיט מיר. איך קום אין שעכטהויז אַריין, קומט צו מיר דער פאָרשטייער פון די שוחטים לייבוש און זאָגט: „דו?! דו ביסט אַ גאַנצער חכם? דו ביסט געגאַנגען אונדז באַשמוצן? דו ביסט געגאַנגען אונדז אָנטאָן צרות?! אַז מיר אַרבעטן נישט וויליק?" אוי, אַ בראָך!... בין איך געלאָפן צו יאַנקלען: „וואָס האָסטו מיר אָנגעמאַכט? איך האָב דיר דערציילט פּריוואַט!" זאָגט

ער: „איך בין אַ רעפּאָרטער. וועל איך מאָרגן שרייבן אַנדערש", האָט ער נאָך געלאַכט פון מיר. כ'האָב געהאַט יענע צרות. קוים, קוים האָב איך געפּועלט ביי לייבושן, אַז איך בין גאָרנישט אויסן געווען, אַז כ'בין גאָט די נשמה שולדיק.

מיר דער צייט האָבן די שוחטים איבערגענומען צוריק די שחיטה, און מ'האָט זיך איינגעלעבט. איבער דער צייט איז געקומען אַ ייד, אַן איידעם, אַ שוחט. ער איז געווען אַ טאַטע פון קינדער. נאָר מ'האָט אים נישט געוואָלט אַריינעמען אין דער סביבה. האָט ער אָנגעהויבן שעכטן אין די קאַמערן געשמוגלטע קעלבער. דער פּרעזידענט פון מאַגיסטראַט איז געווען אַ לעגיאָנער. האָט ער געזוכט אויסצוראָטן דעם שמוגל פון קעלבער, ווייל דער מאַגיסטראַט האָט איבער דעם געהאַט היזק. דעם שוחטס אַ מיידעלע, זיין עלטסטע טאָכטער, איז מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן שעכטן אין די קאַמערן. אין יענע יאָרן איז שוין געווען דאָס נייע שעכטהויז, און דער מאַגיסטראַט האָט גענומען פאַר שעכטן אַ בהמה צוואַנציק זלאָטעס. ס'איז געווען אַ סך געלט.

האָט דער פּרעזידענט פאַררופן דעם שוחט און ער האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער שעכט אין די קאַמערן. האָט אים דער שוחט געענטפערט: „זיי מאַכן מיר דעם טויט. כ'האָב נישט קיין פּרנסה. די שוחטים נעמען מיך נישט אַריין (דאָס מיידעלע איז מיטגעגאַנגען און האָט גערעדט פאַרן טאַטן). האָט מען גערופן דעם נח שוחט און מ'האָט אים איינגערעדט, אַז ער איז קראַנק אויף די לונגען און מ'האָט אים געשיקט קיין וואַרשע אויף אונטערזוכונג (דער ייד איז געווען געזונט!). פאַרוואָס? ביי דער בדיקה שפּייט ער דאָך אָן אויף דער לונג. און אַזוי ווי ער האָט פאַרדעכטיקטע לונגען, שטעקט ער דאָך אָן מענטשן מיט טובערקולאָז. מיט דער קראַפט פונעם מיידעלעס מסירות, האָט מען צוגענומען ביי נח'ן דאָס רעכט אַריינצוגיין אין שעכטהויז, און אים, דעם נייעם שוחט, האָט מען אַריינגעזעצט אויף זיין אָרט. האָבן מיר, אַלע קצבים, געשטרייקט. מ'האָט נישט געשאָכטן. דער נח איז געווען דער בעסטער שוחט. מ'האָט אונדז צוגענומען די רעכטע האַנט. ער איז געווען אַ פאַכמאַן. ער האָט געקאָנט. ער האָט אויסגע־

שניטן אַ טשעפּיעץ ווונדערבאַר! אַז ער האָט אַראָפּגענומען אַ סירכה, איז דאָס געווען געמאַכט מענטשלעך, ווייל די אַנדערע שוחטים האָבן געהאַט גראָבע פינגער, האָבן זיי געגעבן אַ ריס, איז געוואָרן אַ לאָך. איין שוחט איז געווען קורצזיכטיק, האָט ער טריף געמאַכט. דער קצבישער צער, וואָס ער פאַרמאָגט נישט אויף אַ קו, איז זיי נישט אָנגעגאַנגען. נח איז געווען אַ ייד, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין לעבן פון קצב.

ווען הרב קליאטשקין איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט זיך געגרינדעט אין לובלין אַ ראַבינאָט פון פינף רבנים. דער ראַבינאַט האָט זיך אָנגענומען פאַר נח׳ן און מ׳האָט אים, קוים מיט צרות, אַריינגעזעצט אין שעכטהויז פאַר עופות. דאָס שעכטהויז איז געווען אין אַ באַזונדערן בנין. אַ שוחט, וואָס האָט געשאָכטן עופות, האָט נישט געטאָרט שעכטן בהמות, אָבער אַ שוחט, וואָס האָט געשאָכטן בהמות האָט געמעגט שעכטן אויך עופות, ווייל עופות דאַרף מען נישט בדקענען. כדי צו ווערן אַ שוחט פון בהמות, האָט מען געדאַרפט פריער לערנען, דערנאָך איז מען געקומען אין שעכטהויז אויף פּראַקטיק אויף אַ יאָר צייט. און ווען ער האָט ס׳ערשטע יאָר געשאָכטן, איז זיין שווער, אָדער זיין טאַטע, געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קצב. אויב ער האָט נישט דערשניטן, האָבן זיי געמוזט באַצאָלן דעם היזק. נאָכן גאָרגל גייט דער וושט. איז דער וושט געווען איבערגעשניטן אין גאַנצן, איז די שחיטה געווען אַ כשרה, און אויב נישט אין גאַנצן, איז די קו טריף געוואָרן. די פּראַקטיק איז געווען אין בדיקה, אין אַראָפּנעמען אַ סירכה, אין אויפשניידן אַ טשעפּיעץ. דאָס איז געווען אַ גרויס פאַך.

געליטן האָבן פון דעם די לובלינער קצבים. אַ מאָל זענען געקומען קיין לובלין וואַרשעווער שוחטים. געבראַכט האָבן זיי וואַרשעווער פליייש־סוחרים, ווייל זיי איז ביליקער געווען פירן קיין וואַרשע דאָס פליייש איידער לעבעדיקע בהמות. האָבן די וואַרשעווער שוחטים געלאַכט פון די לובלינער, וואָס זיי ראַזירן די העלדזער פון די בהמות.

אין יאָר 1937 איז געקומען פריסטאַראָווע און געזאָגט, אַז יידישע

שחיטה מוטשעט די בהמות. ס'איז אַ צער בעלי חיים. די קו בינט מען און אַ געבונדענע דאַרף זי דאָס לערניינגל אַ שטופּ טאָן מיטן אַקסל. פאַלט זי, און טייל מאָל צעברעכט זי ביים פאַלן די ריפּן. קודם, האָט זי געזאָגט, דאַרף מען אונטערלייגן דער בהמה אַ קישן. אין 1937 האָט מען אויסגעפונען אַ רעוואָלווער, וואָס אַז מ'האָט אים נאָר צוגעלייגט צו דער בהמהס קאָפּ, איז זי באַלד געפאַלן אַ טויטע. מ'האָט נישט געהערט קיין שאָס. מ'האָט גאָרנישט געהערט.

אויף כשר האָט מען געמעגט שעכטן נאָר לויט דער צאָל יידן אין שטאָט בתנאי, אַז דאָס הינטערשטע פליישׁ זאָל געטרייבערט ווערן. אַ קו האָט דרייצן ריפּן. צוועלף ריפּן זענען געווען כשר, די דרייצעטע האָט געהערט צום הינטערשטן פערטל. אַז מ'האָט אונטערגעשניטן דעם פאָדערשטן טייל, און מ'האָט צוגעלאָזט אַ פּיצעלע פליישׁ פון הינ־טערשטן טייל צום פאָדערשטן, איז געקומען דער טרעבאַטש (מנקר) אין יאַטקע אַריין און האָט עס אַוועקגעוואָרפן.

די פּריסטאַראָווע האָט באַפוילן, אַז ביים שעכטן אויף כשר, דאַרף מען אָנבינדן די קו קורץ, אָנטאָן איר אַ שלייע אַזוי ווי אַ פערד. די שלייע האָט געהאַט קישנס פון ביידע זייטן. אַז מ'האָט צוגעצויגן דעם הינטערשטן פוס, איז די קו געפאַלן אויף אַ קישן און איז געלעגן, ביז דער שוחט איז געקומען און אָפּגעשאָכטן.

ס'איז געווען אַ מעכאַנישע שחיטה און אַ ריטועלע שחיטה. ביי אַ מעכאַנישער שחיטה האָט מען נישט געשאָכטן, נאָר געשאָסן מיט אַ רעוואָלווער. לויטן יידישן דין דאַרף די קו אויסבלוטן. אַז מען שניידט איר איבער דעם האַלדז מיט אַלע אָדערן, וואַרפט זי זיך אַזוי לאַנג, ביז ס'גייט פון איר אַרויס דאָס לעצטע טראָפּן בלוט. אַז מ'האָט די קו געשאָסן, איז איבערגעבליבן דאָס גאַנצע בלוט אינעווייניק. ביים עפענען דעם בויך פלעגן אַרויספאַלן גאַנצע שטיקער בלוט, אפשר פופציק קילאָ. אַז מ'האָט אויפגעשניטן די ברוסט כדי אַרויסצונעמען די לונג, איז אַרויסגעפאַלן אַ שטיק פאַרגליווערט בלוט, אַ פולער וואָגן בלוט. אַז מ'האָט געשאָכטן אַ שוואַכע בהמה, אַ קראַנקע, האָט דער שוחט

געקוקט צי זי וואַרפֿט מיט די פּיס נאָך דער שחיטה. אויב זי האָט נישט געוואָרפֿן מיט די פּיס, איז זי געווען טריף.

ווען מ׳האָט געבּרענגט אַ קו מיט אַ צעבּראָכענעם הינטערשטן פֿוס, איז אויב דער בּראָך איז געווען העכער פֿון קני, איז די בהמה געגאַנגען אויף טרפֿות.

און ס׳איז געווען אַ מעשה פֿון גלאַט־כּשר און נישט גלאַט־כּשר. גלאַט־כּשר פֿלייש איז געווען אין דעם פֿאַל, ווען אין דער געשאָכטענער בהמה האָט מען נישט געפֿונען קיין שום חסרון, וואָס מ׳האָט געדאַרפֿט בּודק זיין. אַזוי פֿלעגט געוויינלעך זיין ביי יונגע בהמות, וואָס האָבּן זיך נאָך נישט געקעלבּט. ס׳זענען געווען קצבים, וואָס האָבּן פֿאַרקויפֿט נאָר אַזאַ פֿלייש. טאָמער איז אין שעכטהויז אַזאַ פֿלייש נישט געווען, האָט דער קצב נישט געעפֿנט זיין יאַטקע. נישט גלאַט־כּשר פֿלייש האָט געהייסן פֿלייש פֿון בהמות, וואָס האָבּן געהאַט אַ סירכה אָדער אַ טשעפּיעץ.

וואָס איז אַ סירכה? ווען אַ שפּיץ לונג איז צוגעוואַקסן צו אַ צווייטן שפּיץ לונג אָדער צו דער בּרוסט. ווי שוין געזאָגט אַ טשעפּיעץ ווערט פֿון דעם, וואָס אַ בהמה קייט נישט ביים עסן, נאָר זי נעמט אַריין דאָס עסן אין מויל מיט דער צונג און שלינגט עס אַראָפּ. שפּעטער, ווען זי עסט זיך אָן, לייגט זי זיך אַוועק און צעקייט דאָס עסן, זי איז מעלה גירה. אין פּוילן האָט לעבן יעדן הויז געמוזט שטיין אַ מיסט־קאַסטן, ווו די שכנים פֿון הויז האָבּן אַריינגעוואָרפֿן דאָס מיסט. ביים אויפֿראַמען די שטוב, האָט מען אויסגעקערט אַ טשוואָק, אַ נאָדל, אַ פֿינגערהוט, וואָס זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער פּאָדלאָגע, און מ׳פֿלעגט דאָס אַריינשיטן אין מיסטקאַסטן. פֿויערים פֿלעגן דאָס מיסט אַרויספֿירן צו זיך אויף די פֿעלדער און פֿאַראַקערן. ווען די בהמה האָט זיך געפּאַשעט, האָט זי דאָס אַריינגעשלונגען צוזאַמען מיטן גראָז. דער פֿליאַק האָט אַ טשעפּיעץ, דער טשעפּיעץ איז פֿאַרבּונדן מיטן רויט־פֿלייש, ס׳רויטפֿלייש איז ביי דער לונג. אַז די בהמה האָט אַראָפּגעשלונגען אַ טשוואָק און ער איז געבּליבּן ליגן, ער איז נישט געגאַנגען ווייטער, האָט ער נישט געשאַדט. אָבער ווען דער טשוואָק איז געבּליבּן

שטיין מיטן שפּיץ אַרויף, איז דער טשעפּיעץ צוגעכאַפּט געוואָרן צום רויטפּלייש. ס'ערשטע האָט דער שוחט באַקוקט דאָס רויטפּלייש, ער האָט געזוכט דעם טשעפּיעץ. איז דער טשעפּיעץ געווען אין גאַנצן גלאַט, האָט דער שוחט געמאַכט צוויי לעכער אין רויטפּלייש, ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין רעכטן לונג, אין לינקן לונג, און געזוכט. אַז אַ קו האָט זיך פּאַרקילט, האָט זיך דער טשעפּיעץ צוגעכאַפּט צו די ריפּן און ס'איז געוואָרן אַ סירכה. האָט דער שוחט געזאָגט צום קצב: „ווען דו וועסט אויפהאַקן די ברוסט, זאָלסטו זיין פּאַרזיכטיק, ווייל דו האָסט אַ סירכה צו דער עליונה (ביי אויבערשטן טייל לונג), זאָלסטו צולאָזן אַ שטיקל פלייש צו דעם שפּיץ לונג. מ'וועט דאָס דאַרפן בודק זיין". אויפן גלאַט־פלייש האָט דער נאמן געשטעלט דריי חתימות. האָט דאָס פלייש געמעגט עסן דער רב, דער רבי. פלייש מיט צוויי חתימות האָבן געגעסן סתם פרומע יידן. פלייש, וואָס האָט געהאַט אויף זיך נאָר איין חתימה, האָבן געגעסן די איבעריקע יידן. אַ ייד, וואָס האָט געגעסן נאָר גלאַט־כשר פלייש, האָט נישט פאַרזוכט קיין סתם כשר פלייש. ביי אים איז אַזאַ פלייש געגליכן געווען צו טרפות.

און נאָך אַ צרה איז געווען: אויף לאַנקעס פליען אַרום זומער־פייגעלעך, די קי פלעגן זיי איינשלינגען צוזאַמען מיט דער פּאַשע. אַזאַ זומערפייגעלע האָט געלעבט אינעווייניק אין מאָגן. אויפן שאָכ־טערישן לשון האָט דאָס געהייסן אַ מאָטעליצע. אַז מ'האָט אַנגעבלאָזן די לונג, האָט דאָס דער שוחט גלייך דערזען. ווען דער שוחט האָט אַרויסגענומען די מאָטעליצע און מ'האָט געזען אַז זי לעבט, איז די בהמה געוואָרן טריף. אַ מאָטעליצע לעבט לאַנג און זי לעכערט דורך די לונג און גייט אַריין אין לעבער. 90% לעבערס אין פּוילן האָבן נישט געטויגט, ווייל די מאָטעליצע האָט אַריינגעברענגט אין זיי פּאַר־שיידענע מכות. אַז דער וועטערינאַר האָט דאָס דערזען אין אַ לעבער, האָט ער אַזוי לאַנג געשניטן, ביז ס'איז פון אים געבליבן אַ הייטעלע. אין ישראל און אין אַמעריקע גיט מען אַריין אין דער קו אַ מאַגנעט. דער מאַגנעט כאַפּט אַלע טשוועקעס. אַז מ'שעכט אָפּ אַ קו אין ישראל, האָט זי אַלע אייזנס אין איין קופּע אַרום דעם מאַגנעט. דעם מאַגנעט

גיט מען אַריין אין דער קו לעבעדיקערהייט. דערפֿאַר זענען אין אַמעריקע 99% לעבערס גוטע. אין לובלין זענען 90% געווען שלעכטע, צוליב די מאַטעליצעס, וואָס האָבן אָפּגעקלאָגט די לעבערס. אַלע לעבערס זענען געווען מכה׳וואטע.

ווען די פּריסטאַראַווע האָט דורכגעפֿירט אין סיים די שחיטה־גזירה, האָט מען געוויגן יעדע בהמה, יעדן קאַלב, יעדן חזיר לעבעדי־קערהייט. ווען ס׳איז טריף געוואָרן אַ קו, איז געווען אַ גרויסע צרה. אַ גויִשע יאַטקע האָט נישט געטאָרט אַריינגעמען פֿלייש, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן אויף כשר, ריטועל. די חתימה „כשר" האָט פֿאַר־שמירט דאָס פֿלייש פֿון אויבן ביז אַראָפּ. פֿלייש פֿון נישט קיין ריטועלער שחיטה האָט געהאַט אַ קליין שטעמפּעלע. וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? אַ ייִד, וואָס האָט פֿאַרקויפֿט כשר פֿלייש, האָט נישט געטאָרט פֿאַרקויפֿן קיין טרפֿות. ווען מ׳האָט געכאַפּט ביי אַ גויִשן קצב אַ ריטועל שטיקל פֿלייש, האָט מען אים פֿאַרמאַכט די יאַטקע. פֿלעגט מען שניידן שטיקער פֿלייש און אַריינגנבֿענען אין אַ קריסטלעכע יאַטקע אַריין, גויעס פֿלעגן דאָס נעמען אונטערן קלייד פֿאַר האַלב געלט.

וואָס נאָך האָבן ייִדן געטאָן? מ׳האָט אונטערגעקויפֿט דעם וואָג־מייסטער ער זאָל פֿאַרשרייבן ווייניקער וואָג. אַ בהמה, וואָס האָט געוויגן 600 קילאָ, האָט מען פֿאַרשריבן 400 קילאָ, 380 קילאָ. אַ קאַלב פֿון 120 קילאָ האָט מען פֿאַרשריבן 40 קילאָ. דער דירעקטאָר פֿון אונדזער שעכטהויז איז געווען אַ לעגיאָנער. זייער אַ האַרבער. ביי אונדז אין שעכטהויז האָט מען געקאָנט אַרומגיין אין ווייסע שיך, פֿאַר אַריינגיין אָן אַ פֿאַרטעך האָט מען באַצאָלט צען זלאָטעס שטראָף. פֿאַר אַוועקוואַרפֿן אַן אויסגערויכערטן פּאַפּיראָס — צען זלאָטעס, פֿאַר אויסשפּייען אויף דער פּאָדלאָגע — צוואָנציק זלאָטעס שטראָף. דער דירעקטאָר האָט אַזוי לאַנג געשמעקט, ביז ער האָט אויסגעפֿונען די צוויי גרעסטע קצבים, וואָס מאַכן קונצן ביי דער וואָג. האָט ער זיך פֿאַרשטענדיקט מיטן פּרעזידענט פֿון מאַגיסטראַט און מיטן סטאַראָסטע, און מ׳האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע פֿאַר אָפּנאַרן די רעגירונג, פֿאַר וועלן אַריינגנבֿענען מער כשר פֿלייש. מ׳האָט אַוועק־

געשיקט דעם רייכסטן קצב שלמה בידערמאַן און שלום־מאָטל גאָלד־בערג. זיי האָבן זיך אומגעקערט פון דאָרטן טויטע, צעבראָכענע מענטשן. דערצו איז די פּוילישע באַפּעלקערונג געווען אַגיטירט, אַז אַ ייד, וואָס איז געקומען פון קאַרטוז־בערעזע, איז אַ בירגער פון דריטן קלאַס. דער שלמה בידערמאַן, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער שחיטה אין לובלין, איר קאָפּ, מיט אים האָבן זיך פּאָליאַקן געשעמט צו ריידן. מ׳האָט אים אויך צוגענומען דאָס רעכט אַריינצו־קומען אין שעכטהויז.

דעם נח שוחט, וואָס כ׳האָב שוין דערציילט פון אים, אַ ייד מיט קינדער, מיט איידעמס, מיט שנורן, מיט אייניקלעך, האָט מען כמעט ווי דערהרגעט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ס׳טוט זיך מיט אים. אַז מ׳האָט צו אים גערעדט, איז ער געווען אַזוי ווי אַ דערשרויפענער ייד.

אַלס יינגל האָב איך איינגעזאַפּט אין זיך דאָס יידישקייט פון שטעטל. ביי אונדז זענען געווען פאַרשיידענע חברות: חברה גמילות חסדים, חברה הכנסת־כלה און חברה חיי־עזר. דער פּראָסטער עולם האָט געהערט צו חברה חיי־עזר. מיר פלעגן זיך פורים פאַרשטעלן אין מאַסקעס, רייטן אויף פערד און צונויפנעמען געלט פאַר יידן. דאָס געלט האָבן מיר געהאַלטן פאַר אָרעמע לייט אויף פּסח. מיר האָבן זיי געגעבן פלייש, ליכט, ציבעלעס, וויין. מיט דעם בין איך געוואַקסן. דערנאָך, אַז איך בין געוואָרן אַ ייד, וואָס האָט געבערענגט פלייש פאַרן מיליטער פון דער פּראָווינץ (דאָרט האָט געקאָסט ביליקער דאָס שעכטן), פלעגט זיך צו מיר ווענדן די חברה חיי־עזר, כ׳זאָל זיי צוהעלפן מיט וואָס איך קאָן. פלעג איך באַשטעלן אַ ייד פון אַ קליין שטעטל. ער זאָל מיר אָפּשעכטן אַ קו אויף כשר. כ׳פלעג נעמען די צוויי זייטן פלייש און אויסהאַקן פון זיי פּעקלעך האַלבקילאָ׳קע, קילאָ׳קע און אַנדערטהאַלבן קילאָ׳קע. דאָס פלעג איך ברענגען אין פאַליש פון אונדזער שול. דער, וואָס האָט זיך נישט געשעמט, איז געקומען נעמען. אַ ייד, וואָס האָט זיך געשעמט, האָט מען אים אַהיים געשיקט דאָס פלייש. דאָס האָב איך געגעבן, ס׳איבעריקע האָט געגעבן חברה חיי־עזר. אויף יעדער חתונה, אויף יעדן ברית פלעגן יידן קומען

בעטן געלט פאַר זייערע חברות. חברה הכנסת־כלה האָט געזאַמלט געלט פאַר אָרעמע מיידלעך. מ׳האָט זיי געהאָלפן מיט נדן און מיט צוגרייטן די חתונה. די גמילות־חסד קאַסע האָט זיך אינטערעסירט מיט יידן, מיט בעלי מלאכות, וואָס נייטיקן זיך אין אַ גמילות־חסד. דאָס איז געווען אין טשעכעוו. לובלין האָט געהאַט אַ גרעסערע גמילות־חסד קאַסע. לובלין פלעגט צושיקן צו אַזאַ ייד ווי איך, כ׳זאָל זיך באַשטייערן פאַר דער גמילות־חסד קאַסע. דאָרט פלעגט מען געבן אַ הלוואה פון הונדערט זלאָטעס. איך אַליין האָב אַ מאָל זשירירט פאַר אַ יידן, וואָס האָט נישט באַצאָלט זיינע ראַטעס. איז, כאָטש כ׳בין געווען אַ יחסן, האָב איך באַצאָלט דעם חוב מיט פּראָצענט.

הכנסת־אורחים האָט געזאָרגט, מ׳זאָל נעמען אורחים אויף שבת. ס׳זענען געווען יידן וואָס פלעגן אַהיים נעמען 6—8 אורחים. ס׳זענען געווען אַזעלכע יידן אויך. די אורחים פלעגן קומען אין שול אַריין. ס׳זענען געווען „פאַרשטעלטע” יידן, וואָס מ׳האָט געדאַרפט העלפן. איז געווען אַ שמש אין שול, אָדער אַ גבאי, וואָס האָבן שוין געוווּסט, האָבן זיי אַ ווונק געטאָן ווו מ׳דאַרף, און מ׳פלעגט זיי נעמען אויף שבת. אין טשעכעוו האָבן אַלע געקאָנט איינע די אַנדערע, איך האָב געקאָנט יעדן מענטש, און יעדער מענטש האָט מיך געקאָנט. מ׳האָט זיך נישט גערופן ביי דער פאַמיליע, נאָר ביים נאָמען, ביים זיידנס נאָמען, ביי דעם נאָמען פון עלטער־זיידן.

ס׳איז געווען ביי אונדז אַ ייד יצחק ראָזנבערג, האָט ער חתונה געהאַט מיט גיטעלע שעוועס, אַ גבירישע טאָכטער. דער יצחק איז געווען אַ גאון. אַלע שבת האָט ער נאָכן עסן געלערנט מיט יידן אין שול. די גיטעלע און מיין ערשטער פרויס אַ מומע, ביילע די בעקעריןֿ, פלעגן פרייטיק פאַרנאַכט איבערלאָזן אַלצדינג און פלעגן אַרומלויפן איבער יידישע הייזער. זיי האָבן שוין געוווּסט, ווו מ׳דאַרף גיין און אַריינטראָגן חלה אויף שבת. ערשט פאַר ליכט־צינדן האָט מען זיי געזען איילן אַהיים. חוץ דעם האָבן זיי זיך אינטערעסירט מיטן יידישן שפּיטאָל און זיי פלעגן אַרומגיין צו די קראַנקע. מ׳האָט זיי גערופן — די גבאיטעס. גיטעלע שעוועס האָט געהאַט אַ געשעפט לעבן סאַסקע

גאָרטן. זי איז געשטאַנען אין געשעפט און איר מאַן, יצחק ראָזנבערג, האָט דאָס רוב געלערנט. דאָס איז געווען איינע פון די יחוסדיקסטע משפחות.

וועלוועלע גווערעץ איז געווען דער גרעסטער גביר אין שטעטל. ער האָט זיך נישט משדך געווען מיט אַ ליאַדע וועמען. ער האָט געזוכט יחסנים שביחסנים. אַז ער האָט שוין געמומען פאַר זיין טאָכטער יצחק ראָזנבערגן פאַר אַן איידעם, האָט ער שוין געמוזט זיין אַ גאון. ווייל ער האָט געגעבן געלט! ער האָט געהאַט עטלעכע הייזער. ער האָט געהאַט הייזער אין לובלין און הייזער אין טשעכעוו. חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ הויז לעבן „זעלנער־הויז", קעגן סאסקע גאָרטן. דאָס איז געווען דער טייערסטער פלאַץ אין לובלין. דאָרט האָבן גיטעלע מיט יצחקן געהאַט אַ געשעפט. פון דאָרט זענען זיי געקומען קיין טשעכעוו. שבת אין דער פרי פלעגט גיטעלע לויפן אין שול דאַוונען. אין טשעכעוו זענען געווען מער אָרעמע לייט ווי גבירים. ס'זענען אָבער געווען אויך גבירים, און גרויסע גבירים. ס'איז געווען אַ פעלדשער, וואָס האָט געהיילט גוים. ער האָט געהאַט אַ ראַזורע, און ער האָט אַרויסגעריסן קראַנקע ציין ביי די גויים. ס'איז געווען ברוך ווייסבראַד, וואָס איז נאָך דער ערשטער וועלטקריג געוואָרן אַ גביר. שמחה דוד ראַכמאַן און משה אַלטמאַן זענען געווען רייך. די גיטעלע איז געווען אַ טאָפּעלע יחסנטע: אַ יחסנטע פון מאַן און אַ טאָכטער פון אַ טאַטן אַ גביר. און אַליין אַ צדקת, אַ גוט האַרץ, וואָס האָט אַוועקגעגעבן איר ביסן פון מויל.

די גווערעצעס זענען געווען אין לובלין די גרעסטע גבירים. ער האָט אפשר געהאַט צען קינדער. און ביילע די בעקערין איז געווען אַן אָרעמע. זי האָט קוים פאַרמאָגט אויף אָפּצובאַקן אַ געבעק ברויט. אָבער איר קאָפּ האָט געדאַרט פאַר די אָרעמע משפחות. ס'זענען געווען נאָך מענטשן, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר געפאַלענע, אָבער קיינער האָט אַזוי פיל נישט געטאָן ווי די צוויי. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די אָרעמע, מיט קראַנקע און מיטן שפּיטאָל. די אַלע חברות, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון די נויטבאַדערפטיקע, האָבן געאַרבעט

ביז דער ליקווידאַציע, ביז מ׳האָט דאָס שטעטל חרוב געמאַכט.
ווען פוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, האָט מען אַ סך געבויט. דאָס שטעטל האָט מען צעוואָרפן אויף גאַסן מ׳האָט דאָרט אויפגעשטעלט רעגירונגס־אַמטן און טשעכעוו איז געוואָרן אַ טייל פון לובלין גופא. אָבער דער נאָמען טשעכעוו איז פאַרבליבן.
ס׳איז געווען אויך אַ קליין־טשעכעוו. מיט דער צייט האָט מען דאָרט געמאַכט די פּליאַזשע. אין קליין־טשעכעוו זענען געווען רייכע יידן. חיים קאָכמאַן האָט געהאַט אַ ציגעלניע. ער האָט חתונה געמאַכט די טעכטער מיט רייכע בחורים. איינער פון זיינע איידעמס איז געווען עזריאל מיטלמאַן. זיי האָבן געאַרבעט אין דער ציגעלניע. אין פוילן האָט מען אויסגעאַרבעט ציגל און צעגטראַוועקעס. דער עזריאל מיטלמאַן האָט געהאַט אַ וואַסערמיל און צו אים האָט געהערט דאָס וואַסער. איז געקומען די שטאָט־פאַרוואַלטונג און געזאָגט, אַז זי וויל דאָרט מאַכן אַ פּליאַזשע, ווייל דאָס איז געווען דאָס בעסטע אָרט אין לובלין. האָט מען געצוווּנגען דעם מיטלמאַנען, ער זאָל פאַרקויפן דאָס וואַסער דער שטאָט. דערנאָך האָט ער פאַרקויפט אויך די מיל. די פּליאַזשע האָט זיך געגרענעצט מיט שמואל אייכנבוימס אַ פּאָלוואַרק. שמואל אייכנבוים איז געווען פון די גרויסע גבירים פון דער גאַרבער־בראַנזשע. דעם פּאָלוואַרק האָט די שטאָט שפּעטער פאַרצעלירט, אָבער די ציגעלניע איז פאַרבליבן ביז היטלערס קומען קיין פוילן, ביז ס׳איז געקומען אַ סוף אויף קליין־טשעכעוו און אויף גרויס טשעכעוו.

# דריטער קאַפּיטל

לאָמיר גיין צוריק צו די זכרונות פון דער ערשטער מלחמה 1914—1918. מיינע ברידער זענען אָוועקגעגאַנגען אויף דער מלחמה צום סאַן, צו דער ווייסל, וווּ ס׳איז געווען די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און עסטרייך. אין אַ צייט אַרום איז געקומען אויפן פּראַנט דעם קיסרס פּעטער און געזאָגט, אַז „די יידן דאַרף מען נעמען פאַר דער מאָרדע״ און מ׳דאַרף זיי אַוועקנעמען פון דער פלייש־בראַנזשע און שיקן אויפן פּראָנט. מיין ברודער איז געשטאַנען ערגעץ נישט ווייט פון אונדז. איז ער געקומען און געזאָגט, אַז בכן מ׳גייט אים אַוועקשיקן אויפן פּראָנט, און ער האָט אָנגעהויבן צו וויינען. וואָס טוט מען? איך בין געווען אַ קליין יינגל, אָבער כ׳האָב זיך געקאָנט מיט אַלע שקצים פון דער גאַס, פון שטאָט, כ׳האָב זיך געקאָנט מיט דער אונטערוועלט. בין איך צוגעגאַנגען צו אַ שגץ און כ׳האָב אים געזאָגט: „זע נאָר, מיין ברודער איז געקומען און זאָגט, אַז ער האָט מורא אַז אַלס ייד וועט מען אים אַוועקשיקן אויפן פּראָנט״. זאָגט ער, דער שגץ: „אַז דו וועסט מיר באַצאָלן, וועל איך אים מאַכן אַ פעלער, אַ חסרון און ער וועט נישט דאַרפן גיין אויפן פּראָנט״. (מיין ברודער האָט גערעדט נישט קלאָר, ער האָט אַ ביסל געשטאַמלט, געיענקעט). קורץ, דער שגץ האָט גענומען אַ נאָדל און ער האָט אים אַריינגעשפּריצט השתנה (פּישעכץ) אין דער לינקער האַנט אַריין און האָט געזאָגט: „פאַר אויפן פּראָנט און זאָלסט זאָגן, אַז אַ פערד האָט דיר אַ קאָפּע געטאָן״. מיין ברודער איז אַוועקגעפאָרן אויפן פּראָנט. די האַנט איז אים געשוואָלן געוואָרן. איז ער אַריין אין סאַניטאַר־אָפּטיילונג און געזאָגט, אַז אַ פערד האָט אים אַ קאָפּע געגעבן. די דאָקטוירים האָבן אים אויסגעשניטן אַ שטיק פלייש פון דער האַנט און זיי האָבן אים געהייסן

גיין זוכן אַ שפּיטאָל. איז ער אַהיים געקומען מיט דער געשוואָלענער האַנט. זי איז אים געהאָנגען אויף אַ פּעטליע. איך האָב גערעדט גוט רוסיש. בין איך מיט אים אַרומגעגאַנגען איבער די שפּיטעלער, אָבער מ׳האָט אים נישט געוואָלט צונעמען. זענען מיר אַוועק צו דער טאָוואַראָוועך סטאַנציע. דאָרט זענען געשטאַנען וואַגאָנען מיט געראַנירטע סאָלדאַטן. בין איך צוגעגאַנגען צו אַן אַלטן דאָקטאָר און כ׳האָב אָנגעהויבן וויינען פֿאַר אים: „דאָס איז מיין ברודער. ער קומט פֿון פראָנט אַ געראַנירטער. עס שטינקט פֿון אים. מ׳קאָן נישט איבערהאַלטן — אָן אוויר". דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטאָן אויף דער האַנט און געהייסן מ׳זאָל זי פֿאַרבאַנדאַזשירן. ער האָט אים געלאָזט ליגן אין וואַגאָן.

אַזוי ווי דער פראָנט האָט זיך גענומען רוקן נענטער, האָט מען די געראַנירטע אַוועקגעשיקט קיין רוסלאַנד. ס׳האָט נישט לאַנג גע־נומען, און אין לובלין איז אַריין דאָס עסטרייכישע מיליטער, און איך, אַזוי ווי כ׳האָב פריִער געאַרבעט מיט די רוסישע סאָלדאַטן, האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין שעכטהויז מיט די עסטרייכישע סאָלדאַטן. צווישן זיי זענען געווען אַ סך יידן, כמעט 90%. כ׳האָב געהאַט צוויי שוועסטער און די יידישע זעלנער האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אונדז. מיין מוטער פלעגט ביי זיי קויפן זאַכן פֿון שעכטהויז. די עסטרייכער האָבן פֿאַר נישט אויסהאָרכן באַשטראָפט מיט שפּאַנקע. אַז אַ מענטש פֿון דער ציווילער באַפעלקערונג האָט נישט אויסגעהאָרכט אַ באַפעל, האָט מען אים אויפגעהאָנגען מיט די פיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַ שעה, צוויי שעה. דאָס האָט געהייסן שפּאַנקע. טייל מענטשן האָבן נישט אויסגעהאַלטן און האָבן געחלשט. האָט מען געהאָרכט און מ׳האָט זיך צוגעשטעלט צו דער אַרבעט.

אין יענער צייט האָט אויסגעפּעלט עסן אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד. האָט מען אָנגעהויבן אַריבערשמוגלען פֿון דער דייטשער זאָנע צו דער עסטרייכישער זאָנע. איך בין געווען דער ערשטער. בין איך ביינאַכט דורכגעגאַנגען מיט אַ בהמה, נאָר מ׳האָט מיך געכאַפּט

און איינגעזעצט אין לובלינער קרימינאַל. דער לובלינער קרימינאַל האָט זיך געפונען אין אַן אַלטן שלאָס. אין צעליע האָב איך געטראָפן פערדפאַסערס, פערד־גנבים. כ׳האָב געטראָפן פאַרשידענע מענטשן. דאָרט איז ווי אַ מין אוניווערסיטעט. כ׳האָב מיך געלערנט און בין געוואָרן דערפאַרן בכלל.

דאָרט איז געזעסן אַ פערד־גנב פון פיאַסק. באַנדאַר האָט ער געהייסן. דער גנב האָט זיך צעקריגט מיט אַ שיקסע. איז זי געגאַנגען און האָט אָפּגעסמט אַ טאָפּ קליסקעס און האָט דאָס אַריינגעשיקט אין צעליע פאַרן גנב. זי האָט אָבער שלעכט אָנגעשריבן דעם נאָמען. אַלע טאָג פלעגט דער תפיסה־שומר אויסרופן, באשר ס׳איז דאָ אַ פעקל פאַר דער צעליע, נאָר אַזאַ נאָמען איז נישטאָ. הכלל, דער באַנדאַר האָט געזאָגט, אַז ס׳איז זיין פעקל. אַז ער האָט אויפגעעפנט דעם טאָפּ, האָט אַ שטונק געטאָן מיט אַ געפערלעכער זייערקייט. מיט אונדז זענען געזעסן פרעמדע מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן. זיי זענען געשטאָרבן פאַר הונגער. האָט באַנדאַר גע־פרעגט: „ווער וויל אַ לעפל קליסקעס". די פרעמדע זענען צוגעלאָפן און אָנגעהויבן צו עסן די קליסקעס און זיי האָבן זיך פאַרסמט.

דאָס קרימינאַל האָט נישט געהאַט קיין אייגענע באָד, האָט מען אַלע אַרעסטאַנטן געפירט אין דער שטאָטישער באָד אַריין. די מענטשן וואָס האָבן זיך פאַרסמט, האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן אין מיטן גיין. האָט דער פּאָליציאַנט געהייסן די געזונטע זיי זאָלן טראָגן די קראַנקע. האַלב איז אויסגעשטאָרבן אין באָד, האַלב איז צוריק־געקומען.

אין קרימינאַל בין איך געזעסן אַ צייט. ווען מ׳האָט מיך באַפרייט, האָב איך זיך אומגעקערט צו מיין אַרבעט. דערווייַלע האָט מען גע־הערט, אַז דער קייזער פראַנץ יאָזעף איז געשטאָרבן און אויפן טראָן דאַרף אַרויפגיין דער קייזער קאַרל. דעמאָלסט האָט מען שוין געהערט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער זי איז געווען ווייט פון אונדז. זי איז אויסגעבראָכן אויף וואָלין. דער פראָנט איז געבליבן שטיין.

אין לאַנד איז דערוויילע געוואָרן אַ הונגער און די רעוואָלוציע האָט זיך גענומען דערנענטערן צו אונדז.

איין מאָל, אין דער פרי, איך גיי אַרויס אין גאַס און כ׳זע — ס׳קאָכט זיך עפּעס. שקצים גייען צו צו אַ מאַיאָר און זאָגן צו אים: „גיב אַהער דאָס געווער!" הייבט ער אויף די הענט אין דער הויך און ער גיט אָפּ דאָס געווער. איך האָב אויך אָנגעהויבן מיטגיין מיט די שקצים און אַנטוואָפענען די עסטרייכישע סאָלדאַטן און די אָפיצערן. ביינאַכט, ווער ס׳האָט געוואָלט, האָט געשאָסן. האָב איך געזאָגט צו די שקצים: „קינדער, לאָמיר גיין צו די מאַגאַזינען". ביי אונדז זענען געווען אַ סך מאַגאַזינען. ביי אונדז איז דאָך געשטאַנען דער אַכט און פופציקסטער רעגימענט פון סטאַניסלאַוו. זענען מיר אַוועק עפענען די מאַגאַזינען. קיינער האָט אונדז נישט געשטערט. מיר האָבן דאָרט געטראָפן סחורה פון גלחים — שוואַרצע גוטע שטאָפן. האָב איך געזאָגט די שקצים: „נעמט נישט ס׳מושב, נעמט נישט די מיליטערישע זאַכן. נעמט דאָס שוואַרצע". זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַז מיר האָבן עס פאַרקויפט.

דערוויילע האָט זיך געלאָזט הערן, אַז דער פּוילישער לעגיאָן נעמט איבער די מאַכט. דורך נאַכט האָבן זיך געשאַפן „די רויטע גוואַרדיע" און „די ווייסע גוואַרדיע". יעדער איינער האָט זיך געמאַכט משא־מתן פאַר זיך. אַז מ׳האָט געפירט עסן, האָט אַ מאָל די רויטע גוואַרדיע פאַרנומען און אַ מאָל די ווייסע גוואַרדיע. ביז מ׳איז אַריינ־געקומען אין שטאָט מיטן עסן, האָט מען שוין געהאַט כמעט אַלץ צוגענומען. דערנאָך האָבן מיר געהערט געשיכטעס פון די יידישע דעפּוטאַטן, אַז די פּאָליאַקן ווילן נישט נעמען קיין יידן אין מיליטער. איז געוואָרן אַ געשריי אין סיים. יידן האָבן זיך גענומען פאַרטיידיקן. האָט דער סיים באַשלאָסן נעמען אויך יידן. דאָס איז זייער שווער אָנגעקומען. אויב יידן וואָלט מען נישט גענומען צום פּוילישן מילי־טער, וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין רעכט פון פּוילישע בירגער און מ׳וואָלט זיי געקאָנט טאָן וואָס מ׳וויל.

צו ערשט האָט מען מאָביליזירט דעם יאָרגאַנג 1898. אין לובלין

האָט געלעבט אַ גרויסער גביר, שמואל אייכנבוים. ער האָט פאַר־מאָגט דריי גאַרבאַרניעס. האָט דער אייכנבוים געמאַכט אַ זשעסט און געמאָלדן, אַז ער גיט לעדערנע שטיוול פאַר אַלע מאָביליזירטע. האָבן זיך גענומען מעלדן פרייוויליקע 14־יעריקע, 15־יעריקע און 70־יעריקע.

נאָכדעם איז די מאָביליזאַציע אַנגעגאַנגען ווייטער און מ׳האָט אָנגעהויבן נעמען געבוירענע אין 1896, 1897, 1899. אַז ס׳איז צו־געקומען צו מיין יאָרגאַנג... יאָ, ביי אונדז אין טשעכעוו האָט מען נישט פאַרמאָלדן די קינדער צו דער צייט, נאָר דער סאָלטיס האָט פאַרמאָלדן, ווען די מאַמע איז געקומען צו אים און האָט אים געזאָגט, וויפל דאָס קינד איז אַלט און ווי עס הייסט. איך בין אויך נישט געווען ריכטיק איינגעמאָלדן. בין איך אַרויף צו דעם מאַן אין מאַ־גיסטראַט און כ׳האָב זיך מיט אים דורכגערעדט. זאָגט ער: „ווייסט וואָס, כ׳וועל דיך פאַרשרייבן מיט צוויי יאָר יינגער, וועט מען דיך נישט נעמען". האָב איך אים באַצאָלט און ער האָט מיך פאַרשריבן מיט צוויי יאָר יינגער. מיטן יאָרגאַנג 1902 האָט מען מיך מאָביליזירט און געשיקט אויפן פראָנט. כ׳האָב געזען ווי די רוסן האָבן צעבראָכן די פוילישע אַרמיי. זי איז אָפּגעטראָטן ביז וואַרשע, צו דער ווייסל. דערנאָך איז געשען „דער נס אויף דער ווייסל". איך האָב באַקומען דריי מעדאַלן: אַ מעדאַל פאַר ווילנע, אַ מעדאַל פאַר ווייסרוסלאַנד און אַ מעדאַל פאַר אוקראַינע. די מעדאַלן האָב איך געקריגן שוין נאָך דער מלחמה. ווען כ׳בין געגאַנגען חתונה האָבן, האָט מען מיך גענומען אויף פיר וואָכן אַלס רעזערוויסט.

דערנאָך האָבן די אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין קריג, געגרינדעט אַ קאָמבאַטאַנטן־פאַראיין פאַר די, וואָס האָבן געקעמפט פאַרן פאָטערלאַנד פאַר די, וואָס האָבן געהאַט פאַרדינסטן און מעדאַלן. ביי יעדן פוילישן יום־טוב זענען מיר געגאַנגען אָנגעטאָן אין אוניפאָרם פון קאָמבאַטאַנטן־פאַראיין. מיר ,די יידישע קאָמבאַטאַנטן, זענען יעדן יאָר געפאָרן צום קבר פון בערעק יאָסעלעוויטש. נאָך דער מלחמה האָט מען געעפנט די עווידענץ־ביכער פון דער פּ.ק.או. און מ׳האָט

געפֿונען, אַז איך הייס שיע־אַבוש גאָלדבערג. האָט מען מיר אַרויס־געגעבן אַ באַשטעטיקונג פֿון מיינע פֿאַרדינסטן פֿאַר פּוילן, און מ׳האָט מיר דערלויבט צו קויפֿן און צו טראָגן די מעדאַלן. ווען דער אַנטי־סעמיטיזם האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן, האָבן די פּוילישע לעגיאָנערן גענומען לאַכן פֿון אונדז. איז ווען כ׳בין געקומען אויף אַ מיטינג, האָב איך געגעבן אַ הויב אויף די דריי מעדאַלן. — „אָ, שיע איז געווען אויפֿן פֿראָנט! שיע האָט מלחמה געהאַלטן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד".

— יאָ, יאָ! — האָב איך געענטפֿערט — שיע האָט געקעמפּט פּונקט אַזוי ווי איר!"

לאָמיר צוריקגיין קיין טשעכעוו.

אין טשעכעוו האָבן מיר געהאַט אַן אייגן הייליק אָרט, אַן איי־גענעם רב, אַ חברה קדישא, אַן אַלטע שול, אַ בית־מדרש. דער רב מיט דער רביצין האָבן געהאַט אַ שיינע טאָכטער. און ס׳איז געווען ביי אונדז אַ פּעל־סוחר העשקע. האָט ער געהאַט אַן איינציקן זון — בן־ציונדעלע, וואָס האָט געלערנט אין ישיבה. אַ גאון. דער בן־ציונדעלע האָט חתונה געהאַט מיט אַ געוויסער מרים. ער האָט ליב געהאַט צו קוקן אויף שיינע פּרויען. דעם רבס טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ רב. אַז דער בן־ציונדעלע איז נאָך מנחה־מעריב גע־גאַנגען אַהיים, פֿלעגט ער אָפּטרעטן ביים רב. קורץ, ער האָט זיך פֿאַרליבט אין רבס טאָכטער, און זי — אין אים. איז אין שטעטל געוואָרן שלעכט.

די רביצין, שיטע האָט זי געהייסן, איז קיין מאָל נישט אַרויס אין גאַס אָן אויערינגען, אָן פֿינגערלעך. און דער רב איז געזעסן יום ולילה און געלערנט. קיין פֿלייש האָט ער נישט געגעסן. ער האָט נאָר געטרונקען קאַקאַאָ מיט מילך. דאָס איז געווען זיין לעבן. דאָס רבנות האָט געפֿירט די רביצין. און ס׳איז געווען ביי אונדז אין טשעכעוו אַ פֿעלדשער — שמואל קאָרנשטיין. דער שמואל קאָרנשטיין איז ביי אונדז געווען דער באַלעבאָס פֿון גאַנצן שטעטל. טאָמער איז איינער קראַנק געוואָרן, האָט געטראָפֿן, אַז דער קראַנקער איז איבער אים געשטאָרבן — ער האָט נישט געוואָלט גיין מאַכן אים אַ קאַנע.

די רביצין האָט גוט געלעבט מיט דעם קאָרנשטיינען. האָט זי איִם געבעטן, ער זאָל אָנהייבן מאַכן אַ רעאַקציע קעגן בן־ציונדעלען. האָט דער פעלדשער אָרגאַניזירט די יונגע קצבים. בן־ציונדעלע האָט אָרגאַניזירט די אַלטע קצבים און ס'האָבן אָנגעהויבן קוואַקען מלחמות. אַזעלכע מלחמות, אַז מ'איז אָפּגעזעסן פיר וואָכן און זעקס וואָכן אין אַרעסט פאַר שלאָגן, פאַר הרגענען.

בן־ציונדעלע האָט זיך אין אַ שיינעם פרימאָרגן דערוווּסט, אַז אַן אַלטע מויד האָט זיך געמאַכט לעבנס־פאַרזיכערונג, איז ער געגאַנגען און געזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבן און ער האָט אָפּגענומען ס'געלט פון דער פאַרזיכערונג. אַ פאַלשע זאַך. די רביצין און דער פעלדשער זענען געוווּיר געוואָרן פון דער מעשה, האָבן זיי אים פאַרמסרט און מ'האָט אים איינגעזעצט אין חד־גדיא. ער האָט זיך מודה געווען און אויפן פראָצעס האָט ער באַקומען פיר יאָר סיביר. אַן איינציקער זון איז ער געווען ביים טאַטן, אַ בן־יחיד. דער טאַטע — אַ ייד אַ גביר. איז געוואָרן אַ גוואַלד אין שטעטל: בן־ציונדעלע זאָל אַוועקגיין קיין סיביר? ער וועט דאָך שוין צוריק נישט קומען! האָט מען איינגעלייגט פאַר אים אַ גרויסע קויציע און מ'האָט אים אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. האָט זיך אָפּגעשטעלט ס'גאַנצע פייער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז בן־ציונדעלע אַראָפּגעקומען קיין טשעכעוו. פאַרן זשעסט, וואָס מ'האָט אים געהאָלפן, האָט ער אויסגעלאָדעוועט די גרויסע שול. די שול איז אַלט געווען ווער ווייס וויפל הונדערטער יאָר. איינע פון די שענסטע שולן אין טשעכעוו. געלט האָט ער געבראַנגט פון אַמעריקע, צי זיינס, צי ער האָט צונויפגענומען, דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט דערגיין. ער איז געווען אַ שטאַרקער פייערקאָפּ. נאָך דער צווייטער וועלטקריג, אַז כ'בין געקומען אין אַמעריקע, האָב איך זיך גענומען גריבלען, ביז כ'האָב אים געטראָפן. זאָג איך צו אים: „דו דערקאָנסט מיך?". זאָגט ער: „דיך קאָן איך נישט, נאָר דיינע ברידער האָב איך גוט געקאָנט". זאָג איך: „געדענקסט טשעכעוו?" זאָגט ער: „אַוודאי געדענק איך. איך בין אַ טשעכעווער אַ געבוירענער, ס'איז מיין היימשטעטל".

געוווינט האָט ער לעבן ניו־יאָרק אין סאַראַטאָגאַ ספּרינג. ער האָט מיר געוואָלט העלפֿן קויפֿן אַ יאַטקע. זענען געקומען מיינע חברים פֿון ניו־יאָרק און פֿון ניו־דזשערסי,ביידע בעקערס, הערש און אברהם מיטלמאַן. האָבן זיי געזאָגט: „אַנטלויף! ער וועט ביי דיר צונעמען דאָס געלט. אַנטלויף! דו ביסט אַ גרינער, ער וועט דיך פֿאַרקויפֿן און ער׳ט צונעמען דאָס געלט״.

כ׳קער זיך אום צו טשעכעוו. דאָס הייליקע אָרט אין טשעכעוו האָט געהאַט אַ צאַם נאָר פֿון דריי זייטן. די פֿערטע זייט איז ניט געווען געמויערט, פֿלעגן אַרויפֿגיין אויפֿן פֿעלד ציגן, חזירים און פֿערד. מ׳פֿלעגט אַפֿילו דינגען מענטשן אָפּצוקאָשען דאָס גראָז, נאָר ס׳האָט נישט געהאָלפֿן. האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן דאָס האַרץ. איך אַליין בין אַ כהן. כ׳האָב ניט געטאָרט אַרויפֿגיין אויפֿן הייליקן אָרט. אָבער כ׳בין געגאַנגען הינטן־אַרום און כ׳האָב געזען וואָס עס טוט זיך, האָב איך גענומען שרייען: „קינדער, מ׳טאָר דאָס נישט דער־לאָזן. דאָרט ווו ס׳ליגן טאַטע־מאַמע, זאָלן זיך פּאַשען חזירים?!״ מאַכן אַ פּלויט האָט געדאַרפֿט די לובלינער קהילה. טשעכעוו אַליין האָט קיין רעכט נישט געהאַט דערויף.

ביי אונדז איז געווען אַ פֿרוי חיה נאָטעס. די חיה נאָטעס האָט געגעבן אַלע יידישע קינדער שניטסחורה אויף אויסצאָלן. יעדן פֿרייטיק פֿלעגט זי אַריינקומען נאָך געלט. אַז מ׳האָט איר עפּעס געגעבן אויפֿן חוב, האָט זי פֿאַרשריבן מיט קרייט, וויפֿל מ׳איז געבליבן שולדיק. יעדערער האָט איר געגלייבט. די חיה נאָטעס האָט צוגעגרייט תכריכים, און ווען ס׳איז געשטאָרבן אַן אָרעמאַן, האָט זי געגעבן תכריכים. זייער אַ גוטע פֿרוי. זי האָט געהאַט דריי זין אין לובלין, גרויסע גבירים, און אַ טאָכטער אין טשעכעוו. אַז די חיה נאָטעס איז געשטאָרבן — זי איז שוין געווען אַן עלטערע פֿרוי — האָט געטומלט אין שטעטל: חיה נאָטעס, חיה נאָטעס! איז געקומען דער רב און די חברה קדישא און געזאָגט, אַז זיי ווילן פֿיר טויזנט זלאָטעס פֿאַרן אויפֿרוימען זי. די זין זענען געקומען פֿון לובלין און געמאַכט אַ גוואַלד: „פֿיר טויזנט זלאָטעס?! די מאַמע איז געווען אַזאַ צדקות. זי האָט געטאָן פֿאַרן

שטעטל, פאַר אָרעמע לייט. מיר גיבן נישט!" האָט חברה קדישא געזאָגט: "איר גיט נישט — גיט נישט". די ברידער זענען אַוועק קיין לובלין און געפרעגט וויפל קאָסט דאָרט אויפרוימען. אין פּוילן איז געווען אַ געזעץ, אַז מ'טאָר נישט נעמען מער ווי טויזנט זלאָטעס, אָבער דער מת טאָר נישט ליגן מער ווי דריי מעת לעת. אויפן דריטן טאָג קאָנען די סאַניטאַרן צווינגען אויפצורוימען דעם טויטן. האָבן די ברידער איינגעצאָלט אין לובלינער קהילה טויזנט זלאָטעס. איז געקומען פון לובלין אַ וואָגן מיט פערד, באַצויגענע מיט אַ שוואַרצער פּלאַכטע (אין טשעכעוו האָט מען דעם מת געטראָגן) אויפצורוימען דעם מת. אַז איך מיט דער חברה האָבן דאָס דערזען, האָט אונדז ווי געטאָן דאָס האַרץ: ס'טייטש, חיה נאָטעס!... האָבן מיר גענומען די ווייבער פון חברה קדישא און מיר האָבן זיי פאַרמאַכט אין אַ שטוב און דעם וואָגן האָבן מיר איבערגעקערט מיט די רעדער אַרויף. איז געקומען דער עלטסטער פון לובלינער חברה קדישא, אַלבערשטיין האָט ער געהייסן, האָט ער געקריגן אַ פּאָר גוטע קלעפּ און, גאָט צו דאַנקען, זיי פאָרן אַוועק. האָבן מיר באַפרייט די ווייבער און זיי זענען אַהיים געגאַנגען. און דער מת איז געלעגן.

חיה נאָטעס טאָכטער פון טשעכעוו האָט געהאַט צוויי רייכע זין, פון דער שניט־בראַנזשע. זיי זענען געווען בייז אויף די פעטערס. האָבן זיי געזאָגט אונדזער חברה קדישא, אַז זיי גיבן צוויי טויזנט זלאָטעס מיטן תנאי — מ'זאָל זייערע פעטערס נישט אַרויפלאָזן אויפן הייליקן אָרט אין דער צייט פון דער לויה. חברה קדישא האָט געזען אַז זי האָט פאַרשפּילט, האָט זי גענומען די צוויי טויזנט זלאָטעס, און מ'איז געגאַנגען טאָן דעם מת זיין רעכט אויפן הייליקן אָרט אין טשעכעוו. איך בין מיטגעגאַנגען. אָבער כ'בין געשטאַנען פון דער ווייטנס. די זין האָבן געוואָלט אַרויפגיין אויפן הייליקן אָרט זאָגן קדיש, האָבן מיר נישט געלאָזט. איז צוגעגאַנגען צו מיר איינער פון די זין, שמואל, און האָט אָנגעהויבן צו וויינען פאַר מיר און געזאָגט: "שיע, דערבאַרעם זיך. איך גיב טויזנט זלאָטעס מ'זאָל מיר לאָזן זאָגן קדיש". זאָג איך: "גיב אַהער". זאָגט ער: "כ'האָב ביי זיך

קיין געלט נישט. זאָג פאַר מיר גוטס. כ׳גיב דיר מיין ערנוואָרט — כ׳וועל דיר באַצאָלן״. האָב איך אים געזאָגט: „איך וויל קיין געלט נישט פאַר מיר. איך וויל בויען די פערטע וואַנט, חזירים זאָלן נישט אַרויפגיין אויפן הייליקן אָרט״. ער האָט מיר געהייסן קומען פאַרנאַכט קיין לובלין.

פאַרנאַכט בין איך אַרויפגעגאַנגען צו אים. ער האָט אַרויסגענומען טויזנט זלאָטעס און האָט מיר געגעבן. האָב איך אים געזאָגט: „איך נעם נישט דאָס געלט ביז דו וועסט נישט אָנשרייבן אַ קוויטל, אַז דו שענקסט טויזנט זלאָטעס פאַרן טשעכעווער הייליקן אָרט, מיטן צוועק אויסצובויען אַ וואַנט פון צעמענט, ס׳זאָלן אויף אים נישט אַרויפקומען קיין חיות, אַנישט וועל איך נישט נעמען די טויזנט זלאָטעס״. האָט ער מיר געגעבן דאָס קוויטל. איך בין גלייך אַוועק און געקויפט פאַר טויזנט זלאָטעס צעמענט און כ׳האָב גענומען אַ קוויטל, אַז ווי מ׳וועט אָנהייבן בויען די מויער, דאַרף ער, דער סוחר גראַדל, צושטעלן פאַר טויזנט זלאָטעס צעמענט.

גייט אַוועק אַ שטיקל צייט, רופט מיך דער פּראָקוראָר און ער זאָגט מיר: „הער גאָלדבערג, דו האָסט געשלאָגן, דו האָסט געהרגעט און דו האָסט גענומען געלט, אויסגעפּרעסט געלט״. זאָג איך: „איך האָב גענומען געלט, אויסגעפּרעסט?״ זאָגט ער: „יאָ. דו האָסט גע־נומען ביי שמואל ראָזנבוים טויזנט זלאָטעס. מ׳האָט געשלאָגן די ברידער, מ׳האָט זיי נישט געלאָזן זאָגן קדיש״. איך לויף אַריין אין דער יידישער קהילה, אָבער מ׳וויל מיט מיר נישט ריידן. מ׳איז בייז: „ווו ביסטו געקומען? ביסט עפּעס אַ באַלעבאָס? דו ביסט דער פּרעזעס פון דער קהילה? אויב מאַכן אַ מויער זענען מיר דאָ! מיר נעמען געלט, זענען מיר דאָ, דו האָסט קיין רעכט נישט געהאַט! איצט וועסטו גיין זיצן אין קרימינאַל״. לויף איך צו מיין אַדוואָקאַט: „וואָס טוט מען? זאָגט ער: „דו האָסט זיך אָנגעמאַכט אַ מיאוסע מעשה״.

דער אַדוואָקאַט פון דער קהילה איז געווען זיידמאַן. זאָג איך צו בלעכערן, צו מיין אַדוואָקאַט: „רייד מיט זיידמאַנען״. הכלל, קוים

מ׳האָט געפּועלט. די טויזנט זלאָטעס, וואָס כ׳האָב גענומען, האָב איך אָפּגעגעבן, טויזנט זלאָטעס האָב איך באַצאָלט פֿאַר אַריינשטעקן די פֿינגער, און מיין אַדוואָקאַט האָט מיר אויך געקאָסט. כ׳האָב געהאַט צרות אויף צרות פֿאַר מיין גוטס.

אין פּוילן איז געווען אַ געזעץ, אַז פֿאַרן רעכט צו שטעלן אַ מצבה, האָט מען געדאַרפט באַצאָלן. פֿאַרן איינהאַלטן דעם פּראָצעס האָב איך געגעבן אַ וואָרט, אַז ווען מ׳וועט קומען שטעלן די מצבה, זאָל איך גלייך צוויסן געבן דער קהילה אין לובלין.

אין אַ געוויסן טאָג, איך גיב אַקוק — איך זע, מ׳איז געקומען שטעלן די מצבה. בין איך געלאָפן קיין לובלין אָנזאָגן די מעשה. הכלל, מ׳האָט גענומען ביי די יורשים טויזנט זלאָטעס און איך בין פּטור געוואָרן פֿון אַלע צרות.



ווען מ׳האָט מיין צווייטן ברודער גערופֿן צו דער קריג, האָט מען אים געמאַכט די געלע זאַך (איך בין געווען מיט). מ׳האָט אים באַפֿרייט אויף אַ שטיקל צייט. די קריג איז דערווייל אַדורכגעגאַנגען. נאָך דער מלחמה איז דער ברודער פֿון רוסלאַנד געקומען כמעט אָן אַ האַנט.

אין מיינע קינדער־יאָרן, ווען כ׳האָב אָנגעקוקט אַן אַלטן מאַן שטיין אין דער באַוואַרניע, ביי די יאַטקעס, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט נאָך אַ נדבה, האָב איך געפֿרעגט ווער ער איז. האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַמאָל אַ ייד אַ גביר. הייַנט האָט אַן אַלטער קצב אַ פּנים פֿון אַן אַלטן אַרטיסט — אַן אָפּגעשפּילטער. האָב איך מיר געגעבן אַ נדר, אַז טאָמער וועל איך קומען אויף דער עלטער, זאָל איך נישט דאַרפֿן אָנקומען צו קצבה. כ׳האָב געזען ווי מיין מוטער האָט זיך געמוטשעט ביי דער יאַטקע. ביי אונדז אין שטוב איז נישט געווען קיין פֿאַדלאָגע. אַז ס׳האָט גערעגנט, האָט אַריינגערעגנט אין קיך און מ׳האָט געדאַרפֿט אויסשעפּן דאָס וואַסער. אָבער אַז ס׳איז

געקומען פרייטיק פֿאַרנאַכט, האָט מען אויפגעראַמט, אָנגעשיט אַ ביסל זאַמד און ס׳זענען געקומען יינגלעך מיט מיידלעך און מ׳האָט געזונגען, ביז דער לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען.

ווען מיין מוטער פלעגט ווינטער אַריינגיין אין שטוב אַ פאַר־פרוירענע, פלעגט זי זיך נאָך אָנװעקזעצן פליקן פעדערן. פאַרוואָס? ווייל זי האָט געהאַט אַ ברודער אין לוקעווע, וואָס האָט געשטאָפּט געגנדז, פלעגט די מאַמע פֿאָרן אַלע יאָר צום ברודער און ברענגען פון דאָרט אַ פֿאָר זעק פעדערן. און איך מיט דער מאַמען האָבן אַ גאַנצן ווינטער געפליקט ביים אויוון פעדערן. אַז די מאַמע האָט חתונה געמאַכט אירע קינדער, האָט זי יעדערן געגעבן אַן איבערבעט מיט צוויי קישנס. ווען איך האָב חתונה געהאַט, האָב איך אויך געקריגן אַן איבערבעט מיט צוויי קישנס.

מיר האָבן געוווינט, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, אין אַ ירושה־הויז. מיין פאָטערס חלק איז אויסגעפאַלן פון פאָרנט, און זיינע צוויי שוועסטערן האָבן געוווינט פון הינטן. איין שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קאָוואַל. געהייסן האָט ער שמואל פּיאַטאַק. זיין פאָטער און זיינע ברידער, אַלע קאָוואַליעס, האָבן געוווינט אין לובלין. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבער די הייף, ווו די פויערים זענען געשטאַנען, מיט אַ קעסטעלע און האָבן געקאָוועט פערד. ער, שמואל פּיאַטאַק, האָט געמאַכט אַ קוזשניע אין טשעכעוו. די רוסן האָבן דאָרט דעמאָלסט געבויט קאַשאַרן און ער האָט ביי זיי אָנגענומען אַרבעט — קאָוועז די פענצטער. איז ער געוואָרן אַ גביר. במילא, אַז מ׳ווערט אַ גביר, קריגט מען שוין גבירישע חברים. האָט ער געקריגן חברים דעם שמואל פעלדשער פון טשעכעוו און משה ווייסבראָד פון לובלין. דער ווייסבראָד פלעגט אַרויסנעמען יידישע יינגלעך פון פּריזיוו. ער פלעגט איבערקויפן די קאָמיסיע, הייסן מאַכן אַ פעלער, אַ חסרון. ער האָט גוט פאַרדינט. ער איז געווען אַ מיליטערישער שניידער. דער שענסטער יחוס פון לובלין, איז ער געוואָרן שמואל פּיאַטאַקס חבר. די חברים פלעגן אַרויסגיין מאַכן בעלער.

מיין מומע סלאָווע איז געווען אַ קאַרגע, האָט זי נישט געקענט

פאַרטראָגן, וואָס די בעלער קאָסטן איר אַזוי פיל געלט. איידער מ׳איז זיך נאָך צעגאַנגען, פלעגט זי אַראָפּנעמען ס׳עסן פון טיש. ער, שמואל, האָט זיך פאַרשעמט.

דער משה ווייסבראָד האָט געהאַט אַ דינסטמיידל (ער איז דאָך געווען פון די גרויסע פיגורן) און ווען ער איז געגאַנגען צום פעטער, האָט ער מיטגענומען דאָס מיידל. און מיין פעטער, שמואל פּיאַטאַק, האָט זיך פאַרליבט אין דער מויד. סלאַווע האָט פון דעם נישט געוווסט. דאָס האָט זיך געצויגן און געצויגן. ער האָט זיך שוין געפּאָרט מיט דער מויד. ער האָט געהאַט אַ סך געלט אין דער מלוכה־באַנק, נאָר דאָס ביכל איז געווען באַהאַלטן ביי דער מומען. געהאַט האָבן זיי פיר קינדער, צוויי זין און צוויי טעכטער. די קינדער פלעגן פאָרן אין שולע אויף אַ בריטשקע. דער פעטער פלעגט אַריינקומען צו אונדז, ווען זיין ווייב האָט נישט געזען, און אונטערשטיצן מיין מאַמען.

ווען די מומע סלאַווע האָט געשוואַנגערט (זי איז שוין געווען אין ניינטן חודש), האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס פון שטוב און איז געגאַנגען ווילנע אויפן זאַמד. ער האָט זיך דאָרט געדונגען אַ צימער. מיין מוטער האָט מיר דערציילט, אַז זי איז אַהינגעגאַנגען און געזאָגט: „שמואל, דו לאָזסט איבער אַ פרוי אין ניינטן חודש, וועסט נישט האָבן קיין פאַרענטפער פאַר גאָט". האָט ער איר געענטפערט: „זי האָט זיך אַזוי אָנגעמאַכט, זאָל זי האָבן". וואָס האָט ער געטאָן? סלאַווע איז געשלאָפן אויפן באַנקביכל. האָט ער גענומען צוויי עדות אין באַנק אַריין און ער האָט אַרויסגענומען דאָס געלט. דאָס זילבערוואַרג האָט ער אָוועקגענומען אין אַ זאַק און איז אַוועק־געפאָרן קיין זאַמאָשטש ווינען — די מויד איז געווען אַ זאַמאָשטשער. דערנאָך האָט ער באַצאָלט גויים און מ׳האָט צוגעגנבעט די פיר קינדער.

מיין מומע האָט געבוירן דאָס פינפטע קינד און האָט עס אַ נאָמען געגעבן שלום: אפשר וועט ער זיך איבערבעטן, אפשר וועט ער מאַכן שלום. ער איז פון זאַמאָשטש אַוועק קיין ווילנע און געשטעלט אַ חופה מיט דער מויד, נישט גטנדיק זיך מיט זיין ווייב. זיי האָבן געוווינט צוזאַמען מיט די פיר קינדער. דער פעטער האָט זיי גאַנץ גוט שטור־

דירט. זיי זענען געוואָרן לייט. מיט דער מויד האָט ער געהאַט צוויי קינדער.

דאָס יינגל, שלום, האָט זיך געהאַדעוועט ביי אונדז. זיין מאַמע פלעגט נישט אַריינגיין צו זיך אין שטוב אַריין. פּריטיק צו נאַכט פלעגט זי נישט אָנצינדן קיין לאָמפּ, קיין ליכט. זי האָט נישט אָנ־געברענט די קיך. זי איז געזעסן ביי אונדז. איר שטוב איז געווען פאַרוויסט. איר פּרנסה איז געווען אַרומטראָגן פליייש צווישן די קריסטן אין די שטובן. דערוויילע האָט זי געקריגן וואָס אָנצוטאָן. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז ס׳האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלטקריג. אין ווילנע איז געווען ביטער. האָט די צווייטע פרוי דעם פעטערס אָנגעהויבן צו שמוגלען מעל. איין מאָל איז זי אַהיים געקומען, האָט געקריגן אַ האַרצאַטאַק און איז געשטאָרבן. איז דער פעטער געבליבן מיט זעקס קינדער. גייענדיק אין גאַס, האָט ער געקריגן אַ פּאַראַליזש. ס׳האָט אים אָפּגענומען אַ האַנט מיט אַ פוס. זענען זיך די קינדער צעפאָרן. אָבער דער צווייטער זון איז געבליבן מיטן טאַטן.

דאָס ערשטע קינד, שרהלע, האָט געוווּסט, אַז זי האָט אַ מאַמע אין טשעכעוו, איז זי געקומען צו איר. דער צווייטער, משה, איז אויך געקומען. די פערטע טאָכטער איז אויך געקומען צו דער מאַמען. די עלטערע קינדער האָבן געענדיקט אין ווילנע גימנאַזיע. די פערטע טאָכטער האָט נישט געענדיקט. האָט זי זיך אָנגעהויבן צו לערנען דאָ, אין טשעכעוו, און איז געוואָרן אַן אַקושערקע. די שרהלע איז געקומען מיט אַ מאַן אַן אַפּטייקער, אַ גרויסער אינטעליגענט פון קאָוונע. יצחק האָט ער געהייסן. אין דער רוסישער אַרמיי איז ער געווען קאַפּיטאַן. זיי זענען אַריינגעקומען צו זייער מאַמען — חושך! מ׳צינדט נישט אָן קיין לאָמפּ, מ׳ברענט נישט קיין קיך. וואָס האָבן זיי דאָ צו טאָן? זענען זיי אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

דער ערשטער זון איז געווען אַן אינזשעניער. אַ דרייקאָפּ פון דער וועלט. ער איז נאָך געווען אַ בחור. ער האָט אַרויסגעטראָגן פון זיין מאַמעס שטוב אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, און ער האָט

פאַרקויפט. ער איז געווען אַ קאָרטן־שפּילער. דערנאָך האָט ער חתונה געהאַט און איז אויך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. נאָר די ייִנגערע טאָכטער איז געבליבן.

אין יאָרן אַרום האָט דער פעטער פון ווילנע געשריבן צו זיין טאַטן, ברוך קאָוואַל, ער זאָל גיין צו זיין געוועזן ווייב — אפשר וויל זי זיך איבערבעטן מיט אים (נאָך צוואַנציק יאָר צעשיידונג), וועט ער צוריקקומען צו איר אַהיים. איז דער ברוך אַוועק און געזאָגט: „סלאָווע, פאַרגיב דיין מאַן. ער איז פּאַראַליזירט. ביסט דאָך נישט געגט. דאַרפסטו גאַרנישט. נעם אים אַריין". זאָגט זי: „איך וועל אים אַריינגעמען? איך?! ער האָט מיך איבערגעלאָזט, צוגענומען דאָס געלט, זאָל איך אים אַריינגעמען, אַ קריפּל? זאָל ער גיין אין דר'ערד אַריין!". הכלל, דער פעטער האָט נישט געהאַט קיין ברירה, איז ער געקומען צו פאָרן צום טאַטן. דער טאַטע האָט אים אַריינ־געשטעלט אַ בעטל אין קאַמער און ער איז דאָרט געלעגן.

זיין ייִנגערע טאָכטער ציליע איז געווען אין מיינע יאָרן. זאָגט זי צו מיר: „לאָמיר אַריינגיין געוויר ווערן דעם טאַטן, ער איז דאָך דיין פעטער". כ'האָב אים אָנגעקוקט, האָב איך אָנגעהויבן צו וויינען. ווען כ'בין געווען אַ ייִנגל, האָב איך אים געקאָנט. אַזאַ העלדישער מאַן! אַזאַ גוטע נשמה. ער האָט קיין גאַל נישט געהאַט. ער פלעגט אַוועקגעבן פון זיך דאָס העמד, וואָס ער האָט געטראָגן. אַזאַ גוטער מענטש איז דאָס געווען. און ער זאָל האָבן אַזאַ סוף! האָב איך אים געפרעגט: „פעטער, דערקאָנסט מיך?" זאָגט ער: „ניין. דיך קען איך נישט, נאָר דיין מאַמען, מיין שוועגערין, און דיינע עלטערע ברידער קען איך גוט". ער פלעגט, געדענק איך, שיקן קויפן אַ פלעשל ביר. ס'האָט געקאָסט אַ זעקסער. פלעגט ער אומישנע געבן צען גראָשן — פינף קאָפּיקעס, און דעם פירער פלעגט ער אַוועק־געבן מיין ברודער פאָרן גיין. אַז די מומע האָט דאָס דערזען, איז זי צוגעלאָפן און אַרויסגעריסן דעם פירער פון מיין ברודערס האַנט. „צו פיל געלט! און אַ גראָשן איז וויניק?"

דערנאָך האָט מען דעם פעטער אַריינגענומען אין ייִדישן שפּיטאָל

אין לובלין. האָט ער אָנגעהויבן בעטן אַז די משפּחה זאָל קומען צו אים. האָב איך זיך אויפגעהויבן און בין אַריין צו אים אין שפּיטאָל. איך זע — ער זיצט נעבעך און וויינט. ער קאָן נישט ריידן. טרערן גיסן זיך אים פון די אויגן. אַזאַ שטייגער ייד וואָס גאַנץ לובלין האָט אַמאָל גערעדט וועגן אים, שמואל פּיאַטאַק! האָב איך זיך אויך צעוויינט און בין אַנטלאָפן. כ׳האָב נישט געקאָנט קוקן. אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער געשטאָרבן און מיין מומע האָט געמוזט זיצן שבעה.

כ׳דערמאָן זיך: דער פערטער זון, שלום, האָט נישט געקאָנט זיינע ברידער, וואָס זענען געקומען פון ווילנע. ער האָט זיי אָנגעקוקט פרעמד. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי האָט ער ברידער. זיי ווידער פון זייער זייט, אַז מ׳האָט זיי געזאָגט, אַז שלום איז זייער אַ ברודער, האָבן זיך אויך געוווּנדערט. ער איז געווען אַ קצב, אַ פּראָסטער בשר ודם. זיי אָבער זענען געווען גרויסע אינטעליגענטן. מ׳האָט זיי אַלע געלערנט. אין ווילנע איז געווען ווו צו לערנען. ס׳איז נישט לובלין. אין ווילנע איז געווען אַ יידישע גימנאַזיע. די ברידער האָבן אָנגעקוקט שלומען ווי מ׳קוקט אָן עפּעס... כ׳ווייס נישט וואָס. אָבער ער איז געווען פאַרמעגלעך און זיי זענען נישט געווען פאַר־מעגלעך. דער יצחק, דער אַפּטייקער, דער גרויסער אינטעליגענט, איז אַרויסגעגאַנגען אויפן שאַסיי קויפן אַ הון, פאַרדינען אַ פּינפּערל. פּעיק איז דאָס געווען — מ׳זעט נישט אַזוינס. דערנאָך זענען זיי אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און זענען אַריין אויף טשיסטע אַרבעטן. די עלטערע שוועסטער שרהלע איז אויך געוואָרן אַן אַקושערקע.

יצחק האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל. ער האָט זיך דאָרט פאַרליבט אין אַ שוועסטער און ער האָט זיך געגט מיטן ווייב. זי האָט שוין מער נישט חתונה געהאַט. ווען כ׳בין צו זיי געקומען אין 1937, האָט מיר שרהלע געזאָגט, אַז זי איז געגט און אַז יצחק האָט אַ צווייטע פרוי. משה, דער אַנדערער זון, האָט חתונה געהאַט אין זאַמאָשטש אויך מיט אַן אַקושערקע. און שלום איז געוואָרן אַ ייד אַ גביר. ער האָט געהאַט אַ יאַטקע און אַ הויז אין לובלין.

נאָך לאַנגע יאָרן זענען געקומען דעם פעטערס צוויי זין פון זיין

צווייטער פרוי. זיי זענען געקומען צו דער מומען און זיי האָבן זי גערופן — מאַמע. האָט זי געזאָגט: וואָס פאַרא מאַמע בין איך אייך? איר האָט דאָך אַן אַנדערע מאַמע! אייער טאַטע איז געווען מיין מאַן, אָבער איר האָט אַן אַנדער מאַמע״. זענען זיי אָפּגעווען ביי איר אַ שטיק צייט. מ׳האָט זיי נישט אַרויסגעטריבן. זיי האָבן קיינעם נישט געהאַט. צוויי לייטישע זין. איינער איז, דאַכט זיך, געווען אַ פריזירער.

מיין טאַטנס צווייטע שוועסטער האָט געהאַט אַ מאַן.. ער האָט געאַרבעט ביי חזירהאָר. ער פלעגט אין שעכטהויז אַראָפּנעמען די האָר פון די חזירישע רוקנס און ער פלעגט דאָס טריקענען און קעמען ביי אונדז אין דער ירושה. דאָס איז געגאַנגען קיין מעזריטש. מעזריטש איז געווען די הויפּטשטאָט פון חזירהאָר אין פוילן. חוץ דעם פלעגט דער פעטער קסיל (יקותיאל) קויפן פעלכלעך פון אַלערליי חיות און פלעגט זיי טריקענען. און דאָס אַלץ אין דער ירושה. דאָס האָט געשטונקען — אַן אַויר! ער איז געווען אַ ייד אַ גיבור. געדינט אין דער רוסישער קאַוואַלעריע. מיר האָבן נישט געטאָרט זאָגן, אַז מ׳איז אונטערגעשלאָגן. ער האָט געהאַט די מיטלסטע שטוב פון דער ירושה. איז ער געגאַנגען מאַכן זי גרעסער. האָט ער די שותּפישע וואַנט אַריינגערוקט אַ שטיק צו אונדז. האָט די מאַמע אָנגעהויבן וויינען: „וואָס טוסטו, שוואָגער? דו מאַכסט מיר קלענער דאָס שטיבל. כ׳האָב דאָך שוין נישט ווו דאָס בעט זאָל שטיין״. ער האָט נישט געענטפערט. זיין עלטערער זון, צדוק, איז געווען אין מיינע יאָרן. כ׳האָב מורא געהאַט צו ריידן אַ וואָרט. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט אַריינגעשטעלט די סלופּעס צו אונדז. ביי זיך האָט ער געמאַכט אַ גלאַטיקע וואַנט, ביי אונדז — די סלופּעס. די גויים וואָס האָבן געאַרבעט ביי דעם, האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן די עוולה. אַ געוויסן טאָג האָט אים אַ גוי אַראָפּגעלאָזט מיטן שאַרף פון אַ האַק איבערן קאָפּ, און ער האָט אים אויפגעהאַקט דעם קאָפּ ביז צו די געהירן. ס׳האָט געפעלט אַ סענטימעטער צו די געהירן. דער גוי האָט געזאָגט, אַז צופעליק איז אים אַראָפּגעפאַלן די האַק. מ׳האָט געכאַפּט דעם פעטער אין שפּיטאָל אַריין. ער האָט זיך אויסגעהיילט, נאָר איז

געבליבן אַ קאַליקע אויפֿן קאָפּ דאָס גאַנצע לעבן. נאָר וואָס האָט געהאָלפֿן? אונדזער שטוב איז געבליבן קירצער. איך מיט דער מאַמען האָבן געמוזט שלעפֿן ליים און פֿאַרקלעפּן די סלופּעס, וואָס ער האָט אַריינגעשטעלט צו אונדז אין „סאַלאָן". מיר האָבן צוגעטאָן עפּעס אַ קראַפּט צום ליים ס׳זאָל האַלטן. דערנאָך האָבן מיר זיי אויסגעווייסט.

אין יענע צייטן איז געווען אַן איינפֿיר צו באַקן מצות אַליין. ס׳זענען געווען וועלגערינס און אַ בעקעריי, וואָס מ׳האָט געדונגען, און מ׳האָט געבאַקן אַליין. פֿאַר פּורים פֿלעגט די מאַמע קויפֿן מעל און באַקן מצות. די מצות פֿלעגט מען איבערדעקן מיט אַ פּלאַכטע און אויפֿהענגען אויפֿן שותפֿות־בוידעם. דאָרט איז אויך געשטאַנען דאָס פּסחדיקע געפֿעס. אויפֿן בוידעם האָט דער פֿעטער קסיל געטריקנט די חזירהאָר און די פֿעלכלעך. אין הויז האָט ער געהאַט אַ קאַם, ווו ער פֿלעגט קעמען די חזירהאָר און בינדן זיי אין בינטלעך.

פֿיר וואָכן פֿאַר פּסח פֿלעגן מיר אַרויסשטעלן די בעטן מיט דער שלאָפֿבאַנק — די וואַנצן זאָלן אַרויסגיין. די גראָכאָווינעס פֿלעגן מיר אַרויסוואַרפֿן. קיין שעניקעס זענען נישט געווען. מיר זענען געשלאָפֿן אויף גראָכאָווינעס. די פֿיר וואָכן זענען מיר געשלאָפֿן אויף דר׳ערד. די פֿענצטער פֿון הויז זענען געווען אַזוי נידעריק ווי אין אַ סוטערינע. דאָס הויז איז אַלט געווען אפֿשר דריי הונדערט יאָר. מיין זיידע האָט געקויפֿט דאָס הויז מיט אַ וואָגן היי און פֿאַרשריבן האָט מען עס מיט אַ פֿעדער פֿון אַ גאַנדז. דאָס איז געווען די היפּאָטעק. אַלע יאָר האָט זיך דאָס הויז געזעצט. דער דאַך איז געווען פֿון שינדלען. אַ קינד האָט געקאָנט צו אים דערלאַנגען. די שאַפֿע האָט מען נישט געקאָנט אַרויסשטעלן. מ׳האָט באַדאַרפֿט צען מענטשן מ׳זאָל זי קאָנען אַרויס־טראָגן. זי האָט זיך נישט צענומען.

אויף פּסח האָט מען די שטוב אויסגעווייסט, מ׳האָט געוואַשן די בעטן מיט הייס וואַסער. מ׳האָט אַריינגעלייגט אין זיי פֿרישע גראָ־כאָווינעס. מ׳האָט אַראָפּגעברענגט פֿון בוידעם דאָס פּסחדיקע געפֿעס און מ׳איז געגאַנגען צום וואַסער דאָס שווענקען. די ערשטע נאַכט יום־טוב האָבן מיר שוין געקאָנט שלאָפֿן אין אַ בעט. שטשורעס האָבן

נישט געפּעלט, נישט צו פֿאַרזינדיקן. ווען די לאַגע ביי מיין מוטער האָט זיך פֿאַרבעסערט, האָט זי געמאַכט אַ פּאָדלאָגע. אין שטוב איז געוואָרן אַ גן עדן. דאָס וועגטל האָבן מיר צוריקגערוקט אַ ביסל, איז דאָס קיכל געוואָרן קלענער און דאָס שטיבל גרעסער. אין שטוב איז געשטאַנען אַ קופערט, ווו ס׳איז געלעגן די ריינע וועש. אין שאַנק האָט געקאָנט אַריין אָנטועך, נאָר ווער האָט געהאַט אַזוי פֿיל אָנטועך? קיין מענער זענען אין שטוב נישט געווען. די ברידער האָבן חתונה געהאַט, נאָר איך אַליין בין געבליבן — דער מיזשאָק.

אַזוי ווי כ׳בין געוואָרן אַ ביסעלע עלטער, האָט מיך די מוטער אויפגעהערט צו בעטן, נאָר צו הייסן. צום ביישפּיל: אויף שבת פֿלעגט זיך יעדער ייד קויפֿן אַ פּוס, אָדער אַ האַלבן פּוס. האָט מיך די מאַמע געלערנט ווי אַזוי כ׳זאָל אָפּפּאַרען דעם פּוס און אַראָפּנעמען די האָר. פֿלעגן מיר שטיין דאָנערשטיק ביינאַכט און אָפּפּאַרען די פּיס. פֿרייטיק אין דער פֿרי פֿלעגן קומען ווייבער קויפֿן די פּיס. פֿלעג איך דאָס דאַרפֿן איבערהאַקן וואָרעם אין פּוס זענען דאָ טיילן, וואָס יידן טאָרן נישט עסן, מ׳מוז זיי אויסהאַקן.

דערנאָך האָט מיין מוטער געהאַנדלט מיט דרויבן. בין איך געווען דער העקער פֿון די קעפּ. אין אַמעריקע ביי אַזאַ אַרבעט גייען די אַרבעטער אָנגעטאָן אין הענטשקעס, אין דראָטענע הענטשקעס. אָבער דעמלסט האָט מען ביי אונדז געאַרבעט מיט די הוילע פֿינגער. האָט מען זיי צעשטאָכן און צעבלוטיקט. ס׳האָט זיך אָנגעקליבן מאַטעריע אין די פֿינגער. אָבער די מאַמע האָט געהייסן, האָב איך געמוזט צעהאַקן. אויף טריף און אויף כשר. וואָרעם ווער האָט געגעסן פֿלייש? אַ מיטלקלאַס־מענטש האָט געגעסן דרויב, האָט געגעסן קאָפּפֿלייש. די גויים ווידער פֿלעגן קומען זונטיק אין דער פֿרי — „סימכאָוואַ, פֿלייש!״ פֿלעג איך זיין דער העקער. כ׳בין שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט פֿאַרבונדענע פֿינגער. די מאַרדעס פֿון די קעפּ פֿלעגן קויפֿן די פּויערים. אַז די פּויערים האָבן פֿאַרקויפֿט זייער תבואה, זייער מילך, די קעז, די הון, פֿלעגן זיי אַריינגיין אין באַוואַרניע טרינקען און אָנשיכורן זיך. פֿלעגט מיך די מאַמע אָנלאָדן און הייסן גיין ווו זיי

זענען געשטאַנען. פלעגט איך אַרומגיין מיט אַ קויש, צוגיין צו אַ וואָגן און בעטן מ׳זאָל ביי מיר קויפן אַ פּוס, אַ קאָפּ, פליאַקעס, אַן אָדער. ער פלעגט קויפן דער גוי און מאַכן אַ געלעכטער, ווי אַ גוי. זיי פלעגן קומען אויך אין יאַטקע, ווי כ׳האָב געזאָגט. זיי האָבן ליב געהאַט מיין מוטער. זי איז געווען זייער פריינדלעך צו זיי.

ווען די קריג איז אויסגעבראָכן אָנהייב סעפּטעמבער 1939, איז דער דייטש אַריין צו אונדז און פאַרנומען לובלין. די פּוילישע פּאָליציי האָט געבעטן מיך און נאָך עטלעכע בעלי־בתים מיר זאָלן זיי צוהעלפן, ווייל די שקצים האָבן ראַבירט דאָס מעבל פון אָפיצערן־הויז, און זיי קענען זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן. בין איך אַריינגעגאַנגען. האָט מען מיר געגעבן אַ שטעקן אין האַנט איך זאָל גיין מיט די שקצים.

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין, האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן צו ווייזן זייערע קונצן קעגן די יידן. דעם ערשטן פּאָרפאָל האָב איך געהאַט, ווען מ׳האָט מיר געהייסן גיין קלייבן די טויטע זעלנער, וואָס זענען געפאַלן ביי דער שטאָט. כ׳זאָל אַרויסנעמען די פּאַפּירן פון זייערע טאַשן, כ׳זאָל אויפשרייבן זייערע נעמען און מ׳זאָל זיי פירן אויף ליפּאָווע צום גרויסן צמענטאַזש באַגראָבן, און אויפשרייבן אויפן צלם דעם נאָמען פון מת, ווער ער איז און פון וואַנען ער שטאַמט. דערווײַלע האָבן די דייטשן געשאָסן יידן. האָב איך געמוזט ריזיקירן מיטן לעבן. מ׳האָט געשאָסן אַן 18־יעריק יינגל. האָב איך זיך אַדורכ־געריסן דורך די דראָטן. איז דער טאַטע פון יינגל געקומען צו מיר מיט טרערן אין די אויגן, איך זאָל אים העלפן ברענגען זיין קינד צו קבר ישראל. דער דייטש האָט זיך געדרייט אויף דער וואַרטע און איך בין צוריק אַריין, כ׳האָב אַרויסגעשלעפּט דעם מת פאַר אַ האַנט און געברענגט אויפן הייליקן אָרט.

# פערטער קאַפּיטל

נאָך פּילסודסקיס טויט האָבן יידן דערפילט, אַז זייער לאַגע אין פּוילן הייבט זיך אָן צו בייטן. די פּאָליאַקן זענען אַרומגעגאַנגען מיט שפּיציקע נעז. ס׳האָט זיך שטאַרק גענומען אַרויסווייזן דער אַנטי־סעמיטיזם.

צו יענער צייט האָט מיך מיין טאָכטער געבעטן, כ׳זאָל זי פאַר־שרייבן אין אַ פּריוואַטער פּוילישער שולע (נישט אין דער אַלגעמיינער שולע), כדי זי זאָל האָבן אַ ריינעם פּוילישן אַקצענט. איך האָב איר צוליב געטאָן און כ׳האָב געצאָלט מאַנאַטלעך פאַר איר לערנען. איז זי יעדן טאָג געקומען פון דער שולע אַהיים מיט אַ געוויין: מ׳שלאָגט זי, מ׳הרגעט זי. האָב איך צו איר געזאָגט: „גוואַלד געשריגן, קענסט נישט אויפהייבן אַ האַנט און געבן אַ קלאַפּ צוריק?״ זאָגט זי: „כ׳קאָן נישט״. הכלל, מיין שוויגער איז אַוועק אין שולע און האָט געפרעגט די לערערין: „וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז דאָ דער חילוק? דאָס קינד רעדט פּויליש גלייך ווי אַלע קינדער, און אַז זי גייט אַרויס אויפן שפּאַציר, מאַכט מען איר דעם טויט, מ׳גרייפט זי אָן, מ׳שלאָגט זי״. זאָגט די לערערין: „וואָס זאָל מען טאָן? זאָל זי זיך ווערן!״ האָט מיין שוויגער געזאָגט: „און אַז זי קען זיך נישט ווערן, איז שוין אַלץ הפקר?״ קיין ענטפער האָט זי נישט באַקומען.

בין איך אַליין אַוועק אין שולע. כ׳קוק זיך צו: לייטישע קינדער, פון שיינע היימען, אַפּיצערסקע קינדער, קינדער פון הויכע באַאַמטע. זייערע עלטערן האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן נישט צו געבן זייערס אַ קינד קיין מיטלבילדונג. האָט מיר די לערערין געזאָגט: „זאָל זי גיין אין שולע, זי לערנט זיך בעסער, זי רעדט אַ גוטן פּויליש.

ס׳וועט איר זיין לייכטער אַנצוקומען אין גימנאַזיע״. האָבן מיר פאַר־קוקט.

דערווײַלע האָבן זיך באַוויזן אין די שבתדיקע צײַטונגען ידיעות וועגן די זבאָנזשינער יידן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. די זבאָנזשינער יידן זענען געווען שטאַטלאָז. האָבן זיי די דייטשן דערקלערט פאַר פוילישע בירגער און זיי האָבן זיי אַרויס־געשיקט אויפן וואַסער — מ׳האָט זיי אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע. דעמאָלסט האָט שוין אַזאַ ייד ווי איך אָנגעהויבן צו דערפילן, ווו ער האַלט אין דער וועלט. כ׳האָב שוין דערזען ווער איך בין. ביז אַהער האָב איך אַלץ פון מיר געיאָגט, כ׳בין געלאָפן, כ׳האָב גע־אַרבעט, כ׳האָב פאַריאָגט די צייט, כ׳האָב נישט געגלייבט, אַז אַזאַ זאַך קען פאַסירן אין פוילן. אַז כ׳האָב דערהערט וועגן די זבאָנזשינער יידן, האָב איך מיך שוין אָפּגעקילט.

איך, מיין פרוי, מיין קינד און מיין שוויגער האָבן געוווינט צוזאַמען. האָבן מיר אָנגעהויבן צו קלערן וואָס צו טאָן. דער אַנטי־סעמיטיזם ווערט אַלע טאָג גרעסער. די ווייסע היטעלעך פון די אוניווערסיטעטן קאָכן שוין אַרום אויף די גאַסן. זיי זענען אַריינ־געקומען אין סאַסקע גאָרטן, דאָרט ווו דער מיטלקלאַס יידן, און דער דריטער קלאַס יידן, פלעגן קומען שבת מיט זייערע קינדער כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, און די סטודענטלעך זענען זיי באַפאַלן און צעשלאָגן. האָב איך געפרעגט מיין שוויגער: „וואָס טוט מען? מ׳דאַרף קלערן וועגן אַ תכלית. אפשר זאָלן מיר פון דאַנעט אַנטלויפן? אפשר וועלן מיר קענען אַלצדינג פאַרקויפן און אַנטלויפן?״. מיין שוויגער האָט געהאַט אַ זון אין פוילן און אַ זון אין אַרגענטינע. האָב איך געזאָגט: „לאָמיר שרייבן צו ישראלן קיין בוענאָס־איירעס. אפשר וועלן מיר אַרויספאָרן קיין אַרגענטינע. הכלל, מיר האָבן אים גע־שריבן. האָט ער אונדז צוריקגעשריבן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז דאָרט ערגער ווי אין פוילן. זענען מיר שוין אָפּגעקילט געוואָרן.

מיין שוויגערס זון פון פוילן איז געווען אַ לעגיאָנער. ער האָט געקעמפט צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אין 1918־טן און 1919־טן יאָר.

האָט ער אָנגעשריבן אַ ביטע צו פּילסודסקין (ווען ער האָט נאָך געלעבט), ער זאָל אים געבן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט אים אויך געשריבן, ווען און ווו ער האָט גע־קעמפט. האָט מען די ביטע געהאַלטן אין איין אָפּלייגן. דערווײַלע איז פּילסודסקי געשטאָרבן. האָט מען שוין די מעשה פאַרנאַכלעסיקט, און ער איז געבליבן זיצן מיט זיין פרוי און מיט זיינע פיר קינדער. איך האָב געהאַט נאָר איין קינד.

שפּעטער אַביסל האָט מען אָנגעהויבן רופן רעזערוויסטן אין דער אַרמיי. פון איין יאָרגאַנג, פון אַ צווייטן, פון אַ דריטן. ס׳איז געווען אַ שטילע מאָביליזאַציע. מיך האָט מען גערופן אויף אַ קורס פון זעקס וואָכן, כ׳זאָל זיך לערנען ווי צו באַהאַנדלען אינוואַלידן, גע־ראַנירטע, דערטרונקענע. לעבן אונדז איז געווען אַ שולע. זענען מיר אַהין געגאַנגען דריי מאָל אַ וואָך פאַרנאַכט אויף אַ פּאָר שעה, און מ׳האָט אונדז געלערנט ווי צו פאַרבאַנדאַזשירן, ווי אויסצופּאָמפּעווען ס׳וואַסער פון אַ דערטרונקענעם. די רעזערוויסטן זענען געווען יידן און גויים, די מערהייט — יידן.

אַזוי איז אַריבער יוני און יולי 1939. אַלע טאָג זענען צוגעקומען רעזערוויסטן שאָפערן, מעכאַניקער. די קאַזאַרמעס זענען שוין געווען פול. מ׳האָט געפילט, אַז וואָס פון טאָג רוקט זיך נעענטער צו די מלחמה. נאָר מ׳האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלייבט. יידן האָבן געזאָגט: „פּוילן וועט גיין מלחמה האַלטן? דייטשלאַנד וועט אָנפאַלן אויף פּוילן? מיר האָבן ענגלאַנד און פראַנקרייך!" און די פּאָליאַקן האָבן געזאָגט: „מיר וועלן קיין קנעפּל נישט געבן!" דער בעל־הבית אין פּוילן איז געווען דער גענעראַל רידז שמיגלי.

אין אויגוסט האָט שוין געשמעקט די לופט מיט פּולווער. ס׳האָט שוין געדרעגנט מיט מלחמה. דעם ערשטן סעפּטעמבער אין דער פרי, פרייטיק, האָט מען באָמבאַרדירט לובלין און אַלע גרעסערע שטעט. איך בין דעמאָלסט פאַרבליבן אָן געלט און כמעט אָן אַ מעגלעכקייט צו לעבן. כ׳האָב מיין פאַרמעגן געהאַט ליגן אין סחורה, אין פעל.

ס׳האָט מיר געקומט געלט פון מיליטער. כ׳בין געבליבן צעטומלט. וואָס טוט מען איצט?

דעם 15־טן זענען די דייטשן אַריין אין לובלין. זיי האָבן באַזעצט די פּאָליציי און זיי האָבן פאַראָרדנט, אַז די יידן, וואָס זענען געבעטן געוואָרן די לעצטע טעג צו העלפן דער פּוילישער פּאָליציי, טאָרן אין דער פּאָליציי נישט פאַרבלייבן. זענען מיר אַהיים געגאַנגען. דאָס איז געווען יום־טובים־צייט — ראש השנה, יום כיפּור. שמחת־תורה האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז רוסלאַנד דאַרף פאַרנעמען לובלין, און די דייטשן וועלן אַוועקגיין קיין ראָדעם ,און די ווייסל וועט זיין די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויסצולאָדעווען אַלע סחורות פון לובלין און פון לובלינער געגנט. איך האָב געהאַט פּאַר שווערע טויזנטער זלאָטעס פעל. לויטן פּוילישן געזעץ, האָבן פעל געמוזט ליגן אין שעכטהויז אין זאַלץ 48 שעה. דערנאָך האָט מען געהאַט רעכט אַרויסצופירן זיי און פאַרקויפן. איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן קריסט, אַ פּאָזנאַניאַק, אַ געוויסן סילער (כ׳האָב שוין וועגן אים אַ ביסל דערציילט). האָט ער געהאַט אַ נקבה, אַן אמתע דייטשקע פון לייפּציג, אַ יונגע, סילער אַליין איז געווען אַן אַלטער גוי. ווען ער האָט צוגענומען ביי מיר דאָס געשעפט, האָב איך אים אַריינגענומען צו מיר אין הויז ווינען, כדי כ׳זאָל וויסן ווער ס׳קומט צו אים אַריין, וועמען ער קויפט איבער. כ׳האָב נאָך אַלץ געהאַפט צוריקצוגיין צום געשעפט אין פאָלק.

איך בין אַוועק צו סילערן און כ׳האָב געפרעגט: „הער סילער, דו ביסט דאָך אַ דייטש. וועסט מיר העלפן?״ זאָגט ער — „יאָ, כ׳וועל דיר העלפן, ווי ווייט כ׳וועל נאָר קענען״. אַז כ׳האָב געזען מ׳פירט אַרויס די פעל, בין איך אַריין צו אים און געזאָגט: „גיי אַריין, הער סילער, אין שעכטהויז אַריין און זאָג, אַז ס׳איז דיינע פעל און נעם אַ קוויטל אויף דיין נאָמען. דאָרט ליגן פּאַר טויזנטער זלאָטעס פעל!״ האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וועט גיין, אָבער ער האָט מיך אָפּגענאַרט. ער איז נישט געגאַנגען. האָב איך גענומען

אַ שטעקן אין האַנט און בין אַליין אַוועק אַהין צופוס. ס׳איז געווען אַ דריי־פיר קילאָמעטער פון אונדז. אָבער ווער האָט שוין געקאָנט דעמאָלסט פאָרן?

כ׳בין צוגעקומען צום שעכטהויז, זע איך — אונדזערע יידעלעך שטייען מיט פערד און וועגן. אין לובלין איז געווען אַ האַלענדישע פירמע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט עקספּאָרטירן חזירפלייש. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די קריג, האָבן די פּאָליאַקן געזאָגט: „די דייטשן דאַרפן דאָס אַלץ צונעמען?״ האָבן זיי געטיילט חזירים צווישן די וואָס זענען געקומען נעמען. טויזנטער חזירים האָבן זיי צעטיילט. יידן, גרויסע גבירים זענען אויך געקומען מיט וועגענער און זיי האָבן געכאַפּט חזירים, וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט. בין איך צוגעגאַנגען צו שלמה בידערמאַנען און געזאָגט: „גוואַלד געשריגן, דו ביסט דער רייכסטער ייד, וואָס שעכט אין לובלין, און שטייסט און כאַפּסט חזירים און פאַרקויפסט זיי. דו וועסט דאָך נישט לעבן, שלמה. זאָלסט געדענקען, ביים דייטש וועט קיינער נישט לעבן. מיר זענען פאַרפאַקט. מיר וועלן נישט לעבן״. „איי, — זאָגט ער — ביסט אַ בהמה״.

כ׳בין אַריין צום דייטש, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן שעכטהויז, און כ׳האָב געזאָגט, אַז איך הייס גאָלדבערג און אַז איך האָב דאָ ליגן אַזוי און אַזוי פיל פעל. האָט ער געזאָגט: „יודע, גיי אין שול און בעט גאָט. אַז מיר וועלן געווינען די קריג, וועסטו באַקומען באַצאָלט פאַר די פעל״. ער האָט מיך געגעבן אַ דריי אויס און אַ קאָפּע געטאָן אין הינטן. כ׳בין אַרויסגעפאַלן פון דער טיר און בין אַוועקגעגאַנגען, פאַרווינט, פאַרביטערט. גייענדיק האָב איך אָנגעטראָפן דעם שלמהן נאָך אַ מאָל. „נו, שלמה — זאָג איך צו אים — אָט האָסטו. וויפל פעל האָב איך דאָ ליגן? מער ווי דו חזירים״.

דעם אַנדערן טאָג בין איך אַרויס צו די קאַזאַרמעס. פאָרט אַ דזשיפּ מיט דייטשן, און איך גיי מיר מיין וועג פאַרזאָרגט, פאַרצרהט. הער איך מ׳שרייט: גאָלדבערג! גאָלדבערג!!״ דייטשן זאָלן רופן גאָלדבערג? אפשר הייסט דאָרט אַ דייטש גאָלדבערג? בין איך צוגעגאַנגען צום דזשיפּ. געזעסן זענען דאָרט פיר דייטשן און איינער

טוט אַ מאָך צו מיר: „דערקענסט מיך נישט?" בלייב איך טויט: אַ דייטש? „אוי — זאָגט ער — דערקענסט נישט קאַפּטשינסקין?" זאָג איך: „קאַפּטשינסקין? יאָ. איצט דערקען איך דיך שוין". זאָגט ער: „איך האָב דאָך ביי דיר געקויפט די שינקעס פון די חזירים. איך בין אַ דייטש. ביי דיר בין איך געווען אַ פּאָליאַק. איצט בין איך אַ דייטש. וואָס קלערסטו צו טאָן?" זאָג איך: „איך ווייס?... הער קאַפּטשינסקי, וואָס טוט מען טאַקע?" זאָגט ער: „גיי, כ'וועל שוין זען". ער האָט געהאַט אַן אָפּגעפרעסן פּנים, וואָס האָט זיך געלויכטן. ביי די פּאָליאַקן איז ער געווען דער מייסטער פון דער וואָרשטפאַבריק. מ'האָט דאָרט געשאָכטן טויזנטער חזירים אַ טאָג. די לאַגע אין לובלין איז געוואָרן ערגער. מ'האָט שוין אָנגעהויבן צו שיסן מענטשן.

אַז די רוסן האָבן נאָך שמחת־תורה געגעבן אַ זאָג, אַז זיי גייען צוריק און דער דייטש וועט בלייבן אין לובלין, איז ווער ס'האָט געהאַט העגט און פיס איז מיטגעלאָפן מיט זיי. און זיי האָבן אויפגענומען אַלעמען מיט אָפענע הענט. זיי האָבן געשטעלט לאַסטוואַגנס, ווער ס'האָט געהאַט אַ קו, האָט זי געקאָנט מיטנעמען. בעטגעוואַנט און אָנטועכץ האָט יעדערער מיטגענומען. איך האָב נישט געהאַט ווו צו לויפן. ווי לאָזט מען איבער צוויי פרויען מיט אַ קינד און מ'לויפט אַוועק?

דערווייל איז די באָמבאַרדירונג אָנגעגאַנגען. אַן עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק צו די גאַסן און האָט געשאָסן. איז געוואָרן אַ געלויף צום בוג. צענער טויזנטער זענען געלאָפן. מ'האָט איבערגעלאָזט אויף די וועגן אויטאָס, ראָווערן און מ'איז געלאָפן, פאַרוואונדיקטע מיט אָפּגעבראָכענע פיס, און דער עראָפּלאַן האָט געקאָשעט, ער האָט געהאַקט און געהאַקט.

אַ שיינער סעפּטעמבער איז דעמאָלסט געווען. אין דרויסן איז געווען זומער. מ'האָט געקאָנט שלאָפן אויף די פעלדער. איך מיט נאָך צוויי יידן האָבן אָפּגערעדט צוצופאָרן קיין אָסטראָווע, זען וואָס דאָרט טוט זיך. אָסטראָווע איז אַ קליין שטעטל וואָס איז געלעגן אַן אַ זייט. דאָרט האָט מען נישט באָמבאַרדירט. אפשר וועלן מיר דאָרט

קענען זײַן. מײַן פרוי האָט געטענהט: „פאַר אַוועק. קודם די מענער. זיי כאַפּן דאָך מענער". געקומען קיין אָסטראָווע, האָבן מיר געקויפט אַ פערד און וואָגן, כדי צו פאָרן ווייטער. די אָסטראָוועווער יידן האָבן נישט געליטן. האָבן זיי געזאָגט: „ווו ט'איר לויפן? איר האָט פּאַמיליעס. פאָרט אַהיים". זענען מיר געפאָרן אַהיים. דערווײַלע האָט זיך די לאַגע אַ ביסל באַרויִקט. די דײַטשן האָבן געמאָלדן, אַז זיי נעמען צו דאָס שעכטהויז, און די קצבים, אויב זיי ווילן, קאָנען זיי שעכטן פאַרן פאָלק, פאַר די מאַסן, אָבער דאָס פלייש מוז געבראַכט ווערן צום קאָנטראָל. שעכטן מעג מען ווו מ'וויל — אין קאַמער, אין שטאָל. יידן האָבן באַלד פאַרגעסן פון אַלע צרות. דער דײַטש לאָזט לעבן!... הכלל, מ'האָט אָנגעהויבן צו קויפן בהמות און צו שעכטן אין די שטאַלן. אַ טייל האָט מען געפירט צום קאָנטראָל, אַ טייל — נישט. דאָס פעל האָט מען פאַרקויפט אויף שוואַרץ. אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן רודערן.

איך בין אָבער אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי אָן לעבן. כ'האָב כסדר געטענהט — מען וועט נישט לאָזן לעבן. צווייטנס, האָב איך נישט געהאָט קיין געלט. האָב איך זיך דורכגערעדט אין שטוב — וואָס טוט מען? האָט מיר די שוויגער געזאָגט: „איך הייס נישט גיין, איך הייס נישט אָנהויבן צו טאָן מיטן דײַטש".

ווען מען האָט געשמועסט — מלחמה, מלחמה, האָט מײַן שוויגער צוגעגרייט אַ ביסל פּראָוויאַנט — זייף, זאַלץ, מעל און נאָך פאַרשיידענע פּראָדוקטן. מײַנע לאָקאַטאָרן, די פּאָליאַקן, האָבן מיר געזאָגט, איך זאָל קיין מורא נישט האָבן. „מיר וועלן דיר העלפן". ווי נאָר די דײַטשן זענען אַרײַן, בין איך אַרויפגעקומען באַלד צו מאָרגנס מאָגנען דירה־געלט. זאָגט צו מיר אַ שכנה, אַ קריסטן: „דו ביסט שוין אויס באַלעבאָס. דער בעל־הבית איז איצט דער דײַטש".

כ'האָב באַקומען אַ באַפעל אַרײַנצוטראָגן די שליסלען פון הויז אין מאַגיסטראַט. אין פּוילן איז געווען אײַנגעפירט, אַז יעדער בעל־הבית פון אַ הויף דאַרף פירן אַן אײַנמעלדונגס־בוך. אין בוך זענען פאַרשריבן געווען די נעמען און די פאַמיליעס פון אַלע שכנים פון

הויף. ווען עמיצער איז געקומען איבערגעכטיקן, האָט מען אים גע־דאַרפט איינשרייבן אין בוך, און ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט מען אים געדאַרפט אויסמעלדן. און יעדן מאָל האָט מען דאָס בוך געדאַרפט ברענגען אין מאַגיסטראַט צום באַשטעטיקן. באַקומען דעם באַפעל, האָב איך אַוועקגעטראָגן אין מאַגיסטראַט דאָס בוך מיטן שטעמפּל. און כ׳האָב זיך געשעמט צו גיין מאָנען דירה־געלט ביי די לאָקאַטאָרן. כ׳האָב זיך באַגראָבן פאַר בושה.

כ׳האָב געזען, אַז ס׳איז קיין תכלית נישט גאָרנישט צו טאָן. האָבן מיר צוויי־דריי יידן געקויפט אַ בהמה, געשאָכטן און אַוועקגע־פירט קאָנטראָלירן. דער דאָקטאָר האָט באַקוקט דאָס פלייש, אָפּגע־שטעמפּלט, און מיר האָבן עס פאַרקויפט. מ׳האָט פאַרדינט אויף פרנסה. ביסלעכווייז האָבן יידן אָנגעהויבן פירן מעל און עסנוואַרג, אַזוי ווי ס׳האָט זיך פריִער געפירט. דער דייטש האָט דערווייליע נישט געטשעפּעט. איך האָב אָבער געזאָגט: „איך וועל דאָ נישט זיין. איך האָב מורא״. כ׳בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ מורא אין האַרץ, אַז איך וועל נישט לעבן.

יעדע נאַכט זענען געגאַנגען צום בוג פערד און וועגן. פון אונדז צום בוג איז געווען אַ שטייגער אַ 60 קילאָמעטער. וולאָדאַווע איז געלעגן ביים בוג. פון דער צווייטער זייט בוג איז געווען בריסק און דאָמאַטשעווע. איין מאָל האָב איך געטראָפן עטלעכע מענטשן, וואָס פאָרן קיין פּיאַסק. האָב איך באַשלאָסן מיטצופאָרן. כ׳האָב גענומען אַ העמד מיט אַ זעקל, כ׳האָב זיך געזעגנט מיט דער שטוב און כ׳בין אַוועקגעפאָרן קיין פּיאַסק. פון פּיאַסק בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וולאָדאַווע. כ׳גיב אַ קוק — דאָרט זיצן די סאַמע יונגע חברה פון טשעכעוו, די קאָמוניסטלעך. טוען זיי זיך אַ קער צו מיר: „נו, וואָס זאָגסטו היינט? וואָס זאָגסטו צו דיין קאַפּיטאַל? זאָג איך: „וואָס זאָל איך זאָגן? כ׳זאָג גאָרנישט״. זיי אַלע האָבן געגעסן פון איין קעסל. זיי האָבן אַליין געקאָכט. האָב איך געפרעגט: „איר וועט מיך צונעמען פאַר אַ שותף?״ הכלל, כ׳האָב באַצאָלט פאַרן עסן. מ׳האָט מיך אַריינגענומען. חברים...

כ׳האָב אָנגעהויבן צו זוכן אַ שמוגלער, וואָס זאָל מיך אַריבער־פירן אויף יענער זייט בוג. האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין וולאָדאַווע איז פאַראַן אַ ייד אַ לעגיאַנער, וואָס שמוגלט אַריבער אויף יענער זייט אין אַ לאָדקע. דער ייד האָט מיר געזאָגט, אַז ער פירט אַריבער איינציקווייז, ווייל מיט צוויי מענטשן קערט זיך די לאָדקע איבער. מיר זענען דורכגעקומען מיטן פּרייז. פרעג איך אים: „וואָס וועט זיין אויף יענער זייט?" האָט ער געזאָגט: „אויף יענער זייט וואַרט אַן אוקראַינער און ער וועט אונדז פירן ווייטער". געווען זענען מיר פיר מאַן. ווען ער האָט מיך אַריבערגעפירט, האָב איך געוואַרט אויף די איבערגעבליבענע דריי. דערנאָך האָט אונדז דער גוי געפירט. מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, איז אַרויסגעשפּרונגען, ווי פון אַ קבר אַרויס, אַ רוס פון דער גרענעצוואַך: „שטיין! די הענט אין דער הויך!" דעמאָלסט איז שוין פאַרבאָטן געווען איבערצוגיין פון איין זאָנע אין דער צווייטער. שיקט אונדז דער זעלנער צוריק צו די דייטשן. הכלל, כ׳האָב אַראָפּגענומען פון האַנט אַן אָמעגאַ און כ׳האָב אים דערלאַנגט. דאָס האָט געהאָלפן.

מיר זענען אָנגעקומען קיין בריסק ביינאַכט. די אויגן האָבן זיך מיר געעפנט: אַ גן־עדן; מ׳זינגט, מ׳טאַנצט, מ׳פּאָרט אויף די באַנען. מ׳האָט נישט קיין מורא פאַרן דייטש. וואָס טוט מען אָבער ווייטער? איך האָב אַ מאָל געהאַנדלט אויף די קרעסן. יום־טובים־צייט פלעג איך פאָרן אויף די ירידן פון וולאָדימיר־וואָלינסק, ליבעוונע, מאַ־טשעווע, קאָווליע, ראָוונע, לוצק. פון דאָרט פלעגן מיר טרייבן בהמות צופּוס. מיט דער באַן האָט געקאָסט טייער. כ׳האָב געהאַט אַ ליבעוונער ייד, וואָס האָט גענומען צוויי און אַ האַלבע זלאָטעס פּאַר אַ בהמה פאַרן טרייבן. דער ייד פלעגט צונויפנעמען אַ פּאָר הונדערט בהמות און ער האָט זיי געטריבן קיין כעלם, לובלין, וואַרשע, ראָדעם. געטריבן האָבן פּויערים. ער איז געווען דער אונטערנעמער. טראַכט איך מיר, כ׳וועל אַריינפאָרן צו מיינע חברים אין קאָווליע. ווען כ׳בין געקומען אין קאָווליע ביינאַכט, האָב איך באַגעגנט איינעם אַ כעלעמער, שלמה שפּאַר (ער איז געזעסן אין קאַרטוז־בערעזע און די דייטשן האָבן אים

פון דאָרט אַרויסגעלאָזט). ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט. ער האָט זיך געקושט מיט מיר, און ער האָט מיך אַריינגענומען צו זיך וווינען. כ'האָב זיך אַרומגעדרייט אַ וואָך, צוויי. מיין פאַמיליע גייט מיר פון קאָפּ נישט אַרויס. אין קאָווליע האָב איך געטראָפן יידן פון פולעוו, קצבים, פּאַדראַדטשיקעס, וואָס האָבן צוגעשטעלט פלייש פאַרן מיליטער אין פולעוו. מיר האָבן זיך געקענט. זאָג איך צו אברהם ניסימאָוו: „וואָס וועט זיין?" זאָגט ער: „ווייסט וואָס? לאָמיר אָר־גאַניזירן אַן אַרטעל פון פלייש. מיר'ן שרייבן קיין מאָסקווע, און מאָסקווע וועט אַראָפּשיקן אַ פּרעדסיעדאַטעל. דער פּלאַן איז מיר געפעלן, און מיר האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. איז אַראָפּגעקומען פון מאָסקווע אַ פּרעדסיעדאַטעל. מיר האָבן צונויפגענומען יידן, פּאָליאַקן און אוקראַינער און מיר האָבן אָרגאַניזירט דעם אַרטעל „קיראָוו". דער אַרטעל וועט קויפן בהמות און חזירים און וועט אויסאַרבעטן וווּרשט און פעטס.

קומט צו צו מיר דער פּרעדסיעדאַטעל: „וואָס קאָנסטו טאָן אין אַרטעל?" זאָג איך: „איך בין פעיִק צו אַלצדינג". זאָגט ער: „קאָנסט איינקויפן חזירים, בהמות?" זאָג איך — „יאָ. אָבער פאַרגעס נישט, אַז איך בין אַ ביעזשעניעץ. מיין פאַמיליע איז דאָ נישטאָ, און אַז מ'פאָרט אַרום איבער די דערפער, קומט מען אַהיים שפּעט. איך וווין ביי אַ באַלעבאָסטע. איז דאָס פאַר מיר שווער". מאַכט ער: „ניטשעוואָ, וועסט נישט פאַרלוירן גיין".

כ'האָב נישט געוווּסט, אַז אויב איך בין אַן איינקויפער פון דער און דער אָפּטיילונג, טאָר איך נישט קויפן אין יעדן דאָרף. אַז איך קויף אין אַ דאָרף, וווּ איך טאָר נישט קויפן, אַרעסטירט מען מיך און מען נעמט צו די בהמות. צום ביישפּיל, די באַנסטאַציע האָט רעכט צו ניצן כך וכך קילאָ פלייש אַ חודש, זי האָט רעכט אויף הונדערט בהמות. די בהמות קריגט זי צוגעטיילט צו דער און דער דאַטע. אויב איך קויף אין אַ דאָרף וווּ ס'איז פאַרבאָטן און די פּאָליציי כאַפּט מיך, זעצט זי מיך איין און נעמט צו די בהמות.

דערנאָך איז דאָ נאָך אַ מעשה: דער נאַטשאַלניק גיט מיר אַן

דעם פּרייז, וואָס איך מעג צאָלן פאַר אַ קילאָ פליישׁ. אויב מיך קאָסט דאָס פליישׁ טייערער, בין איך אַ שלעכטער איינקויפער. מאַכט מען מיר אַ פּראָצעס! האָב איך געזאָגט צום נאַטשאַלניק: „דאָ איז דאָך פּוילן, נישט רוסלאַנד מיט אירע פּרייזן". האָט ער מיר געענטפערט: „כ'וויל פון קיין זאַך נישט וויסן". האָב איך דאָך געזען — ס'איז חושך, ביטער. קיין דינגען זיך האָט נישט געהאָלפן. דער פויער האָט געזאָגט: „ווילסט צאָלן — צאָל. ווילסט נישט — קויף נישט". אַריינגיין אין דאָרף זען, אפשר איז דאָרט ביליקער, לאָזט נישט די פּאָליציי. בין איך אַהיים געקומען לײדיק, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. האָט מען מיך גערופן צום פּראָקוראָר: „ווילסט נישט קויפן? ווילסט נישט אַרבעטן?" בין איך אַוועק צום פּרעדסיעדאַטעל: „דו מוזט מיך באַפרייען פון דער אַרבעט. כ'קום אַהיים איינס ביינאַכט, צוויי ביי־נאַכט. פאַרטאָג מוז איך ווידער פאָרן, כ'האָב נישט, ווער ס'זאָל מיר אַ העמד אויסוואַשן, ווער ס'זאָל מיר עפּעס אָפּקאָכן. כ'קען נישט!" זאָגט ער: „וואָס זשע ווילסטו זיין? אפשר דער פאַרוואַלטער פון מאַגאַזין?" בין איך געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון מאַגאַזין. אַלע אין דער פרי האָבן דאָרט געוואַרט אויף פליישׁ אַ פוציק־זעכציק פורן. אַז כ'בין נישט געקומען, איז דער מאַגאַזין געווען געשלאָסן. און דאָרט איז געווען אַזאַ איינפיר: ס'האָט נישט געטאָרט זיין מער און ס'האָט נישט געטאָרט זיין ווייניקער, ווי ס'ווייזט די בוכאַהאל־טעריע. אויב ס'איז געווען מער, איז ווו האָסטו גענומען? אויב ווייניקער — ביסטו אַ גנב! גייסטו באַלד זיצן.

איז דאָס געווען פאַר מיינע געדאַנקען? כ'האָב כסדר געהאַט מיין היים אין קאָפּ. אָבער מ'דאַרף דאָך אַרבעטן.

און נאָך אַ זאַך: כ'האָב געהאַט ליגן אין מאַגאַזין אַ פאַר טויזנט קילאָ חלב. זענען געקומען יידן פון לעמבערג און האָבן מיך געבעטן כ'זאָל זיי פאַרקויפן כאָטש אַ טייל פון דעם חלב, ווייל ביי זיי גייט מען אויס פון הונגער. בין איך אַריין בעטן דעם נאַטשאַלניק, ער זאָל מיר לאָזן פאַרקויפן. האָט ער געזאָגט: „ניין. זאָל עס פאַרשטונקען ווערן, אָבער פאַרקויף נישט". די יידן האָבן מיר פאַרגעלייגט אַ פאַר

טויזנט רובל, כ׳זאָל זיי העלפֿן קויפֿן. איז מיר אַ שאָד געווען די פּאָר טויזנט רובל. בין איך ווידער אַריין צום פּרעדסיעדאַטעל: „גוואַלד געשריען, ס׳ווערט דאָך פֿאַרשטונקען!” זאָגט ער: „ס׳איז נישט דיין עסק, ברודערל. טאָרסט נישט פֿאַרקויפֿן”. דאָס חלב איז טאַקע פֿאַרשטונקען געוואָרן און מ׳האָט עס אַוועקגעגעבן צו מאַכן זייף. דער פֿאַרוואַלטער פֿון זייף־מאַגאַזין האָט געטענהט, אַז ער טאָר נישט קויפֿן אַזוי פֿיל פֿעטס אויף זייף, אַז ער האָט נישט אַזוי פֿיל קעסלען צו קאָכן. האָט מען אים געזאָגט: „וואַרף עס אַרויס!” אַזאַ אָרדענונג איז געווען.

דער נאַטשאַלניק פֿון דער באַנסטאַציע האָט מיך געבעטן כ׳זאָל אים געבן נאָך צוויי פֿערטלען פֿלייש: „כ׳וועל דיר באַצאָלן וויפֿל דו ווילסט”. האָב איך אים געזאָגט: „קיין געלט דאַרף איך נישט. צו וואָס טויג מיר געלט? כ׳קאָן קומען צו דיר מיטן פּרעדסיעדאַטעל. גרייט צו אַ שנאַפּס”. אַז מיר זענען געקומען צו אים ביינאַכט, איז שוין געווען אָנגעשטעלט אויף די טישן פֿון כל טוב. מ׳האָט געטרונקען און געפֿרעסן אָן אַ שיעור. און איך האָב שוין געגעבן דעם נאַטשאַלניק פֿלייש, וויפֿל ער האָט באַדאַרפֿט.

ווי איך האָב געקומען אויף צו געבן? ביים קאָנטראָל האָט מען דאָך אַלץ געוווגן! האָב איך אָבער געהאַט פֿלייש אויף צו מאַכן וווּרשט. זענען מיר געבליבן די ביינער. פֿלעג איך ביים קאָנטראָלירן צולייגן די ביינער צום פֿלייש. אַזוי אַרום האָב איך געדעקט די וואָג. און אַלץ האָט געשטימט. אַז אַ קאָנטראָל איז געקומען צו אונדז, האָבן מיר געשטעלט צו שיכורן. און אַז דער קאָנטראָליאָר איז געווען שיכור, האָט ער געשריבן, וויפֿל מ׳האָט אים געזאָגט. כ׳האָב שטענדיק געקאָנט פֿאַרקויפֿן וויפֿל כ׳וויל.

אַז כ׳האָב אַריינגענומען אין מאַגאַזין ווורשטן, זענען געקומען מיינע חברים, די פֿאַרקויפֿער, מיט אַ שמוגלער פֿון לעמבערג, און זיי האָבן ביי אים גענומען פֿאַר די ווורשטן וויפֿל זיי האָבן געוואָלט. מיר האָבן זיי באַצאָלט לויטן מלוכה־פּרייז. האָב איך זיי געזאָגט:

„קינדער, מ׳וועט דאָך גיין זיצן!״ האָבן זיי געלאַכט: מ׳וועט נישט גיין״.

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען אין יאָר 1939 ביז אַריבער 1940. אין יאָר 1940 האָב איך געזאָגט צו מיינע חברים: „לאָמיר צוריקגיין אַהיים. דאָ איז נישט קיין לעבן, און ס׳וועט פאַר אונדז נישט זיין קיין לעבן. כ׳האָב געקריגן אַ בריוו פון דער היים, אַז מען שמוגלט, מ׳האַנדלט, מ׳וואַנדלט. די דייטשן טוען גאָרנישט. לאָמיר צוריקגיין אַהיים״. איינער פון מיינע חברים איז דאָ געווען מיט אַ טאָכטער, איינער האָט געהאַט זעקס קינדער אין דער היים. און נאָך צוויי ברידער זענען געווען — אַלטמאַן. איך בין געווען דער גאַנצער אָרגאַניזאַטאָר. מיר האָבן באַצאָלט אַ שמוגלער דריי הונדערט דאָלער ער זאָל אונדז אַריבערפירן אויף יענער זייט בוג, לעבן וואַרשע, ווו די גרענעץ איז אַ טרוקענע. פון דאָרט זענען מיר געפאָרן קיין בריסק. אין בריסק איז דעמאָלסט געווען אַ דייטשער אָפיצער, וואָס איז פריִער געווען אַ קאַפּיטאַן פון דער פּוילישער אַרמיי אין קאָוועל, אין פּופּציקסטן פּאָלק. האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ דאַך און גערעדט אין אַ פּערפעקטן פּויליש: „יידן, פאָרט נישט! ווו גייט איר? ווו פאָרט איר? היטלער וועט נישט איבערלאָזן קיין איין לעבעדיקן ייד!״ ער האָט זיך געבעטן: „בלייבט ביי די רוסן!״ די יידן האָבן געלאַכט פון זיינע רייד.

אין בריסק זענען דעמלסט געווען אַזוי פיל יידן, אַז מ׳האָט געצאָלט פינף גראָשן פאַר אַ טעפּעלע ריין וואַסער. ס׳איז קיין וואַסער נישט געווען, ס׳איז קיין עסן נישט געווען. מ׳איז געשלאָפן אויף די גאַסן.

מיר דריי האָבן פאַרלאָזט וואָנסעס, מיר האָבן זיך איבערגעטאָן אין גוייִשע בגדים, אין „מאַטשעיווקעס״. דאָס מיידל אַנדזשע האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שיקסל. מיר האָבן געדונגען אַ גוי מיט אַ פערד און וואָגן. אַנדזשע איז געזעסן לעבן דער גויע. דער געגנט איז דאָרט אַ פּוילישער, רייכע פּאָליאַקן. אין וועג בין איך געגאַנגען הינטער דער גויע און מיינע חברים הינטער מיר. גיט אַ וואַקס אַרויס

ווי פון אונטער ד׳רערד אַן ענקאַוועדיסט מיט אַ הונט, אַזוי גרויס ווי ער אַליין: „סטאַי! (שטיין). די הענט אין דער הויך!״ איך גיי נאָך דער גויע. כ׳שטעל זיך נישט אָפּ. כ׳גיי. מיינע חברים זענען געבליבן שטיין. צי דער רוס איז בלינד געוואָרן, צי ער האָט מיך נישט געזען. כ׳ווייס נישט. ביז היינט ווייס איך נישט. כ׳בין געגאַנגען נאָענט פון וואָגן. די גויע איז באַלד צוגעפאָרן צו אַ הויז און האָט אַ זאָג געטאָן צום מיידל, צו אַנדזשען: „קום אַריין אין שטוב״ און מיך האָט זי געגעבן אַ וואָרף אַריין אין אַ גרוב פון קאַרטאָפליעס. פאַרנאַכט איז אַראָפּ צו מיר די גויע און געפרעגט: „וואָס וועסטו איצט טאָן?״ זאָג איך: „כ׳ווייס נישט. ווו זענען די איבעריקע?״ זאָגט זי, אַז זי ווייס אויך נישט.

כ׳קום אַריין אין שטוב, הייבט דאָס מיידל אָן צו וויינען: „ווו איז דער טאַטע?״ הכלל, דער גוי האָט זיך אויפגעהויבן און האָט אונדז אַרויפגעפירט אויפן בוידעם פון דער סטאָדאָלע און האָט געזאָגט, אַז ביינאַכט וועט ער קריגן נאָך מענטשן און ער וועט אונדז אַלע אַריבערפירן. ביינאַכט, כ׳פיל מ׳גלעט מיר דעם קאָפּ. דאָס איז געוועזן דער גוי. באשר ער האָט היינט נישט קיין מענטשן, קיינער איז נישט געקומען. מאָרגן ביינאַכט וועט ער אונדז אַריבערפירן. ליגן מיר ווייטער, און דאָס מיידל פאַרקלאָגט מיר דעם קאָפּ: „ווו איז דער טאַטע?״

צו מאָרגנס פאַרנאַכט, דער קאָפּ ווערט מיר צעפּלאַצט, זאָג איך צום מיידל: „חנהקע, וואָס וועט זיין?״ דאָס קינד וויינט. ס׳איז שוין נישט קיין קינד — אַ מיידל פון זיבעצן יאָר. זאָג איך: „איך גיי אַראָפּ״. כ׳האָב זיך אַראָפּגעלאָזט פון בוידעם און דאָס מיידל נאָך מיר. פרעגט זי: „ווו גייט איר?״ זאָג איך: „כ׳ווייס נישט״. כ׳גיי אַרויס אין דרויסן און כ׳זע די פּאָליאַקן אַרבעטן אויף די פעלדער. פרעגן זיי מיך: „ביסט אַ פּאָליאַק?״ זאָג איך: „יאָ״. זאָגט אַ גויע: „דו טאָרסט דאָך דאָ נישט זיין. דאָ איז דאָך די גרענעץ״. „וווהין זשע זאָל איך לויפן?״ זאָגן זיי: „מיר טאָרן דיר גאָרנישט זאָגן. לויף!״ האָב איך גענומען חנהקען און מיר האָבן אָנגעהויבן גיין, און מיר

זענען געקומען קיין טשיזשעוו. פרעגן מיך דאָרט די יידן: „ווי קומט איר אַהער? איר טאָרט דאָ נישט זיין!" זאָג איך: „ווו זשע זאָל איך גיין?" רופט זיך אָפּ אַ קצב: דאָס מיידל וועל איך אַריינגעמען צו מיר אין שטוב אַריין. כ'האָב עטלעכע קינדער, וועט זי שלאָפן מיט זיי, אָבער איר מוזט גיין שלאָפן אויפן הייליקן אָרט". בין איך אַוועקגעגאַנגען. דאָס איז געווען פרייטיק. שבת אין דער פרי קום איך אַריין אין שטעטל (דאָס שטעטל איז געווען אָפּגעברענט — ס'זענען פאַרבליבן די צעמענטאָווע הייזער). יידן פראַווען שבת. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף שטיגן (אַנגעטאָן אין דער „מאַטשעיעווקע") און זינג מיר אַ ליד. גייט דורך אַ פּאָליציאַנט און פרעגט מיך: „האָסט אַ דאָקומענט?" האָב איך אים געוויזן מיין באַשטעטיקונג פון אָרטעל. האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין פּאָליציי. דאָרט האָט ער מיך אַריינגעפירט אין אַ בנין און האָט מיר געהייסן זיצן. כ'זיץ און זיץ און קיינער קומט נישט אַריין. האָב איך זיך אויפגעהויבן און בין אַוועקגעגאַנגען, און כ'האָב זיך ווידער אַוועקגעזעצט אויף די שטיינערנע שטיגן. גייט ווידער דורך דער זעלבער פּאָליציאַנט. טראַכט איך, דאָ בין איך אַ פאַרפאַלענער. ער קומט צו צו מיר: „ביסט אַ ייד?" זאָג איך: „אַוודאי בין איך אַ ייד". זאָגט ער: „איך בין אויך אַ ייד. פאַרוואָס האָסטו מיר פריִער נישט געזאָגט אַז דו ביסט אַ ייד? אַנטלויף ווו דער פעפער וואַקסט! דאָ ביסטו אָפּגעברענט. דאָ טאָרסטו נישט זיין קיין איין מינוט". זאָג איך: „איז וואָס זאָל איך טאָן?" זאָגט ער: „איצט איז שבת. גיי אַראָפּ הינטער דער שטאָט. שבת פאַרנאַכט זענען דאָ יידישע דראָזשקעס. כאַפּ זיך אַריין אין אַ יידישע דראָזשקע. זאָל ער אָפּפאָרן מיט דיר אַ צען קילאָמעטער, ביסטו שוין כשר. אָבער געדענק, איך האָב דיר גאָרנישט געזאָגט. כ'קען דיך נישט. טאָמער כאַפּט מען דיך, גייסטו קיין סיביר". ער האָט מיר אָנגעוויזן מיטן פינגער ווו עס שטייט אַ יידישע דראָזשקע. „גיי אַריין צו אים. באַצאָל אים וויפל ער וועט דיר זאָגן און זאָל ער מיט דיר לויפן".

ווען ס'איז געוואָרן טונקל, בין איך אַריין און געזאָגט: „ר' ייד, ראַטעוועט מיך, לויפט מיט מיר!" האָט ער איינגעשפּאַנט דאָס פערד,

אָפּגעלאָפן צען קילאָמעטער און ער האָט געזאָגט: „דאָ ביסטו כשר״. בין איך אַראָפּגעגאַנגען און כ׳האָב אים באַצאָלט אויך פאָרן ברענגען דאָס מיידל. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך אַריינגעכאַפּט קיין בריסק. אין בריסק זענען געווען זייער פיל ביעזשענצעס, יידן, פּאָליאַקן, פול.

כ׳בין אָפּגעווען אין בריסק אַ צייט. כ׳האָב געוואָלט אַוועקשיקן דאָס מיידל. איך אַליין האָב שוין נישט געקאָנט פאָרן. האָב איך באַצאָלט אַ באַקאַנטן ענקאַוועדיסט ער זאָל מיר העלפן דאָס דורכצופירן. ער האָט נאָר געוואָלט גיין מיט חנהקען דאָ און דאָרט. האָב איך נישט געלאָזט. „קיין פאָטער איז נישטאָ, בין איך דער פאָטער״, האָב איך אים געזאָגט. און ס׳איז מיר געלונגען מיט זיין הילף אַריינצושטופּן זי אין אַ וואַגאָן, וואָס איז געגאַנגען קיין ביאַלע-פּאָדליאַסק, און זי איז אָנגעקומען אַ היים. דערנאָך איז זי, פאַרשטענדלעך, אומגעקומען מיט אַלע יידן צוזאַמען.

מיין פרוי האָט מיר געשריבן, אַז זי איז געווען ביי דער גרענעץ אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, נאָר ס׳איז שווער דורכצוגיין. בין איך צוריקגעפאָרן קיין קאָוועל. כ׳האָב שוין אָבער נישט געהאַט מיין פּאָסטן. דער פּרעדסיעדאַטעל איז בייז געווען וואָס מיר זענען אַוועקגעפאָרן. פון די צוויי ברידער אַלטמאַן האָב איך גאָרנישט געהערט. האָב איך אָנגעהויבן שרייבן צו סטאַלינען. איך האָב געשריבן צען מאָנאַטן. כ׳האָב געהאַט אַ קוזין לעבן באַראַנאָוויטש, איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון אים. שרייבט ער, אַז בן-ציון אַלטמאַן זיצט אין באַראַנאָוויטש. האָב איך אים אַוועקגעשיקט אַ פּעקל — ראַזאָווע ברויט מיט סלאָנינע. איז דאָס מיר אָנגעקומען צוריק מיט אַ צושריפט, אַז אַזאַ מענטש איז ביי זיי נישטאָ. און פון זיין ברודער האָב איך געקריגן אַ בריוו פון אַרכאַנגעלסק, אַז ער איז איינגעזעצט אויף צען יאָר און אַז פון זיין ברודער, בן-ציון, ווייס ער גאָרנישט. ער אַליין איז אַ קוכער און ער האָט גענוג צו עסן. ער בעט מיך כ׳זאָל אים שיקן צוויי העמדער און נאָזטיכלעך. שפּעטער האָב איך געקריגן אַ בריוו, אַז זיי זענען שוין ביידע אין אַרכאַנגעלסק.

אין דער צייט האָבן די רוסן אָנגעהויבן רעגיסטרירן ביעזשענ-

צעס, וואָס ווילן פֿאָרן אַהיים קיין וואַרשע. זיי האָבן פֿאַרשריבן דערביי יעדערנס אַדרעס. איך בין אַראָפּגעפֿאָרן קיין לעמבערג און כ׳האָב זיך פֿאַרשריבן צו פֿאָרן קיין וואַרשע. כ׳האָב אָבער נישט אָנגעגעבן מיין אַדרעס, נאָר דעם אַדרעס פון דער שול. כ׳בין צוריקגעפֿאָרן קיין קאָוועל און כ׳האָב זיך רעגיסטרירט אין נ. ק. וו. ד. אַז איך וווין אין שול. איז מען געקומען פון נ. ק. וו. ד. ביינאַכט און געפרעגט ווער עס וווינט אַליין אָן אַ פרוי. די אַלע מענער האָט מען איינגעזעצט אין קרימינאַל. זענען געגאַנגען אַ סך מענער און האָבן אַריינגענומען פרויען, זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען זייערע ווייבער. איז מען ווידער געקומען פון נ. ק. וו. ד. ביינאַכט (זיי זענען געקומען נאָר ביינאַכט, ביטאָג האָט מען געקענט אַרומגיין פריי) און האָבן געפרעגט: „האָסט אַ פרוי? האָסט אָנטועכץ? האָסט עסן? האָסט געלט? נעם מיט אַלץ וואָס דו האָסט. איר פֿאָרט קיין דייטשלאַנד". טאָמער האָט איינער געזאָגט, אַז דער און דער איז אים שולדיק געלט, איז די נ. ק. וו. ד. מיטגעגאַנגען מיט אים און האָט געצוווּנגען יענעם באַצאָלן דעם חוב. מ׳האָט אַלעמען פֿאַרנומען, אַריינגעפּאַקט אין קרימינאַל און פון דאָרט אַריינגעזעצט אין וואַגאָנען און אַרויסגעשיקט.

איך האָב געטאָן אַזוי: איך האָב דאָך געוווינט ביי אַ פֿאַמיליע. ביטאָג פלעג איך זיך אַרויסכאַפּן, קויפן עטלעכע קעלבער, אָפּשעכטן און פֿאַרקויפן דאָס פלייש. מיין באַלעבאָסטע האָט געהאַט ליגן אין קעלער האָלץ. אויף די קרעסן איז נישט געווען קיין געהאַקט האָלץ, נאָר ליפעס. האָבן מיר געמאַכט אַ לאָך אין דעם שטויס האָלץ און מ׳האָט מיך דאָרט אַריינגעלייגט. די נ. ק. וו. ד. איז געקומען זוכן מיך אין קעלער, אָבער אַלץ איז געווען פֿאַרלייגט מיט האָלץ. האָט מען מיך נישט געפֿונען. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז ס׳איז קיין זכר נישט פֿאַרבליבן פֿונעם האָלץ.

וואָס טוט מען ווייטער? וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט דאָרט אַ מענטש אָן אַ פּאַס? ווו נעמט מען אַ פּאַס? בין איך אַריין אין קאָווליע, אין פּאָליציי. זיצט דאָרט אַ יידל. זאָגט ער: „וואָס איז די מעשה וואָס

מ׳האָט דיך נישט אַוועקגעשיקט?״ זאָג איך: „מ׳האָט מיך נישט אַוועקגעשיקט, ווייל כ׳בין דאָ נישט געווען. כ׳בין ערשט געקומען צופאָרן. גיב מיר אַ פּאַס״. „אַ פּאַספּאָרט — אַ ביעזשעניעץ?!״ כ׳האָב אים אָפּגעשאָכטן.

דערווייל האָבן מיר יידן געזאָגט כ׳זאָל פאָרן קיין לודנע. דאָרט מאַכט מען פּעסער. „אָבער אַ פּאַס וועסטו קריגן מיט אַן „עלעפּל״. קיין נאָרמאַלן פּאַס קענסטו נישט קריגן. ביסט דאָך אַ ביעזשעניעץ״. אַן „עלעפּל״ הייסט, אַז מען מעג וווינען נישט נענטער ווי הונדערט קילאָמעטער פון גרענעץ. כ׳בין אַריינגעפאָרן קיין לודנע און כ׳האָב מיר געמאַכט אַ פּאַס. נאָר איין זאַך האָב איך געטאָן שלעכט, וואָס כ׳האָב אָנגעגעבן אַז איך בין געווען אַ האַנטווערקער. דאָס איז סם (כ׳האָב געדאַרפט אָנגעבן, אַז מיין טאַטע איז געווען אַ סטראָזש, אַ האָלצהעקער, אַ דרעקפּירער). דאָס האָט מיך דערהרגעט.

אַז כ׳האָב געקריגן דעם פּאַס, האָב איך נישט געוווּסט, אַז אינעווייניק ליגט אַ קוויטעלע, אַז אויב מ׳וועט מיך כאַפּן אין קאָווליע אין צען טעג אַרום, באַקום איך פינף יאָר טורמע. אויפן צענטן טאָג קומט אַריין צו מיר אַן ענקאַוועדיסט און פרעגט: „האָסט אַ פּאַס?״ — „כ׳האָב״ און כ׳ווייז אים מיין פּאַספּאָרט. „אַ־אַ־אַ, אַ ביעזשעניעץ! עלטפער פּאַראַגראַף. דו טאָרסט דאָ נישט זיין״ — „טאָ וווּ זשע זאָל איך פאָרן?״ מאַכט ער: „דאָס איז נישט מיין עסק. פאָר וווּ דו ווילסט״.

האָב איך אָנגעהויבן אַרומצופאָרן איבער די קליינע שטעטלעך, צו דער מיליץ. ביים אַריינגאַנג אין מיליץ איז דאָ אַ פענצטערל. דער מיליציאָנער עפנט ס׳פענצטערל: „ווער ביסטו?״ זאָג איך — „אַ ביעזשעניעץ. כ׳וויל זיך דאָ צושרייבן״. „צושרייבן? נישטאָ ביי אונדז קיין פּלאַץ״ און ער גיט אַ פאַרהאַק דאָס פענצטערל פאַר דער נאָז.

אַז מ׳האָט אַן „עלעפּטל״ לאָזט מען נישט אַריין אין אַ האָטעל שלאָפן. אַפילו אין אַ פּריוואַטער שטוב, דאַרף מען גלייך געבן דעם פּאַס איינצומעלדן. האָב איך געהערט פון אַ שטאָט סאַרנע. בין איך געקומען אַהין. געטראָפן יידן, זאָג איך: „יידן ראַטעוועט מיך״. כ׳האָב

זיי דערציילט ווער איך בין. האָבן זיי מיר געזאָגט: „דאָ זענען פאַראַן דריי־פיר ברידער קצבים. זייער פאַמיליע איז קאַלאַקאַווסקי. איינער פון זיי איז אַ טויבער. זיין ווייב לאה האָט געהאַט אַ כשרע יאַטקע. גייט אַריין צו איר, זי האָט עטלעכע טעכטער. אפשר וועט זי אייך לאָזן איבערנעכטיקן, און אפשר וועט מען אייך דאָ קענען צושרייבן". בין איך אַוועק צו דער לאה. ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט נעבעך מורא צו עפענען די יאַטקע צוליב די הויכע שטייערן.

הכלל, כ'האָב דאָרט איבערגענעכטיקט. אָבער מען מוז זיך איינמעלדן. בין איך אַוועק אין מיליץ. ווידער אַ פענצטערל: „ווער ביסטו? זאָג איך — דער און דער. „כ'בין געקומען אַהער, אפשר וועסטו מיך צושרייבן" — „צושרייבן? ס'איז נישטאָ קיין פלאַץ". זאָג איך: „סאַרנע איז אַ גרויסע שטאָט. כ'האָב דאָ באַקאַנטע. כ'וועל געפינען אַ פלאַץ. קודם שרייבט מיך צו". האָט ער פאַרמאַכט ס'פענצטערל. איך טרעט אָבער נישט אָפּ. האָט ער פאַרמאַכט ס'פענצטערל איין מאָל און נאָך אַ מאָל. געלט האָב איך מורא געהאַט אים צו געבן. צום סוף האָט ער מיר געזאָגט כ'זאָל קומען מאָרגן, וועט ער מיך צושרייבן. איז דאָך שוין גוט. בין איך געקומען צו לאהן און כ'האָב איר דערציילט. האָט מיר לאה געזאָגט, אַז איך קען קומען אַלע טאָג אין יאַטקע אַלס אַ קצב פון כשר פלייש. איך קאָן קויפן, שעכטן, פאַרקויפן. זי וויל זיין אַ שותף צו דעם, „אָבער איך האָב מיט דעם נישט צו טאָן. ס'איז גאָרנישט מיינס".

הייבט זיך ווידער אָן אַ מעשה: דאָרט, אַז איר האָט אַ יאַטקע, הייסט דאָך דאָס פריוואַט־האַנדל. דאָס הייסט ביסט קעגן דער רעגירונג. טאָרסטו נישט עקספּלואַטירן קיין אַרבעטער. אַז מ'טרעפט ביי דיר אַן אַרבעטער, איז געפערלעך. וואָס טוט מען? אין אַ יאַטקע קאָן מען איינער אַליין גאָרנישט אויפטאָן.

כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט ווער ס'איז דאָ דער עלטסטער פון שטייעראַמט. האָט מען מיר אָנגעוויזן, ווו ער וווינט. האָב איך גענומען אַ קילאָ פלייש און כ'בין אַוועק צו אים. כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. האָט מיר אַ גויע געעפנט. פרעג איך: „אפשר ווילסטו

קויפן אַ קילאָ פלייש?״ זאָגט זי: „כ׳וואָלט גערן געקויפט, אָבער כ׳האָב נישט קיין געלט״. טראַכט איך מיר: אוי, דאָס איז גוט, דאָס איז גוט... פרעג איך: „ווו איז דיין מאַן?״ זאָגט זי: „מיין מאַן אַרבעט״. זאָג איך: „נעם דאָס פלייש, כ׳וועל אַריינקומען אַ צווייטן מאָל. כ׳האָב נישט קיין מורא. וועסט מיר באַצאָלן״.

הכלל, כ׳האָב אים אָפּגעפּילעוועט ביי מיטאָג (אַ גויאַץ! אַן אָדעסער). כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט און כ׳האָב אים געזאָגט: „חבר, כ׳בין געקומען דיר אָנשלאָגן אַ שידוך. איך עפן דאָ אַ יאַטקע. איך בין אַ ביעזשעניעץ, כ׳בין אַ פּוילישער און כ׳בין נישט קיין היגער בירגער. כ׳האָב אַ פּאַס „עלף״. פרעג איך דיך צוויי זאַכן: ווילסט זיין אַ שותף?״ זאָגט ער: „וואָס פאַראַ שותף?״ זאָג איך: „אַ שותף צום פאַרדינסט. אַ נישט, עפן איך נישט. כ׳וויס וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד מיט די שטייערן״. זאָגט ער: „אויב דו ביסט שוין אַזאַ קלוגער, וויל איך ס׳ערשטע אַ קופּאָן סחורה אויף אַן אַנצוג. אין אַ בלויען קאָליר, ווי ס׳טראָגן די מאַטראָסן. כ׳בענק נאָך דעם מיין גאַנץ לעבן. און ס׳צווייטע — ווען כ׳וועל דיר זאָגן זאָלסט פאַרמאַכן די יאַטקע (ווען אַ קאָמיסיע וועט קומען) זאָל זי זיין פאַרמאַכט. און מיר זאָלסטו וויסן ווי צו באַהאַנדלען. פלייש וויל איך עסן וויפל כ׳וועל וועלן, און געלט דערצו״. זאָג איך: „גוט״. ס׳איז אָבער דאָ — זאָגט ער — נאָך אַן אָפּהאַלט. ביי מיר אַרבעטן צוויי שיקסעס. איינע איז ביטער ווי גאַל. אַז דו וועסט זי נישט אָפּסמען, קען איך גאַרנישט אויפטאָן. זי איז מיין רעכטע האַנט״.

דער פאַרוואַלטער פון שעכטהויז איז געווען לייבעלע, אַ סאַרנער יידעלע. האָבן מיר גענומען צוזאַמען איינשטעלן אַ מלוכה: מ׳האָט אָפּגעשאָכטן דריי אָקסן אין שעכטהויז און מ׳האָט פאַרשריבן האַלב וואָג. דריי אָקסן האָב איך געשאָכטן אין שטאַל. צוזאַמען — זעקס אַ וואָך. און מ׳האָט אַלץ נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם „נאַלאָג״, ד.ה. די שטייערן. ווייל וויפל מ׳זאָל נישט האָבן באַצאָלט, האָט מען צוגעשיקט צו מאָרגנס אַ צולאָג. ס׳הייסט, מ׳האָט זיך טועה געווען. איך בין געפאָרן עקסטרע קיין ווילנע קויפן דעם קופּאָן סחורה.

דער שיקסע האָב איך געבראַכט אַ פּאָר זיידענע זאַקן, וואָס זי האָט אין איר לעבן נישט געזען. אַז זי איז געפֿאָרן אויף אורלויב, האָב איך איר געגעבן פֿינף קילאָ געזאַלצענע סלאָנינע. זי האָט מיך אַזש געקושט.

מיין פֿרוי האָב איך פֿון סאַרנע געשיקט אין געטאָ אַריין אַ פּעקל פֿון צען קילאָ און אַ פּעקל פֿון צען קילאָ פֿון ווילנע. אין ווילנע איז געווען אַ וועלט. אין ווילנע איז געווען אַ לעבן. מ׳האָט געקריגן פֿון גאָלע גוטס. האָב איך באַצאָלט אַ יידן און ער האָט יעדן מאָנאַט געשיקט אין לובלינער געטאָ פּאַר מיין פֿרוי אַ פּעקל פֿון צען קילאָ אויסגעלאָזט פֿעטס פֿון ברוסט, טיי, קאַווע, צוקער. אין סאַרנע האָב איך אַליין פֿאַרקנאָטן טייג אויף פֿערפֿל — אויף אַ קילאָ מעל האָב איך אַריינגעגעבן צען אייער און כ׳האָב צוגעלייגט שאָקאָלאַד און פֿעטס, און אָפּגעשיקט צו מיין פֿרוי. ביי די רוסן האָט מען געמוזט ברענגען די פּראָדוקטן מיטן קעסטל אויף פּאָסט, זיי פֿלעגן אַלץ קאָנטראָלירן, אַריינלייגן אין קעסטל, פֿאַרקלאַפּן מיט אַ דיקט און מיט טשוועקעס. דאָס קעסטל האָט מען געדאַרפֿט אַריינלייגן אין אַ זאַק און פֿאַרנייען, און אויפֿן זאַק אָנשרייבן דעם אַדרעס פֿון מיין פֿרוי און מיין אַדרעס אין סאַרנע. אין די בריוו פֿלעגט מיר מיין פֿרוי שרייבן, אַז זי האָט דערהאַלטן די פּעקלעך.

כ׳האָב דעמאָלסט גוט פֿאַרדינט. אין סאַרנע איז געווען אַ דאָק־טאָרשע. איר מאַן, דאָקטאָר לעווין, איז פֿאַרבליבן אין לובלין. זי מיט אירע קינדער זענען אויסגעגאַנגען פֿאַר הונגער. האָב איך איר גע־געבן פֿיר הונדערט רובל אַ חודש און איר מאַן, דער דאָקטאָר, האָט געגעבן מיין פֿרוי פֿיר הונדערט זלאָטעס אַ חודש. יעדן מאָנאַט האָב איך געשריבן מיין פֿרוי, אַז כ׳האָב געזען די פֿרוי לעווין, און אַז זי זאָל גיין צום דאָקטאָר לעווין, ער זאָל איר מאַכן פֿיר איינשפּריצונגען אַ חודש „וועסטו זיך פֿילן בעסער. און אויב פֿיר איינשפּריצונגען זענען ווייניק, זאָל ער דיר מאַכן זעקס, ווייל די דאָקטאָרשע האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָבן געהאָלפֿן די איינשפּריצונגען״. אַזוי אַרום

איז מיין פרוי געווען איינע פון די אויסדערוויילטסטע פרויען אין געטאָ, זי האָט געקאָנט לעבן און אויסבאַהאַלטן געלט.

איך האָב ביי פּאַניען ריזיקירט מיטן לעבן. ווייל דאָרטן אַז מ׳כאַפּט שעכטן אַ קו, וואָס איז זיבן חדשים קעלביק, באַקומט מען אַ „צענטל״ (צען יאָר תפיסה), פאַר שעכטן אַן אָקס, וואָס איז אַלט פיר יאָר — אַ צענטל. בין איך אַלע גיהנומס דורכגעגאַנגען: דריי בהמות געשמוגלט אין שטאָל, דריי אָקסן געשאָכטן אין שעכטהויז, און לייבעלע האָט אָנשטאָט צו פאַרשרייבן זעקס הונדערט קילאָ פליש, פאַרשריבן נאָר דריי הונדערט. און ס׳האָט אַלץ נישט גע־סטייעט אויף די שטייערן.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די רוסיש־דייטשע מלחמה, האָט מען מיך איינגעזעצט צוזאַמען מיטן סאַרנער גלח. אָבער איך האָב מיך אַרויסגעדרייט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן דעם 21־סטן יוני 1941 בין איך געפאָרן צו גאַסט אין קאָווליע. כ׳האָב מיטגענומען צוויי קילאָ ציבעלעס. אין קאָווליע איז נישט געווען צו קריגן קיין ציבעלעס. האָט מען מיך געכאַפּט אויף דער באַנסטאַנציע — „ספּעקוליאַנט! צוויי קילאָ ציבעלעס?״ די וועלט גייט אונטער. כ׳האָב אָפּגעבלאָטירט און מ׳האָט מיך אַרויסגעלאָזט. דאָס איז געווען שבת. זונטיק, כ׳גיי אַרויס אין גאַס, זע איך לויפן רוסישע אָפיצערן. ס׳פליען עראָפּלאַנען און מ׳פירט שוין אַ סך געראַנירטע. וואָס טוט מען? מיינע זאַכן זענען דאָך אין סאַרנע. בין איך אַוועק צו דער באַנסטאַציע. קיין בילעטן זענען נישטאָ. די באַנען גייען נישט. די דייטשן באָמבאַרדירן די צוגן. זאָגט צו מיר אַ קאַפּיטאַן: „ווילסט פאָרן קיין סאַרנע? העלף איבערטראָגן די געראַנירטע פון דער באַן אין דער צווייטער, וועסטו קענען פאָרן מיט זיי קיין סאַרנע. מיר טשעפּען צו צוויי לאָקאָמאָטיוון צו דער באַן״.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן די רוסן פון די דערפער, די לערערס, זייערע פאַמיליעס. אין יעדן וואַגאָן איז דער באַגאַזש געשטאַנען אין דריי שטאָק. איך האָב געאַרבעט ביי די געראַ־

נירטע — אָן פּיס, אָן הענט, געווײנען, נישט אויסצוהאַלטן. פאַרנאַכט האָט מען געזאָגט, אַז דער עשאַלאָן גייט אָפּ. נישט געגעסן, נישט געלעבט, נישט געזעגנט זיך, האָב איך געדאַנקט גאָט, וואָס מ׳האָט מיך אויפגענומען. פון קאָוליע ביז סאַרנע זענען מיר געפאָרן, אַנ־שטאָט אַ פּאָר שעה ווי געוויינלעך, דריי טעג. די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די וואַגאָנען. אַז כ׳בין אַרייגעקומען אין סאַרנע אַ לעבעדיקער, האָב איך געפילט ווי כ׳וואָלט אויף ס׳ניי געבוירן געוואָרן.

אין סאַרנע האָב איך זיך געטראָפן מיט מיינע מענטשן, מיט מיינע באַקאַנטע. מיר האָבן געזען אַז דער דייטש נעמט זיך רוקן נענטער, ער איז געגאַנגען קלינעסוויז. אין סאַרנע זענען נאָך געווען די רוסן, און ער איז שוין ווי ווייט אַריבערגעגאַנגען סאַרנע. וואָס טוט מען? מ׳דאַרף ווידער לויפן.

איך קער זיך אום צו ווילנע.

כ׳בין אַריינגעפאָרן אין ווילנע מיט מיין אַ חבר מרדכי גאָלדמאַן. ער האָט דאָרט געהאַט אַ שוועגערין, זיין פרויס אַ שוועסטער. זי איז געווען די עלטסטע אַפּטייקערין אין ווילנע. איר מאַן איז געווען אַ וואַלדבראַקער. מיר זענען געקומען קיין ווילנע מיט אַ פּלאַן צו מאַכן זיך וויזעס קיין שאַנכיי. די רוסן האָבן נישט געלאָזט אַריינקומען אין ווילנע, האָבן מיר געדונגען אַ פערד און שליטן און מיר זענען אַריינגעפאָרן אין שטאָט. די שוועגערין האָט זיך זייער דערפרייט מיט גאָלדמאַנען. מיר האָבן גלייך גענומען טאָפּן דעם דופק, ווו מ׳קאָן קויפן וויזעס. פאַרקויפט האָט זיי די יאַפּאַנישע אַמבאַסאַדע, וואָס האָט דעמלסט געהאַט צו זאָגן וועגן שאַנכיי. איידער די רוסן זענען אַריין אין ווילנע, איז יעדן ביזשעניעץ געווען גוט ווי די וועלט, וואָרעם דער דזשאָינט האָט געגעבן געלט אויף עסן, אויף אָפּשערן זיך, אויף אַ דירה. דער דזשאָינט האָט פאַר אַלץ געזאָרגט. אַז די רוסן זענען אַריין, האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפן נישט דעם דזשאָינט. האָט ער זיך איבערגעטראָגן קיין ליטע, ווייל ווילנע האָט זיך גערעכנט ביי די ליטווינער פאַר זייער הויפּטשטאָט (ווען ווילנע איז געווען

פאַרנומען דורך די פּאָליאַקן, האָבן זיי געמאַכט קאָוונע פאַר זייער הויפּטשטאָט). האָט זיך אויך איבערגעטראָגן די יאַפּאַנישע אַמבאַסאַדע קיין קאָוונע. בין איך מיט מרדכין אַריינגעפאָרן אין קאָוונע. אָבער ס׳איז אונדז נישט געגאַנגען. זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין ווילנע. האָט מיר מרדכיס שוואָגער געזאָגט: „גאָלדבערג קרוין, איר זייט שוין גענוג געלאָפן. איר האָט איבערגעלאָזט אייער פרוי מיטן קינד און מיט דער שוויגער אין געטאָ. ווו וועט איר לויפן? וואָס וועט זיין, אַז די רוסן וועלן אייך אַוועקשיקן צו די ווייסע בערן?" אין ווילנע האָט מען דעמאָלסט געזאָגט, אַז יעדערער דאַרף זיך צוגרייטן אַ זעקל מיט אַ פאָר קילאָ ברויט און מיט אַ פאָר קילאָ סלאָנינע. איז דאָך דאָס געווען אַ סימן, אַז מ׳גייט טאַקע אַוועשיקן די ביע־זשענצעס.

דערווײַלע זענען אָנגעקומען ידיעות פון רבין מיט די חסידים, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן פּרווון פאָרן קיין שאַנכיי און זיי וועלן שיקן אַ סיגנאַל צי זיי זענען דורכגעפאָרן, כדי מיר זאָלן קענען נאָכפאָרן. און זיי האָבן טאַקע געשיקט אַ סיגנאַל, אַז זיי זענען דורכ־געפאָרן. איך מיט מרדכין האָבן געטראַכט, אַז מען ריזיקירט — טרעפט מען. ס׳האָט אונדז געקאָסט און מיר האָבן ריזיקירט.

מיר האָבן געהאַט אין סאַרנע אַ זעקס־אַכט חברים, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ צייכן פון אונדז וועגן קענען דורכפאָרן. מרדכיס שוועגערין האָט געזאָגט: „קינדערלעך, פאָרט נישט". איר האָט ווײַ געטאָן ס׳האַרץ אויף איר שוועסטער, מרדכיס ווײַב, וואָס איז איבער־געבליבן אין לובלין מיט אירע קינדער. איך האָב נישט געוווּסט, אַז מרדכי איז שוין אַ מאָל געווען אין ארץ־ישראל. מיר האָט ווײַ געטאָן ס׳האַרץ: וואָס בין איך געלאָפן? און ווּהין וועל איך לויפן אויף ס׳ניי? דאָ שיק איך מיין פרוי צוויי פּעקלעך אַ חודש, פיר הונדערט זלאָטעס און איך ראַטעווע איר דאָס לעבן. זאָג איך צו מרדכין: „לאָמיר צוריקפאָרן. אונדזער לעבן איז שוין גאָרנישט ווערט. וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין. לאָמיר נישט פאָרן קיין שאַנכיי". הכלל מיר האָבן זיך אומגעקערט קיין סאַרנע.

דאָס לעבן אין סאָרנע איז שוין נישט געווען נאָרמאַל. מ׳האָט זיך שוין געריכט אויפן דייטש. די סאָרנער יידן האָבן מיך געפרעגט: „וואָס זאָלן מיר טאָן, גאָלדבערג? זאָלן מיר לויפן? האָב איך זיי געזאָגט: „איר זעט דאָך וואָס ס׳איז אַרויסגעקומען פון מיין לויפן".

פון רוסלאַנד האָט מען געקענט לויפן. כ׳האָב געקאָנט האָבן אַ וואָגאָן. כ׳האָב געהאַט אַזוי פיל געלט, אַז כ׳האָב געקאָנט באַצאָלן הינטן־אַרום פאַר אַ פלאַץ אין אַ וואָגן. כ׳האָב געקענט אָנקומען אין טיף רוסלאַנד, אין טאַשקענט. אַזוי פיל געלט האָב איך געהאַט. האָבן מיר, איך מיט מרדכין און נאָך אַ פּאָר לובלינער יידן באַשלאָסן נישט צו פאָרן. מיר האָט גאָרנישט געפעלט. כ׳האָב געהאַט בעסאַראַבישן וויין. כ׳האָב אַלץ געהאַט.

די דייטשן זענען אַריין אין סאַרנע איין מאָל און נאָך אַ מאָל. דעם ערשטן מאָל זענען די רוסן צוריקגעקומען. ווען די דייטשן זענען אַריין צום צווייטן מאָל, זענען זיי אַנטקעגן געלאָפן מיט פרייד די אוקראַינער. זיי האָבן אויפגעשטעלט טויערן פאַרפוצטע מיט גרינס אויפצונעמען דאָס דייטשע מיליטער. די ווערמאַכט האָט גלייך גענומען זוכן אין אַלע ווינקעלעך. כ׳בין געשטאַנען אין דרויסן. קומט צו צו מיר אַן אָפיצער. „ביסט אַ יודע? זאָג איך — יאָוואָל". „האָסט שנאַפּס?" זאָג איך: „קיין שנאַפּס האָב איך נישט. כ׳האָב אַ ביסל וויין, קאָן איך דאָס געבן". כ׳האָב אים אַריינגעפירט צו זיך אין צימער. כ׳האָב געהאַט שטיין צוויי עמערס וויין. זאָגט ער: „פאַרזוך! כ׳וויל זען צי ס׳איז נישט פאַרסמט". האָב איך פאַרזוכט. כ׳בין מיט אים אַרויס אין דרויסן. ער האָט צעטיילט דעם וויין צווישן זיינע זעלנער, און ער האָט זיי אָנגעוויזן אויף מיר און האָט געזאָגט: „דער יודע האָט געגעבן דעם וויין".

ביי אונדז אין סאַרנע איז נישט געווען קיין יודנראַט. אין די שטעטלעך וואָס זענען געלעגן נאָענט צום בוג, זענען נישט געווען קיין יודנראַטן, נאָר געביטס־קאָמיסאַרן. ווו ס׳איז אַריינגעקומען אַ געביטס־קאָמיסאַר איז ווייסט געוואָרן דאָס לעבן. מ׳האָט באַלד גע־שאָסן, געשלאָגן, געפייניקט, דערהרגעט די מענער. ביי אונדז איז

נאָך נישט געווען קיין געביטס־קאָמיסאַר, נאָר די ווערמאַכט. מ׳האָט אַרעסטירט דעם אַלטן גוי, וואָס איז מיט דריי־פיר יאָר צוריק געווען פּרעזידענט פון מאַגיסטראַט, מ׳האָט אָרגאַניזירט אַ יידישע געמיינדע, און דעם מאַגיסטראַט האָט מען איבערגעגעבן דעם אוקראַיִנער מאַריניוק, וואָס איז פריִער געווען אין פּוילן אַן אַדוואָקאַט.

קיין פליייש איז אין שטאָט נישט געווען. די ווערמאַכט איז אַוועק און ס׳איז אַראָפּגעקומען אַ געביטס־קאָמיסאַר מיט פאַר־אָרדענונגען, אַז מ׳טאָר נישט גיין דאָ, מ׳טאָר נישט גיין אַהין, מ׳טאָר נישט גיין בײנאַכט, אַז ס׳מוזן זיך צושטעלן צו דער אַרבעט אַלע טאָג אַזוי און אַזוי פיל יידן, אַז מ׳טאָר נישט היטן קיין כשרות, מ׳טאָר נישט גיין דאַוונען.

איין מאָל האָט מיך דער מאַריניוק גערופן אין מאַגיסטראַט און ער האָט מיך געבעטן, כ׳זאָל זען שאַפן אַ ביסל פליייש. פרעג איך: „ווי אַזוי קען איך שאַפן פליייש?״ זאָגט ער: „איך וועל דיר גאַראַנ־טירן, אַז דו וועסט לעבן. איך בין דער גאַנצער מאַכער אין סאַרנע, און דו וועסט לעבן״.

(איך האָב פאַר די רוסן געלייזט זיבן רובל אַ קילאָ פליייש).

„אַז דו וועסט צושטעלן פליייש פאַרן זעלבן פרייז וועט זיין גוט.

יידן האָבן געהאַט שטיין ביי גויים בהמות. אַז די דייטשן זענען אַריינגעקומען, האָבן די גויים געלייקנט שטיין און ביין. זיי האָבן געזאָגט, אַז די בהמות זענען זייערע. זענען די יידן געקומען צו מיר און דערציילט די מעשה. האָב איך דאָס דערציילט מאַריניוקן. זאָגט ער: „אָט האָסטו צוויי פּאָליציאַנטן, גיי און אויף וועלכע בהמה דו וועסט אָנווייזן, וועט מען צונעמען. שעכט און פאַרקויף צו זיבן רובל אַ קילאָ, און גיב אָפּ די יידן דאָס געלט״.

האָב איך גענומען אַ פערד און וואָגן, צוויי פּאָליציאַנטן און דעם יידן, דעם בעל־הבית פון די בהמות. דער ייד האָט אָנגעוויזן אויף פיר בהמות. האָט מען זיי אַרויסגענומען, אַריינגעבראַכט אין שעכט־הויז און אָפּגעשאָכטן. דאָס פליייש האָב איך אַריינגענומען אין יאַטקע און פאַרקויפט צו זיבן רובל אַ קילאָ. מ׳איז געשטאַנען אין לאַנגע

רייען פאַר דער יאַטקע, קאָפּ אויף קאָפּ. פאַר מיר האָב איך אָפּ־געלייגט אַ שטיקל פלייש. אַזוי האָט זיך געצויגן, ביז ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס. מאַריניוק האָט מיך פאַרטיידיקט פון אַלע זייטן.

אין יענער צייט איז אַ מיידל, וואָס האָט פאַרשוואַנגערט פון אַ רוס, געגאַנגען צו קינד. אין געטאָ האָט דאָס נישט געטאַרט געשען. די פרוי, ביי וועלכער כ'האָב געוווינט, האָט געהאַט אַ שוועסטער אַן אַקושערקע. אָבער זי האָט מורא געהאַט צו גיין אָפּנעמען דאָס קינד. דאָס מיידל ליגט דערוויילל און שרייט. זי מאַכט גוואַלדן. בין איך אַליין אַוועק צו איר. כ'האָב געפרעגט: „פון וואַנען ביסטו?" זאָגט זי: „אַ וואַרשעווער". זאָג איך: „אַז דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט מל זיין דאָס קינד, וועל איך אָפּנעמען דאָס קינד. זאָגט זי: „איך זאָג אייך אַלצדינג צו" און זי הייבט ווידער אָן צו שרייען. כ'האָב פאַרשאַרצט די אַרבל, כ'האָב אַריינגעזעצט אַ האַנט און כ'האָב אָנ־גענומען אַ יונג, אַ וויעפראַק, מיטן פאַלנעם קנאַק! איך האָב איר פאַרשטאָפּט דאָס מויל: „שריי נישט!"

אין זיבן טעג אַרום האָב איך געברענגט חיים־אלי' דעם שוחט. איך האָב געטראָגן ס'מעסערל, די וואַטע, דעם ספירט. איך בין געווען סנדק. און מ'האָט דאָס יינגל געמאַכט פאַר אַ ייד.

# פינפטער קאַפּיטל

דער געביטס־קאָמיסאַר האָט פאַראָרדנט, אַז חוץ דעם יודנראַט זאָלן זיך צושטעלן דער געוועזענער אַלטער רב, דער נייער רב, די שוחטים און איך — ער האָט געוווּסט, אַז איך בין געווען אַ קצב פון כשר פלייש. ער האָט גערעדט צו אונדז העפלעך, מענטשלעך, און האָט געזאָגט, אַז ס'טאָרן נישט פאַרקומען קיין מנינים צום דאַוונען. ווער ס'וויל דאַוונען, זאָל דאַוונען פאַר זיך. כשר שעכטן איז פאַרבאָטן, פאַר נישט אויספילן איינע פון די פאַראָרדענונגען, קומט טויטשטראָף. „איך בעט אייך, איר זאָלט זיך צופּאַסן צום געזעץ פון דייטשלאַנד". זענען מיר אַהיימגעגאַנגען פאַרפינצטערטע, דערשראָקענע.

שעכטן אויף כשר, האָט דער שוחט מורא געהאַט. מיט אַ מנין האָט מען געדאַוונט אין פּריוואַטע שטיבער. ווען כ'האָב געבראַכט חיים־אליי דעם שוחט צום מיידל מל צו זיין דאָס קינד, האָט מען דאָס שוין נישט געטאָרט טאָן. אָבער מיר איז געגאַנגען אין אַמביציע: טאָמער וועט מען נאָך איבערלעבן, דאַרפן דאָך זיין יידישע קינדער. אין לובלין זענען געווען עטלעכע שוחטים, וואָס זענען געווען אויך מוהלים, און דער חיים־אליי האָט ביי מיר געשאָכטן אויף כשר, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מל זיין דאָס יינגל. כ'האָב אים דערציילט, אַז דאָס קינד איז אָן אַ טאַטן און כ'האָב אים געזאָגט: „אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, זאָל זיין נאָך אַ ייד". האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט גיין, אָבער „דו וועסט גיין פאָרויס און טראָגן דאָס בריטוועלע און אַלץ, וואָס מען באַדאַרף צום ברית". מ'האָט דאָס קינד מל געווען אין גרויס מורא, און דאָס מיידל האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויב זי

וועט בלייבן לעבן, וועט זי חתונה האָבן מיט אַ יידן און דאָס יינגל וועט זיין אַ ייד.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה פון צושטעלן אין סאַרנע יעדן טאָג מענטשן צו דער אַרבעט. מ׳האָט באַפוילן אָפּצוגאָלן די בערד. גייענדיק צו דער אַרבעט, האָט מען געמוזט זינגען מה־יפית, אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך געפירט מיט יידן אומעטום. איך אַליין האָב נאָך נישט שטאַרק געפילט דעם דייטש, ווייל דער שטאָט־פּרעזידענט האָט מיך, ווי מ׳זאָגט, געטראָגן אויף די הענט. ער האָט צו מיר גערעדט אויף פּויליש: „איך וועל דיך נישט אַוועקלאָזן. איך בין דאָ איינער אַליין. די דייטשן פאַרלאַנגען פלייש. די רוסן האָבן איבערגעלאָזט שפּיאָנען".

מיט דער צייט האָב איך געהערט, אַז מ׳קען קריגן אין מאַגיס־טראַט אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין פּוילן. בין איך אַריין אין מאַגיסטראַט און געבעטן אַ דורכפאָרשיין פון סאַרנע קיין פּוילן. יידן האָבן דעמלסט געקאָנט פאָרן ווו זיי ווילן. דער דייטש האָט געגעבן שיינען. אין סאַרנע זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך געקליבן פאָרן אַהיים. כ׳האָב גענומען אָרגאַניזירן אַ גרופּע יידן צו פאָרן קיין פּוילן צוריק. דער פּרעזידענט, מאַרינציוק, האָט מיך אַלץ צוגערעדט כ׳זאָל נישט פאָרן: „דיר וועט גאָרנישט געשען. אַנדערע יידן — ווייס איך נישט. דו אָבער וועסט בלייבן לעבן". האָב איך אים געזאָגט: „אויב שוין זיין ביים דייטש, וויל איך זיין ביי זיך אין דער היים. דאָ וויל איך נישט זיין".

צו מיינע באַקאַנטע האָב איך געזאָגט: „קינדער, גייט אין מאַ־גיסטראַט און נעמט אַרויס שיינען". איז אַריין יוסף בירנבוים און גענומען אַ שיין קיין פּשיטיק. אַ מאַן (ער איז דעם היינטיקן גבירס, משה טאַשעמקינס, אַ שוואָגער) מיט אַ פרוי און זייער אַ פּיצל קינד, אפשר דריי חדשים אַלט, האָבן גענומען אַ שיין צו פאָרן קיין קאָוועל. כ׳האָב אָרגאַניזירט 6—8 יידן צום פאָרן. ווו נעמט מען אָבער אַ פערד און וואָגן? קיינער וויל נישט פאָרן מיט יידן. בין איך צוגעגאַנגען צו צוויי סערזשאַנטן, וואָס האָבן צוגענומען מיליטערישע פערד, און

כ׳האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיך פירן קיין קאָווליע. מיטן פרייז זענען מיר דורכגעקומען. מ׳האָט געמאַכט געזעסן אין וואָגן און מ׳האָט זיך אויפגעזעצט.

יעדערער פון אונדז האָט געהאַט געלט. ווי פירט מען עס אָבער דורך? האָב איך גענומען אַ גראָבן שטעקן, כ׳האָב אויסגעהוילט אין אים אַ טיפע לאָך און כ׳האָב מיין געלט אַריינגעשטופּט אין איר. כ׳האָב געמאַכט אַ קאָרעק פון אויבן און כ׳האָב געהאַלטן דעם שטעקן אין האַנט. איינער פון אונדז האָט געהאַט פינפער־קערבלעך אין די כאָליעוועס. ווער ווו עס האָט געקאָנט, האָט באַהאַלטן זיין געלט.

מיר זענען אָפּגעפאָרן די ערשטע 18 קילאָמעטער פון סאַרנע, קומט צו אַן אוקראַינער אַ באָרוועסער, מיט אַן אויטאָמאַט אויף די פּלייצעס: „סטוי! זשידעס?"

— יאָ.

— וווהין פאָרט איר?

— מיר פאָרן קיין קאָווליע.

— פאַפּירן האָט איר?

— יאָ. יעדערער האָט אַרויסגענומען זיין דאָקומענט.

— ווייטער וועט איר נישט פאָרן. איר בלייבט דאָ.

געוועזן איז דאָס פאַרנאַכט. ער האָט אונדז אָוועקגעפירט אין פּאָליציי און געהייסן זיצן. זיצן מיר. דערווייל איז צוגעפאַלן נאַכט. זאָגט ער: „איר וועט שלאָפן אין דרויסן. דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אייך". האָבן מיר זיך אַנידערגעלייגט און מיר זענען געשלאָפן אין דרויסן.

ביינאַכט פיל איך — עמיצער טאַפּט מיר דעם קאָפּ. אַ פּרויען־האַנט. האָב איך זיך דערשראָקן. זאָגט זי: „שווייג, שטיל. איך בין אַ רוסישע. איך בין דאָ געבליבן און כ׳האָב זיך אומישנע פאַרליבט אין אַן אוקראַאינער פּאָליציאַנט. כ׳וויל אַלץ אויסשפּירן ביי אים. האָט ער מיר געזאָגט, אַז מ׳וועט אייך שיסן. קאָנסט? אַנטלויף!" דער זייגער איז אַרום איינס, צוויי ביינאַכט. קיינעם קאָן איך דאָס נישט

זאָגן. כ׳קאָן קיינעם נישט וועקן. ליג איך אין געהאַקטע צרות און קוק אין הימל אַריין.

אין דער פרי גייט דאָס קאָמענדאַנטל פון פּאָליציי אַרויס אין דרויסן. איך זע, ער ווייס נישט, וואָס צו טאָן מיט אונדז: צי זאָל ער אונדז באַלד שיסן, צי נישט שיסן. אין דעם האָט ער אונדז געהייסן נעמען לאָפּאַטעס און מ׳האָט אונדז געפירט צו דער אַרבעט. מ׳האָט אונדז געהייסן פאַרשיטן אַ ברונעם. כ׳זע, אַז דעם ברונעם פאַרשיטן דאַרף נעמען אַ דריי חדשים. האָב איך געזאָגט: „קינדער, מיר זענען דאָ פאַרלוירן. ס׳איז אַ ברונעם. לאָמיר גיין אָנהאַקן צווייגן, מיר וועלן אים פאַרלייגן מיט די צווייגן, און פון אויבן וועלן מיר פאַרשיטן מיט ערד. איי — ס׳וועט איינפאַלן? זאָל איינפאַלן! ווערט ער געהרגעט!״ מיר זענען ווייטער געשטאַנען און געשאָטן, אָן עסן, אָן טרינקען. די פרוי מיטן קינד איז געבליבן אין פּאָליציי.

דאָס איז געווען שבת. אַזוי ווי מיר שטייען און אַרבעטן, גייען אָן צוויי גויעס. אין פוילן איז געווען אַן איינפיר, ביי די אוקראַיִנער אויך אַוודאי, אַז ווען מ׳פלעגט פאַרבייגיין מענטשן וואָס אַרבעטן, האָט מען זיי צוגעווונטשן. האָבן אונדז די גויעס צוגעווונטשן. רופט זיך אָפּ דער אוקראַיִנער, וואָס האָט אונדז געהיטן: „דאָס זענען זשידעס!״ זאָגט איינע פון די גויעס: „זשידעס? פאַרוואָס זשע אַר־בעטן זיי אום שבת? זשידעס טאָרן דאָך נישט אַרבעטן שבת! די עבירה וועט דאָך פאַלן אויף אונדז. מיר האָבן קוים מיט צרות צוריקבאַקומען אוקראַיִנע, וועלן מיר זי ווידער צוליב דיר פאַר־שפּילן. זיי טאָרן נישט אַרבעטן. ווער איז דאָ דער קאָמענדאַנט?״ די צוויי גויעס זענען אַוועקגעלאָפן צום קאָמענדאַנט און געמאַכט אַן אַוואַנטורע: „דו לאָזט יידן אַרבעטן אום שבת? די עבירה וועט פאַלן אויף דיר. איבער דיר וועלן מיר פאַרשפּילן אונדזער אוקראַיִנע. נעם זיי שוין אַראָפּ פון דער אַרבעט!״ איז מען געקומען און מ׳האָט אונדז אַוועקגעפירט צוריק. זיצן מיר הונגעריקע.

אין דעם קומט אָן אַ רייטער און גייט צו צום קאָמענדאַנט.

— ווער זענען די מענטשן?

— יידן, האָט געענטפערט דער קאָמענדאַנט, מ׳וועט זיי שיסן. נישט איצט, איז שפּעטער.

— פּאַפּירן האָבן זיי?

— יאָ. זיי האָבן דייטשע פּאַפּירן מיטן האַקנקרייץ פון סאַרנער מאַגיסטראַט צו פאָרן קיין לובלין.

— אויב אַזוי, אויב דו ווייסט זיי שיסן, וועט מען דיך דערהרגען. קענסט נישט די דייטשן? אויב זיי האָבן זיי געגעבן אַ פּאַפּיר, מוזטו זיי שיקן ווייטער. דו טאָרסט זיי נישט שיסן.

דער קאָמענדאַנט איז געבליבן אַ טויטער. ער האָט זיך זייער דערשראָקן. האָט ער אונדז אַרויסגערופן. ווו ווילט איר פאָרן?" האָבן מיר געזאָגט: „קיין קאָווליע".

ווען מ׳האָט אונדז פאַרהאַלטן, האָבן זיך די צוויי סערזשאַנטן אַריינגעזעצט אין וואָגן און זענען אַוועקגעפאָרן מיט אַלץ, וואָס יעדערער האָט געהאַט אין וואָגן. ווייל די אוקראַינער האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי טאָרן אונדז ווייטער נישט פירן. מיין שטעקן איז אויך פאַרבליבן אין וואָגן... האָב איך געטראַכט, אַז אויב מ׳וועט אונדז באַפרייען, וועל איך צוריקפאָרן קיין סאַרנע און נאָך אפשר געפינען מיין שטעקן מיטן געלט.

הכלל, מ׳האָט אונדז אַרויסגעפירט אונטער דער שטאָט און געזאָגט, אָנשטעלנדיק דעם אויטאָמאַט קעגן אונדז: „גייט! ווער ס׳וועט גיין צוריק, דערהרגע איך". האָבן מיר גענומען טענהן, אַז מיר מוזן גיין צוריק קיין סאַרנע, ווייל מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט אין וואָגן. דער ענטפער איז געווען: „גייט. כ׳וויל פון גאָרנישט וויסן!" האָבן מיר אָנגעהויבן גיין. אין וועג זענען מיר אָנגעקומען אין אַ דאָרף. האָט מען ביי אונדז באַלד גענומען חלה. איינער האָט אַראָפּגעשלעפּט מיינע שטיוול, איינער די הויזן, איינער די בלוזקע, איינער דאָס העמד. מ׳האָט אונדז איבערגעלאָזט אין די גאַטקעס. און — „גייט ווייטער!".

דאָס איז געווען אין יולי. די זון האָט געברענט, דער זאַמד האָט געבריט די פיס. ביינאַכט איז קיל. צו קאַלט פאַר נאַקעטע מענטשן.

אין קיין שטוב האָט אונדז קיינער נישט אַריינגעלאָזט. גייענדיק אַזוי זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ — אַ פעלד מיט קערשנביימער, קילאָמעטערס לאַנג. הונגעריק זענען מיר געווען, האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו די קערשן. מיט אונדז איז געווען איינער יאָסל פּליישער. ער איז אויסגעגאַנגען נאָך אַ פּאַפּיראָס. האָט מען אים געזאָגט, אַז בלעטער פון קערשנביימער קען מען פאַרדרייען און רייכערן. האָט ער זיך דערפרייט מיט דער מציאה.

אין דעם געגנט האָבן געווינט סאַמע פּאָליאַקן. די פּוילישע רעגירונג האָט זיי צוגעטיילט לאַנד. אָבער קיין הייזער זענען דאָרט נישט געווען. האָבן זיי געווינט אין זעמליאַנקעס. קומט אַרויס אַ גויע: „איר זייט פּאָליאַקן?” — „יאָ”. „זייט איר דאָך אונדזערע ברידער. מיר פירן דאָ אַ קאַמף. די אוקראַיִנער שלאָגן אונדז. זינט די דייטשן זענען אַריין, פייניקן זיי אונדז”. האָבן מיר זי געפרעגט: „מיר מעגן עסן פון די קערשן?” האָט זי געענטפערט: „עסט, עסט, עסט”, אָבער אין שטוב טאָר איך אייך נישט אַריינלאָזן. ס'איז פאַרבאָטן. קיין פרעמדן טאָר מען נישט אַריינלאָזן”.

אַזוי ווי מיר ריידן, איז אָנגעקומען דער גויעס מאַן. ער שטייט און קוקט אונדז אָן. ער קוקט זיך צו צו יאָסל בירמאַנען פון פּשיטיק. דער בירמאַן איז געווען אַ נידעריקער, דיקער ייד מיט אַ שפּיציק בערדעלע (אַ ביעזשעניעץ שוין אין דער ערשטער וועלטקריג), זיין זון מענדל, אַ ביסל אַ קורצזיכטיקער בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. מיט אַ מאָל טוט דער גוי אַ זאָג: „פּאַניע יאָסקו?”. מיר זענען געבליבן צעטומלטע. „כ'האָב אַ מאָל געאַרבעט ביי דיר. כ'האָב ביי דיר אַ מאָל געטריבן בהמות. דו דערקענסט מיך נישט, אָבער איך דערקען דיך יאָ. דו האָסט געווינט דאָ און דאָ, און דאָרט האָסטו געהאַט אַ יאַטקע”. און דער גוי פאַלט אויף אים אַרויף און הייבט אים אָן צו קושן און האַלדזן. „קודם קומט אין שטוב אַריין”. האָט זיך אָנגערופן די גויע: „אין שטוב טאָר מען נישט אַריינעמען”. זאָגט דער גוי: „וואַרט צו. כ'לויף צום סאָלטיס. כ'וועל אים מעלדן, אַז ס'זענען געקומען צו מיר מיינע יידן, פּוילישע יידן. איר

וועט דאָ נעכטיקן, איר וועט דאָ עסן". הקיצור, דער סאָלטיס האָט דערלויבט און מ'האָט אונדז אַרייַנגענומען אין זעמליאַנקע, מ'האָט אָנגעקאָרמעט דאָס קינד, די גויע האָט אונדז געמאַכט עסן. אָפּגעגעסן, האָט אונדז דער גוי (וויטשעק האָט ער געהייסן) געפרעגט: „וואָס זאָל איך טאָן פאַר אייך?" האָב איך אים געזאָגט: „שפּאַן איין דאָס פערד — מיר וועלן דיר באַצאָלן — און פאָר אַריין קיין קאָווליע אויף סטאַראַ־קאָלעיאָוואַ צו יעקב־אשר פּעטרושקאַ און פרעג אים, וואָס מיר זאָלן אין אונדזער לאַגע טאָן: „צי זאָלן מיר פאָרן קיין קאָווליע, צי זאָלן מיר צוריקפאָרן קיין סאַרנע".

דער גוי איז געקומען מיט אַן ענטפער, אַז „פון היינט אָן דאַרפן יידן טראָגן אַ געלע לאַטע פון פאָרנט און אַ געלע לאַטע פון הינטן". דאָס איז אַ באַפעל פון געביטס־קאָמיסאַר פאַר גאַנץ מערב־אוקראַיִנע. זי, די פרוי פּעטרושקאַ, האָט זיך די ערשטע זאַך נאָכגעפרעגט וואָס איך מאַך. דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז זי ראָט נישט צוריקצופאָרן קיין סאַרנע. „קאָווליע איז אַ גרויסע שטאָט, וואָס ס'וועט זיין מיט אַלע יידן, וועט זיין אויך מיט זיי". אין דעם בריוועלע, וואָס זי האָט צוגעשיקט, האָט זי געשריבן, אַז היינט ביינאַכט האָבן די דייטשן אין שטעטל (כ'האָב פאַרגעסן דעם נאָמען) דערשאָסן טויזנט מענער, די פרויען מיט די קינדער האָט מען איבערגעלאָזט. און אַז איך קאָווליע גייט מען אַרום ביינאַכט און מ'זוכט סחורה. און אַז אויף דער גאַנקע, ווו ס'איז געשטאַנען דאָס פּופּציקסטע פאָלק פוסגייער, שיסט מען מענער. פרויען מיט קינדער טשעפּעט מען נישט. „אויב איר ווילט קומט".

ווו קריגט מען אָבער געלע סחורה אויף לאַטעס? האָבן מיר געשיקט וויטשיקן נאָך אַ מאָל צו דער פּעטרושקאַ. האָט ער געבראַנגט געל פּאַפּיר און מ'האָט אויסגעשניטן לאַטעס. צוויי לאַטעס פאַר יעדערן פון אונדז. אַ פּאָר טעג זענען מיר נאָך פאַרבליבן ביי וויטשיקן, און מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין קאָווליע. יאָ, די פרוי פּעטרושקאַ האָט אויך געשריבן: „איך קאָן אַריינגעמען צו זיך נאָר שיען. זאָלן די איבעריקע זיך זוכן אַ פּלאַץ".

אין אוקראַינע זענען די הילצערנע הייזער געבויט אויף סלופּעס. אונטן איז הויל. די פּאָדלאָגע ליגט נישט אויף דר׳ערד. ס׳איז דאָ אַ גרויסער אָפּשטאַנד פון דער ערד ביז צו דער פּאָדלאָגע. ווען דער גוי איז געפאָרן ברענגען געלע סחורה אויף לאַטעס, האָב איך געשריבן צו פּעטרושקען, זיי זאָלן באַלד אויסשניידן אַ ברעט אין דער פּאָדלאָגע און מאַכן אונטער איר אַ באַהעלטעניש פאַר מיר. „כ׳האָב מורא. איך ווייס, אַז איך דאַרף זיך באַהאַלטן״.

מיר זענען מיט מזל אָנגעקומען קיין קאָווליע ביינאַכט און מיר זענען אַריין צו פּעטרושקען. האָט די פרוי געזאָגט: „קינדער, כ׳קאָן אייך אַלע נישט האַלטן. גייט און זוכט זיך יעדערער אַ פּלאַץ״. מיר האָט זי געגעבן אַ קישן און האָט מיך באַהאַלטן אינעם בונקער.

קאָווליע איז געווען אַ קנופּסטאַנציע. האָט מען געדאַרפט מענטשן, וואָס זאָלן אַרבעטן ביי די לאָקאָמאָטיוון. דער יעקב־אשר מיט זיין ברודער קלמן האָבן דאָרט געאַרבעט ביים אַריינשיטן קוילן אין די לאָקאָמאָטיוון. די פּעטרושקעס האָבן געהאַט אַ זעכצן־יעריקן זון, דאָוטשע, און אַ טאָכטער פון אַכצן יאָר — חיהקע. איך בין אַרומגעגאַנגען אין די גאַטקעס. האָט מיר די פרוי געגעבן איר זונס אַ פּאָר קורצע הויזן, אַ פּאָר שיך און זאָקן. האָב איך אויסגעזען ווי אַ סטודענט.

גאַנצע טעג בין איך אָפּגעלעגן אין גרוב. ביי טאָג איז זיך די משפּחה צעגאַנגען. איין מאָל איז געקומען יעקב־אשר מיט אַ שמחה און האָט דערציילט, אַז דער אַרבעטסאַמט זוכט מענטשן צו דער אַרבעט. אַזוי ווי די דייטשן נעמען צו די בהמות פון די קאָלכאָזן און פון די סאָווכאָזן און זיי שיקן זיי אָפּ קיין דייטשלאַנד, דאַרפן זיי האָבן מענטשן אין קאָווליע, וואָס זאָלן די בהמות אָנפּאָיען, געבן עסן און אויסמעלקן. האָט מיך יעקב־אשר פאַרשריבן צו דער אַרבעט. צו די קוילן האָט מיך זיין פרוי נישט געלאָזט גיין: „איר קאָנט גיין אַרבעטן ביי קוילן? דאָס העמד ווערט דאָרט ברודיק יעדן טאָג. אייער פרוי איז דאָ נישטאָ. מיין מאַנס העמד מוז איך וואַשן. כ׳האָב

קיין ברירה נישט. איר וועט צו די קוילן נישט גיין, אָבער מעלקן קי — גייט״.

די בהמות זענען אָנגעקומען קיין קאָווליע יעדן טאָג. האָבן מיר יעדן טאָג געדאַרפט איבערלאַדעווען די וואַגאָנען, וואָס זענען געגאַנגען קיין ראַדעם, קיין בערלין, קיין לייפּציק און אַפילו קיין לובלין. מיר האָבן זיי אָנגעפּאַיעט, געגעבן צו עסן, אויסגעמאָלקן און אַוועקגעשיקט.

ס׳איז געווען אַן אָפּטיילונג דייטשן פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די וואַגאָנען, וואָס זענען געפאָרן קיין פּוילן און קיין דייטשלאַנד. זיי זענען געווען קאָמוניסטן. אַזוי ווי מ׳האָט זיי נישט גענומען אויפן פראָנט, האָט מען זיי געשיקט אויף אַרבעט ביי די וואַגאָנען, וואָס זענען פון אונדז אָפּגעגאַנגען. דער עלטסטער פון דער אָפּטיילונג האָט געשיקט זיין אַ באַגלייטער צו דער באַן. כ׳האָב זיך מיט דעם עלטסטן באַקענט. איין מאָל האָב איך אים אַ זאָג געטאָן: „בהמה, נאַר (ער האָט געשאָלטן היטלערן און געלויבט די יידן), קאָנסט דאָך פאַרדינען געלט. זאָג אַן דיינע באַגלייטער זיי זאָלן ברענגען פון דייטשלאַנד זשילעטקעס און נאָך זאַכן, וואָס דאָרט זענען זיי פאַראַן בשפע, און ביי אונדז זענען זיי נישטאָ, און דו שיק אַהין עסנוואַרג. וועט איר אַלע פאַרדינען״. „אָ — זאָגט ער — ביסט דאָך אַ ייד, ביסטו דאָך קלוג״. הכלל, כ׳האָב אָנגעהויבן איינקויפן פאַר זיי זאַכן צו פירן קיין דייטשלאַנד. אַ באַגלייטער איז געווען 5—8 טעג אין וועג. איך האָב זיי מיטגעגעבן סלאָנינע און אַנדערע פּראָדוקטן, און זיי האָבן געברענגט פון דאָרט זאַכן און כ׳האָב זיי פאַרקויפט אין קאָווליע.

זענען געקומען צו מיר מיינע פריינד פון לובלין און האָבן געזאָגט: „שיע, אפשר קאָנסטו פועלן, מיר זאָלן פאָרן אַהיים?״ די זאַך איז מיר געפעלן. בין איך צוגעגאַנגען צום עלטסטן און געזאָגט: „כ׳וועל דיר באַצאָלן כך וכך. כ׳וויל מיטשיקן מיינס אַ מענטש אין אַ וואַגאָן, וואָס גייט קיין לובלין. אויף דער וואָליע וועט ער אַרויסשפּרינגען און ער וועט אַהיימגיין״. כ׳האָב אים באַצאָלט און ער איז

איינגעגאַנגען אויף מיין פּלאַן. (וואָס אַרט אים אַז מ׳וועט דערהרגען אַ ייד?). די קאָנדוקטאָרן פון לובלין, וואָס האָבן באַגלייט די באַנען, פלעגן אונדז ברענגען בריוועלעך פון לובלינער געטאָ.

כ׳האָב אָוועקגעשיקט דעם ערשטן מאַן, איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז ער איז אָנגעקומען אין לובלינער געטאָ. דערנאָך האָב איך געשיקט אַ צווייטן און אַ דריטן ייד. אַלע מאָל איז מיטגעפאָרן אַ לובלינער ייד מיטן דייטשן באַגלייטער.

שפּעטער־צו האָב איך געזאָגט יעקב־אשרן, אַז ס׳איז נישט קיין געשעפט צו אַרבעטן פאַרן דייטש. „לאָמיר שעכטן אַ קו", מאַכט ער: „אוי, וואָס רעדט דער ייד?" האָב איך געזאָגט: „יעקב־אשר, קיין פלייש איז אין קאָוולע נישטאָ. מ׳דאַרף שעכטן אַ קו". — — — „ווו וועסטו נעמען אַ קו?" זאָג איך: „ס׳איז דאָ אַ ייד, וואָס אַרבעט מיט די אוקראַינער, וואָס נעמען צו די בהמות ביי די פּויערים און גיבן זיי אָוועק דעם דייטש. מיר׳ן מיט אים ריידן און ער וועט אונדז פאַרקויפן אַ גוטע קו". הכלל, מיר האָבן מיט אים גערעדט און ער האָט פאַרקויפט אַ קו. די קו האָבן מיר געשאָכטן ביי יעקב־אשרן אין שטאַל. די פרוי פּעטרושקאַ האָט געשריען, אַז ס׳איז אַ סכנה, נאָר איר מאַן האָט איר געענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין מורא.

אין קאָוולע זענען געווען אַ סך פּאָליאַקן. זיי זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. האָב איך גענומען אַ קיישעלע און כ׳האָב אַריינגעטראָגן אין די שטיבער פלייש, אַ קילאָ, צוויי קילאָ. וויפל כ׳האָב געזאָגט, האָט מען מיר באַצאָלט. כ׳האָב אהיימגעברענגט אַ זאַק מיט געלט. יעקב־אשר האָט די אויגן געעפנט. דערנאָך האָבן מיר געשאָכטן נאָך אַ קו און נאָך אַ קו. אונדזער שטוב איז געוואָרן זאַט. די ערשטע צייט האָט די פרוי פּעטרושקאַ איינגעזייערט מילך און מיר האָבן עס געגעסן מיטקוקורוזע־קאַשע. דערנאָך האָט זי געמאַכט ברעמזלעך פון קוקורוזע־מעל. שפּעטער איז שוין געווען אין שטוב פון אַלעם גוטס. ס׳איז געוואָרן הימלעך. מיר זענען אַלע טאָג געגאַנגען אויף אַרבעט. דער דייטש האָט מיר געגעבן אַן אַרבעטסביכל. כ׳בין אָבער אַרומגעגאַנגען אין צעריסענע שיך. האָב איך געזאָגט

צו יעקב־אשרן: „כ׳וויל נישט קיין געלט. מאַך מיר אַ פּאָר שטיוול. כ׳וויל מיר קויפן אַ פּאָר הויזן. כ׳וויל מיך אָנטאָן״. כ׳האָב פּלאַנירט צו פאָרן אַהיים. מיט די אַלע גליקן האָב איך נישט געוואָלט בלייבן אין קאָווליע.

האָט מען באַשטעלט ביי אַ שוסטער אַ פּאָר שטיוול, אָבער קיין גומי אויף פּאָדעשוועס האָט מען נישט געקריגן, נאָר עפּעס אַן אַנדער שטאָף (כ׳געדענק נישט ווי דאָס האָט געהייסן), מ׳האָט עס צוגעקלעפּט און... כ׳האָב שוין אַ פּאָר שטיוול. יעקב־אשר האָט פאַר אַלץ באַצאָלט. כ׳האָב אים אַוועקגעגעבן דעם גאַנצן ריווח פון די בהמות. איך האָב קיין געלט נישט געוואָלט נעמען. ער האָט דאָך מיך אַריינגענומען אין שטוב צו זיך מיט עסן, מיט טרינקען און האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַן אייגענעם, נאָך בעסער.

אַ געוויסן טאָג האָב איך אים געזאָגט: „יעקב־אשר, איך פאָר אַהיים״. קוקט ער מיך אָן: „וואָס טוט זיך מיט אייך? איר מאַכט זיך דאָך אומגליקלעך! מ׳וועט דאָך אייך דערהרגענען״. און איך ביי מייניקע: „יעקב־אשר, כ׳פאָר אַהיים מיטן ערשטן וואַגאָן, וואָס גייט קיין לובלין. איך וויל פון אייך, איר זאָלט גיין מיט מיר. מ׳וועט אָנפּאָיען די בהמות. איך וועל זיך אַריינלייגן אין אַ וואַגאָן. איך בין דאָ נישט לענגער. אויב געהרגעט ווערן, וויל איך לעבן מיין פאַמיליע״. כ׳האָב אָפּט געקריגן בריוועלעך פון מיין פרוי, אַז מ׳לעבט אין געטאָ, מ׳לעבט. מ׳טרייבט אַרויס פון די הייזער, מ׳קומט צוריק. זי האָט געוואָלט, כ׳זאָל קומען צוריק.

ווען די פרוי פּעטרושקאַ האָט דערהערט פון מיין פּלאַן, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען: „שיע, איר מאַכט זיך אומגליקלעך. אפשר וועלן מיר איבערלעבן. אפשר וועט דאָ נישט זיין ווי אין לובלין״.

הכלל, מיר זענען געגאַנגען. מיר האָבן אויסגעמאָלקן די בהמות, מ׳האָט זיי אָנגעפּאָיעט, געגעבן צו עסן און מיר האָבן זיי אונטער־געבעט. איך בין אַריין אין אַ וואַגאָן און כ׳האָב זיך אַוועקגעלייגט. יעקב־אשרן האָב איך אָנגעזאָגט ער זאָל איין אויער פון וואַגאָן נישט פאַרדראָטעווען, נאָר לאָזן אָפן.

אין כעלם האָבן די דייטשן אַריינגעלויכטן אין וואַגאָן, כדי צו זען צי דאָרט זענען דאָ בהמות, וויפל בהמות. איך בין געלעגן הינטער די אָקסן. דער קאָנטראָל איז דורכגעגאַנגען גלאַטיק.

אַ פּראַכטבאַן גייט לאַנגזאַם. כ׳בין געפאָרן פון כעלם קיין לובלין אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג, כ׳גיב אַ קוק — כ׳בין שוין אין שווידניק. האָב איך געגעבן אַן עפן אויף דעם וואַגאָן און אַ טאַנץ אַראָפּ. די באַן האָט זיך געשלעפּט ווייטער, און איך בין אַוועק צופוס. אַנגעטאָן בין איך געווען אין אַ פּעלץ, אויפן קאָפּ אַ מאַטשעיווקע. צוויי וואָנסעס. מיין פרוי האָט מיר געשריבן, אַז די געטאָ איז אַן אָפענע, נישט קיין פאַרדראָטעוועטע, נאָר אויף לעוואַרטאָווסקי גאַס ווינען פון איין זייט גאַס יידן, און פון דער צווייטער זייט גויים. די הייזער מיט די גראָדע נומערן זענען גויישע, מיט די אומגראָדע נומערן — יידישע. די גאַס איז געווען אַ שמאָלע. ווען אַ ייד איז אַריבערגע־גאַנגען צו דער גוישער זייט, האָט מען אים געשאָסן. אָבער אַ גוי האָט געמעגט אַריבערגיין צו דער יידישער זייט. אין די ווייטערדיקע גאַסן האָבן געוווינט נאָר יידן.

איך בין געגאַנגען נישט געאיילט, מיט ווערדע, און כ׳בין גע־קומען צו דער גאַס פון הייליקן מיקאָליי. דאָרט איז געזעסן די יידישע פּאָליציי. כ׳קום צו צו דער טיר, זאָגט מיר שמואל: „דאָ איז אַ געטאָ, קיין פּאָליאַק טאָר דאָ נישט אַריינגיין״. זאָג איך: „שמואל, איך בין אַ ייד, נישט קיין גוי״. מאַכט ער: „טראָג זיך אָפּ פון דאַנען. כ׳קען שוין די קונצן. גויים רייסן זיך אַריין אין געטאָ קויפן סחורה, און ער פאַרדרייט מיר אַ קאָפּ״. זאָג איך: „ווייסטו וואָס? רוף אַרויס, שמואל, מיין פרוי. זי וווינט דאָ און דאָ. וועסטו זען דעם אמת״. הכלל, ער איז אַריינגעגאַנגען אין הויז און איז באַלד אַרויסגעקומען מיט מיין פרוי. זי האָט זיך אַזוי דערפרייט! „דאָס איז דאָך מיין מאַן! דער טאַטע פון מיין קינד!״

כ׳בין אַריין אין שטוב, כ׳קוק זיך אַרום. אַן אייזערן בעטל. מיין פרוי און מיין שוויגער האָב איך נישט דערקענט — הונדערטיעריקע מענטשן. די טאָכטער האָט אויסגעזען גוט, אַ יונגער מענטש. זי האָט

נישט געוווּסט פון קיין צרות. זי האָט מיך אָנגעקוקט קרום. נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, אַ ביסל אָפּגעוווינט זיך. קיין געלט האָט זיי נישט געפעלט. כ׳האָב זיי דאָך געשיקט פעקלעך. אָבער ס׳לעבן איז געווען וויסט, חושך. מיין פרוי איז דעמאָלסט אַלט געווען 34—35 יאָר, נאָר זי האָט אויסגעזען 95. מיין שוויגער איז שוין געגאַנגען כמעט אויף אַלע פיר. איך האָב אויסגעזען גוט.

כ׳האָב זיך אַ ביסל באַרויִקט. כ׳האָב זיך דאָך געמוזט האַלטן. כ׳האָב באַלד געזאָגט, אַז מען מוז שוין מאַכן אַ בונקער. די עס־עס האָט דעמאָלסט אָנגעהויבן צו זוכן די מענטשן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד. דער יודנראַט האָט באַלד צוּוויסן געגעבן ווער ס׳איז צוריקגעקומען, ווער ס׳האָט זיך איינגעמאָלדן. האָב איך זיך צוגעאיילט מיטן מאַכן דעם בונקער.

מיר האָבן געוווינט אין אַ גוישער הייזקע. מיר זענען דאָרט געווען אפשר זעקס שכנים. דעם ערשטן טאָג פון מיין קומען בין איך אַוועק צו מיין מוטער און צו מיינע שוועסטער. די ברידער זענען שוין דאָרט נישט געווען.

יידן האָבן אַריינגעפירט בהמות אין געטאָ און געשאָכטן. ווי אַזוי האָט מען אַריינגעפירט די בהמות? אין לובלין איז געווען אַ דייטש קראַזע. ער האָט געהאַט די גרעסטע וואַסערמיל אין לובלין. ביים דייטש איז ער געווען אַן אָנגענומענער מענטש. אַזוי ווי מ׳האָט געפירט בהמות אָפּצוגעבן דעם דייטש, האָט זיך אַ יידיש מיידל פאַרשטעלט פאַר אַ גויע און, אַנשטאָט צו פירן אַ קו קיין וואָליע, האָט זי זי אַריינגעפירט צו קראַזען. ביינאַכט האָט מען די קו אַרויסגענומען, מ׳האָט זי אַריינגעפירט אין געטאָ און געשאָכטן. אַ קצב האָט זיך געקויפט אַ פערטל פלייש און האָט עס צעהאַקט אויף קליינע חלקים צום פאַרקויפן. איך האָב דאָרט געהאַט אַ ברודערן־זון בערל. האָט ער זיך געמאַכט אַ טיפן טיש. ער האָט צענומען אַ פערטל פלייש, אַריינגעלייגט אין טיש אַריין און מ׳איז געזעסן און געשפּילט אין קאָרטן. אַז אַ קונה איז אַריין נאָך אַ שטיקל פלייש, האָט מען אויפגעהויבן דעם דעק פון טיש און מ׳האָט אים געגעבן.

בערל האָט מיר געזאָגט: „פּעטער, זיי ביי מיר". ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט אַ קינד. זיין פרוי איז געווען דעמלסט אין די לעצטע חדשים שוואַנגערשאַפט. דאָרט וווּ איך האָב געוווינט, איז געווען דער טיפוס־שפּיטאָל. טויזנטער זענען דאָרט געשטאָרבן יעדן טאָג. גאַנצע פאַמיליעס האָט מען געברענגט און זיי זענען אויסגעשטאָרבן. די זאַראַזע האָט געפאַנעוועט. האָט בערל געזאָגט: „פּעטער, דו ביסט ערשט געקומען, פּריש, וועסטו זיך באַלד אָנשטעקן מיט אַ טיפוס און וועסט אָנשטעקן די שטוב. זיי ביי מיר בייטאָג, און ביינאַכט וועסטו גיין אַהיים שלאָפן. כדי אויסצוהיטן זיך פון אַ טיפוס, דאַרף מען עסן קנאָבל און טרינקען בראָנפן. ביי מיר וועסטו עסן און טרינקען". און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

אַ געוויסן טאָג האָט מען געכאַפּט 418 יידן פון לובלין אַוועק־צושיקן קיין מיידאַנעק. כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז מ'האָט געכאַפּט אויך מיין שוועסטערס זעכצן־יעריקן זון, אַן אַטלעט. ווען מ'האָט אים געכאַפּט, האָט מען געזאָגט מיין שוועסטער: „אַז דו וועסט געבן כך וכך, וועט מען אים אפשר קענען אויסקויפן". האָט זי באַצאָלט און איז געקומען אָפּנעמען אים. איז ער שוין געווען אויפגעהאָנגען. די 418 יידן האָט מען גענומען אויסצופּרובירן די אויוונס, זען צי זיי אַרבעטן גוט. דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט, וואָס לובלינער געטאָ האָט געפילט, ווען מ'איז געגאַנגען אויספּרובירן די אויוונס. דערנאָך האָט מען אַריינגעברענגט 70,000 רוסישע געפאַנגענע און מ'האָט זיי פאַרטיק געמאַכט אין צוויי־דריי טעג. ס'איז קיין זכר פון זיי נישט געבליבן.

אַז כ'האָב געהערט די מעשה מיט מיידאַנעק, האָב איך זיך באַהאַלטן אין בונקער. דערווײַלע איז געקומען צו מיר אַ קריסט געוועזענער וועגן וואָס איך מאַך. זיין נאָמען איז געווען שטשעטשינסקי. ער האָט געוווינט ביי די דראָטן פון מיידאַנעק. האָט ער מיר געזאָגט: „שיע, מיט אייך איז שלעכט. קיין איין ייד וועט דאָ נישט בלייבן. איך ווויין לעבן די דראָטן פון מיידאַנעק. דאָרט בויט מען פאַר אייך אויוונס צום פאַרברענען. מ'ברענגט גרייטע ווענט, אַ גרייטן דאַך,

מ׳דרייט אַריין קאָרקעס און מ׳שרויפט צו דעם דאַך און — דער באַראַק איז פאַרטיק. דו ביסט מיר אַ שאָד, שיע. כ׳האָב פאַר דיר צוויי וועגן: אָדער כ׳וועל דיר מאַכן אַ פּאַס אַלס קריסט און וועסט אַוועקגיין אַרבעטן אויפן שאָסיי, האַקן שטיינער, אָדער כ׳וועל דיר אויסבויען אַ בונקער אונטער מיידאַנעק. ווער וועט דאָרט זוכן? דו וועסט ביי מיר איבערלעבן. קיינער טאָר פון דעם נישט וויסן. גיב מיר 3,000 זלאָטעס, וועל איך דיר קודם מאַכן אַ קענקאַרטע. כ׳וועל דיר געבן אַן אַנדער נאָמען, אַז דו ביסט געבוירן געוואָרן דאָ און דאָ, און אַ צעטל פון אַ קלויסטער, אַז דו ביסט געשוועצלט געוואָרן. דערנאָך וועל איך דיר געבן אַן אַדרעס, וועסט אַהין אַוועקפאָרן און ווערן אַ וועגאַרבעטער. און טאָמער וועסטו נישט האָבן קיין ברירה, וועסטו זיך באַהאַלטן אין בונקער, וואָס כ׳וועל דיר אויסבויען". כ׳האָב אים באַלד געגעבן די 3,000 זלאָטעס.

דער שטשעטשינסקי איז געווען דער אַרכיטעקט פון מאַגיסטראַט. אויפן פּלאַץ, ווו כ׳האָב געבויט מיין הויז, איז געווען אַ באַרג, האָט ער געשיקט פויערים מיט פערד און וועגן און מ׳האָט אַרויסגעפירט די ערד פון באַרג. און מיר האָבן זיך איינגעלעבט.

מיין מוטער האָב איך שוין מער נישט געזען. נאָך דעם ווי מ׳האָט אויפגעהאָנגען איר זון, איז מיין שוועסטער פאַרבליבן מיט פיר טעכטער און אַ זון. מיין צווייטע שוועסטער האָט געהאַט פיר קינדער. איר זון לייבל האָט געהאַט אַ גוטן פּאָסטן, האָבן זיינע עלטערן געמעגט וווינען אין אַ שיינער דירה, אפילו אין אַ קריסטלעכן געגנט. דערפאַר האָט מיין שוועסטער דעמלסט געלעבט אויף דער גראַדסקי גאַס. מיין אַנדערערס שוועסטערס טאָכטער האָט געאַרבעט ביים מיליטער, האָט זי אויך געמעגט וווינען נישט אין געטאָ.

אַלע טאָג בין איך אַרויפגעקומען צו מיין ברודערן־זון. מ׳האָט געשאָכטן אַ קו, געהאַקט ס׳פלייש. כ׳האָב אויך געטראָפן מיין אַ געוועזענעם אַרבעטער, וואָס האָט ביי מיר אָפּגעאַרבעט צוואַנציק יאָר. ער האָט אויך געשאָכטן אין געטאָ און ער האָט מיך געוואָלט צונעמען אַלס אַ שותף. זענען אויף דעם נישט איינגעגאַנגען זיינע

שותפים. בין איך געווען ביי בערלען. איינרייסן די וועלט האָב איך נישט געוואָלט. כ׳האָב שוין געזען, אַז ס׳איז נישט כדאי.

ס׳האָט דאָך אָבער אויסגעפּעלט צום עסן. פלעגט מיין שוויגער אַרויסגיין קיין טשעכעוו. אַז מ׳האָט דאָרט געכאַפּט אַ ייד, האָט מען אים דערשאָסן. זי פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ גויע. זי האָט אַלע־מאָל אויסגעזען ווי אַ גויע. ווען איר איז אויסגעקומען פאַר דער קריג צו זיין אַן עדות אין געריכט, האָט מען איר, ביים שווערן, צוגעטראָגן אַ צלם. זי האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש. מיך האָט זי נישט געלאָזט גיין קיין טשעכעוו: „אויב דערהרגענען, זאָל מען מיך, נישט דיך״ האָט זי געזאָגט. זי פלעגט אַריינגיין צו מיינע לאַקאַטאַרן, און טיילמאָל האָט זי וואָס נישט איז באַקומען ביי זיי.

אין מיין הויז האָט געוווינט אַ געוועזענער מאַיאָר. די דייטשן האָבן אים אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ און האָבן צוגעשיקט זיין פרוי אַ שאַכטעלע מיט זיין אש. מיט איר האָט געוווינט איר ברודער פּאַוולאָווסקי. איך האָב געלעבט גוט מיט אַלע לאָקאַטאָרן, נאָר אַמבעסטן מיט איר. פּאַוולאָווסקי האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ פאַבריק, וואָס די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט.

אין טשעכעוו האָבן נאָך געמעגט האָבן זייערע געוועלבן אייניקע פאַכמענער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די פּאָליאַקן, ווי שוסטער, שניידער. אָבער ביינאַכט האָבן זיי געמוזט קומען אין געטאָ שלאָפן.

אין פעברואַר איז אָנגעקומען אַ באַפעל מ׳זאָל אַרויסנעמען קענקאַרטעס און מיטברענגען אַלע דאָקומענטן, וואָס מ׳האָט. מ׳דאַרף קומען נאָך די קאַרטעס לויט די אותיות פון אלף־בית. האָב איך דאָך מורא געהאַט צו גיין, ווייל כ׳בין דאָך געקומען פון רוסלאַנד, און מ׳האָט דאָך געזוכט די צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד. אָבער כ׳האָב קיין ברירה נישט געהאַט. אַן אַ קענקאַרטע בין איך גאָרנישט ווערט. מיין שוויגער האָט געהייסן גרינשטיין, איך הייס גאָלדבערג.ביידנס פאַמיליעס הייבן זיך אָן מיט אַ „ג״. מיין שוויגער איז געגאַנגען פאָרויס און איך נאָך איר. מיר האָבן געקריגן קענקאַרטעס. בין איך שוין גליקלעך.

פון אונדזער גאַס האָט געפירט אַ וועג צו דער וואַליע, ווו ס'איז געשטאַנען דאָס עקספּאָרט־אימפּאָרט־שעכטהויז. מיר זיצן אַזוי איין מאָל אין שטוב פאַרנאַכט. רופט אַרויס אַ שכנטע מיין ווייב. קיין עלעקטרע איז נישט געווען. נאָך זיבן פאַרנאַכט טאָר מען פון שטוב נישט אַרויס. כ'זע מיין ווייב קומט נישט צוריק. בין איך אַרויס זען, וואָס דאָרט טוט זיך. האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָ וווינט אַ שניידער, וואָס האָט אַ געוועלב אויפן זאַמד, ביי דער באַן. און דאָ גייט זיין פרוי צו קינד. האָב איך אויפגעעפנט די טיר און כ'זע: די ווייבער שטייען און קנייפּן זיך די באַקן, מ'וויינט, מ'קרעכצט, און די קינפּע־טאָרין מאַכט גוואַלדן. האָב איך געהייסן אַלע ווייבער אַרויסגיין, כ'בין צוגעגאַנגען צום בעט און געזאָגט: „חנהטשע, איר וועט זיך נישט שעמען פאַר מיר?" האָט זי געזאָגט: „טוט וואָס איר ווילט". האָב איך פאַרשאַרצט די אַרבל און כ'האָב אָפּגענומען דאָס קינד, אַ מיידעלע. כ'האָב פאַרבונדן דעם נאָפּל און באַהאַלטן די גאַנצע פּאַרציע אויף מאָרגן אין דער פרי, ווען ס'וועט קומען די אקושערקע, זי זאָל קאָנטראָלירן צי ס'איז אַלץ בסדר. די פרוי האָט זיך באַרויִקט. מ'האָט איר געגעבן אַ טרונק. דאָס קינד האָב איך איינגעוויקלט. אין דער פרי איז געקומען די אקושערקע. זי האָט אַלץ באַקוקט און האָט געזאָגט: „כ'וויל נאָר זען דעם פאַכמאַן, וואָס האָט דאָס געמאַכט". בין איך אַריין. מיר האָבן זיך געקענט. „אוי — זאָגט זי — דו ביסט דאָס אַזאַ פאַכמאַן? איך אַליין וועל דיך צונעמען צו דער אַרבעט". דאָס קינד איז נישט געווען קיין ערשטלינג. קיין עסן האָט אין דער שטוב נישט געפעלט, ווייל דער מאַן האָט געאַרבעט פאַר די פּאָליאַקן. זיי האָבן שוין געהאַט עטלעכע קינדער.

אַ געוויסע נאַכט האָב איך דערהערט — ס'רודערט זיך. כ'האָב דאָך געלעבט אין שרעק, בין איך, ווי געוויינלעך, געלעגן אין בונקער. כ'רוק אַרויס דעם קאָפּ, זע איך — ס'איז ליכטיק. אַלע לאָמפּן ברענען. כ'קוק אַראָפּ אויף דער רש"י־גאַס: „אוי, רבונו של עולם! מ'האָט שוין ווידער געבראַכט יידן אין געטאָ אַריין? זע נאָר די צרה. דאָ שיקט מען כסדר אַרויס יידן און אָט האָט מען שוין ווידער

געבראַכט יידן אין געטאָ". און כ'זע, מ'גייט שוין מיט קינדער־וועגעלעך, און מ'וויינט שוין, און מ'שרייט שוין, און מ'קרעכצט שוין און מ'הערט שוין דייטשע ווילדע קולות.

אין דער פרי — יידן לויפן פון דער לעוואַרטאָווסקי גאַס. „וואָס איז?" פרעג איך. „אַן איבערזידלונג". מ'האָט פאַרנומען די לעוואַר־טאָווסקי גאַס (זי איז געווען די ערשטע) מיטן שפּיטאָל — 1575 יידן — און מ'האָט זיי געטריבן קיין וואליע. צופּוס. אַ מהלך פון אַ דריי קילאָמעטער. דאָרט זענען שוין געשטאַנען לעבן שעכטהויז 21 וואַגאָנען. גאַנצע משפחות מיט די קינדער, אַלטע און יונגע, האָט מען פאַרלאָדן אין די וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט. מ'האָט געזאָגט, אַז מ'שיקט זיי אויף אַרבעט. מאָרגן דאַרף גיין אַן אַנדערע גאַס, ווייל מ'וועט נעמען גאַסנווייז.

אין לעוואַרטאָווסקי גאַס האָט שוין קיינער נישט געטאָרט אַריינ־גיין. מ'האָט זי אָפּגעצאַמט מיט דראָט און אָפּגעשלאָסן פון געטאָ.

מ'האָט געזאָגט, אַז דער וואָס האָט אַ גוט ביכל, דעם נעמט מען נישט. און מ'נעמט נישט זיין משפחה. איך האָב געהאַט אַ ביכל, אַז כ'בין נישט פעיִק צו דער אַרבעט. אַזוי ווי כ'בין אָנגעקומען, האָב איך באַצאָלט אַ יידישן דאָקטאָר, און ער האָט מיר געגעבן דאָס ביכל. בין איך אַראָפּ צו די מוסרים שמאי גרייער, שלמה ביבער און לייבל גמרא. אפשר וועלן זיי עפּעס טאָן, ווייל זיי האָבן געאַרבעט מיט די דייטשן. יעדער מסור האָט געהאַט זיין דייטש. האָב איך געטראָפן לייבל גמרא. „לייבל — זאָג איך צו אים — כ'האָב דיר אַמאָל געטאָן אַ טובה. ראַטעווע מיך. כ'וויל נישט, מ'זאָל אַוועקשיקן מיין פאַמיליע". זאָגט ער: „האָסט 4,000 זלאָטעס, וועסטו קריגן אַ שטעמפּעלע אויפן ביכל, אַז דו פאַרסט נישט. האָסטו נישט קיין 4,000 זלאָטעס — פאָרסטו".

כ'האָב נישט פאַרמאָגט קיין 4,000 זלאָטעס. בין איך אַוועק אַהיים. כ'האָב געהאַט אַ שכנטע רחלע בידערמאַן. איר מאַן, דוד, איז געווען אַ שאַפער אין דער ברויערייַ, וווּ מ'האָט געמאַכט ביר. (זי האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו הערשל זילבער). ער האָט געהאַט אַ גוט

ביכל — אַ שאַפער! די בידערמאַנס האָבן געהאַט פיר קינדער, צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך. דוד האָט זיך באַקענט מיט די גויים, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער טאַבאַק־פאַבריק. די גויים האָבן געגנבעט בלעטער, האָבן זיי געבראַכט אין געטאָ און פאַרקויפט דער רחלע בידערמאַן. די קינדער האָבן געשטאָפּט פון דעם פּאַפּיראָסן און זיי האָבן זיי פאַרקויפט אויף דער גאַס. קיין געלט האָט ביי זיי נישט געפעלט. זייער עלטערער ייִנגל, ישראל־מאיר, איז אַריינגעקומען צו מיין טאָכטער. האָבן מיר זיך איינגעלעבט. אַז מ׳וועט אפשר איבער־לעבן, וועט עפּעס פון דעם אַרויסקומען.

כ׳בין אַרויף צו רחלען און געזאָגט, אַז כ׳דאַרף האָבן 4,000 זלאָטעס (איר מאַן האָט באַלד געהאַט אַ ביכל מיט אַ שטעמפּל). אויב איר קענט דאָס מיר לייען, וועל איך אייך געבן אַ וועקסל אויף נאָכמלחמהדיקן געלט, און כ׳וועל אייך באַצאָלן מיט פּראָצענט. רחלע האָט מיר געגעבן דאָס געלט, און כ׳בין אַראָפּגעלאָפן אונטן צו לייבל גמרא. האָב איך אים שוין נישט געטראָפן. בין איך אַריין צו שמאין. שמאי האָט געהאַט אַ דערלויבעניש פון די דייטשן צו פירן אַ רעסטאָראַן פון גאָלע גוטס. זע איך, ס׳זיצט אַן עס־עס־מאַן און דערביי שטייט אַ תבואה־זאַק מיט געלט. זאָג איך: „שמאי, כ׳האָב גערעדט מיט לייבל גמרא. כ׳דאַרף אים געבן 4,000 זלאָטעס. אָט האָסטו מיין ביכל״. זאָגט ער: „סט׳קומען דריי אַזייגער, וועסטו האָבן דיין ביכל מיטן שטעמפּעלע״; בין איך אַרויס אין דרויסן וואַרטן. דורכן פענסטער האָב איך געזען ווי דער עס־עס־מאַן פרעסט געבראָ־טענע גאַנדז צוזאַמען מיט שמאין.

דאָס איז געווען דעם 17טן מערץ 1942. דאָס אייז צעגייט. די קלאָזעטן צעגיסן זיך. אומעטום זיצן אָפּגעריסענע יידן, וואָס גייען אויס נאָך אַ ביסן ברויט, און דאָ שפּאַרט מען אַן זעק מיט געלט און מ׳מאַכט ביכלעך.

מיין פאַמיליע וואַרט כ׳זאָל קומען מיטן שטעמפּעלע. און איך שטיי און וואַרט, נישט געגעסן, נישט געטרונקען. לעבן מיר שטייט אַ פּרוי. קענטיק פון אַ בעסערער היים. ערשט זיי גייען אַרויס, שמאי

מיטן עס־עס־מאַן, און ער דער עס־עס־מאַן גייט צו צו דער פרוי און טאַפּט איר די אויערן מיט די אויערינגלעך און פרעגט: „זענען דאָס בריליאַנטן?" האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אַ מענטש, וואָס שטעמפּלט די ביכלעך און נעמט אַזוי פיל געלט, זאָל טאַפּן אויערינגלעך? ס׳איז אַ שווינדל. ס׳איז אַן אַפּערע! די גאַנצע זאַך איז אַפּערירט! איך וועל שוין קיין שטעמפּל נישט האָבן. בין איך צוגעלאָפן צו שמאין אַ ווילדער: „שמאי, זאָלסט וויסן ס׳איז אַן אַפּערע! ער האָט איר געטאַפּט די אויערן. ווי קומט ער צו איר טאַפּן די אויערינגלעך און פרעגן צי דאָס זענען בריליאַנטן?! האָט אים שמאי באַלד איבערגע־געבן וואָס כ׳האָב געזאָגט. דער עס־עס־מאַן האָט אַ ווונק געטאָן צום אוקראַינער, וואָס האָט אים געפּילעוועט און מיך האָט ער צוגערופן: „קום אַהער, יודע!" ווי נאָר כ׳בין צוגעגאַנגען, האָט מיר דער אוקראַינער געגעבן אַ זעץ אין קאָפּ מיט דער קאָלבע פון ביקס. כ׳האָב שוין נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. כ׳האָב זיך קוים אויפגעהויבן און אַוועקגעשלעפּט זיך אַהיים. ערשט מ׳לאָזט מיך שוין נישט אַריין אין גאַס. די גאַס איז שוין אָפּגעשלאָסן. מ׳האָט שוין אַלעמען אַרויסגעפירט. בין איך צוגעלאָפן צו דער קופּע, ווו ס׳זענען נאָך געשטאַנען יידן. לאָזט מען מיך ווידער נישט צו. מ׳יאָגט מיך אַוועק: „נאַ־נאַ! היינט נישט. היינט איז שוין פול. 1575 און נישט מער. מאָרגן וועסטו קענען פאָרן".

ס׳האָט נישט געהאָלפן מיין שרייען, אַז מיין פרוי האָט מען גענומען. „ניין, ניין! ס׳קומט נישט אין באַטראַכט. דו בלייבסט". און — מ׳האָט זיי אַוועקגעשיקט.

כ׳בין געבליבן אָן אַ גראָשן. טאָמער האָב איך געהאַט אַ פּאָר פינפער־קערבלעך, זענען זיי געווען איינגענייט אין מיין טאָכטערס מאַרינאַרקע. כ׳האָב נישט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבן. האָב איך געטראַכט, אַז מאָרגן וועל איך זיך אַוועקזעצן אין דער גאַס, וואָס מ׳וועט נעמען און כ׳וועל אָניאָגן מיין פאַמיליע. אין דער פרי בין איך געלאָפן אין דער גמינע, ווו ס׳פלעגן אָנקומען בריוו פון די אַרויסגעשיקטע, זען צי ס׳זענען אָנגעקומען בריוו פון לעצטן טראַנס־

פאַרט. מיר האָבן דאָך נישט געוווּסט, אַז די בריוו זענען פאַלשע, אַז די דײַטשן צווינגען די ייִדן, איידער מ׳פאַרגאַזעוועט זיי, שרײַבן בריוו, אַז זיי פאָרן אין אַנדערע שטעטלעך אַרבעטן.

איך האָב געהאַט אַ ברודערן־זון, וואָס האָט געאַרבעט אין מיליטערישן שפּיטאָל. בין איך אַרויף צו אים. האָט ער מיר פאָרגעלייגט כ׳זאָל בלײַבן בײַ אים. „ניין, בערטשע, האָב איך אים געזאָגט. איך וועל דאָ נישט בלײַבן. אַז מ׳וועט קומען בײַנאַכט נעמען, וועל איך זיך צוכאַפּן און כ׳וועל זיי געפינען אין וועג״. בין איך געלאָפן אין אַ גאַס, ווו כ׳האָב געמיינט, אַז בײַנאַכט וועט מען פון דאָרט אַרויסטרײַבן די ייִדן, האָט מען גראָד פאַרנומען אַן אַנדער גאַס. בין איך געלאָפן צו אַ צווייטער גאַס, האָט מען גענומען פון אַ דריטער גאַס. אַ מעשה אָן אַן עק.

דער שנײַדער יצחקל האָט געהאַט אַ געוועלב אין טשעכעוו, ווײַל ער האָט געאַרבעט פאַר די פּאָליאַקן. איז ער געקומען צו מיר און געזאָגט: „שיע, פּאַוולאָווסקי האָט מיר באַפוילן איבערצוגעבן איך, אַז אויב איר ווילט גיין אין פאַבריק אַרבעטן אַלס אַ סטאָליער, וועט ער אײַך צוריקברענגען די פאַמיליע. ער האָט קראַפט. ער איז אַ גאַנצער מאַכער אין דער פאַבריק. (דאָס איז געווען אַ דײַטשע פאַבריק, וואָס האָט געמאַכט קעסטלעך פאַר פלעשער סאָדע און לימאָנאַדע, וואָס מ׳האָט געשיקט אויפן פראָנט). אויב איר וועט קומען אין פאַבריק אַרבעטן, וועט ער פועלן בײַם פאַרוואַלטער מ׳זאָל צוריקשיקן אײַער פאַמיליע״.

בין איך אַוועק צו מײַן שוועסטער אָן אַ גראַשן בײַ דער נשמה. זי האָט מיר געגעבן אַ טעלער זופּ. כ׳האָב איר דערציילט וועגן פּאַוולאָווסקין. האָט זי געזאָגט: „לויף! אפשר וועסטו זיי קענען ראַטעווען״.

האָב איך געבעטן אַ ייִדישן פּאָליציאַנט ער זאָל מיך דורכפירן די גאַסן, ווו ייִדן איז פאַרבאָטן געווען צו גיין, כדי צוצוקומען צו דער פאַבריק. האָט ער געזאָגט, אַז דאָס דאַרף קאָסטן טויזנט זלאָטעס. בין איך צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן. האָט ער געזאָגט אַכט הונדערט אַז אַ פּאָליציאַנט האָט געפירט, איז געווען כשר. אָבער גיין האָט מען

געמעגט נאָר אין מיטן גאַס, נישט מיטן טראָטואַר. איין באַקאַנטער פּאָליציאַנט האָט געפּאָדערט זעקס הונדערט זלאָטעס. האָב איך געזאָגט: „קום, כ'וועל דיר געבן". ווען כ'וואָלט אים געזאָגט, אַז כ'האָב קיין געלט נישט, וואָלט ער מיך נישט געפירט. הכלל, ער פירט מיך דורך די גאַסן פון שטאָט. ס'איז ווייט. מיר זענען געקומען אַהין, האָב איך אָנגעקלונגען אין טויער. איז צוגעקומען דער סטראָזש: „וואָס ווילסטו?" האָב איך געזאָגט: „קלינג אָן פּאַוולאָווסקין, און זאָג אים, אַז דער באַלעבאָס איז דאָ. דאָס איינע וואָרט זאָג אים". האָט ער אָנגעקלונגען, און פּאַוולאָווסקי איז צוגעקומען. (כ'האָב ביי מיין שוועסטער גענומען הונדערט זלאָטעס. מער האָב איך נישט געוואָלט נעמען. כ'האָב געוווסט, אַז מ'וועט זי אָוועקשיקן מיט אירע פינף קינדער) האָב איך דערלאַנגט דעם פּאָליציאַנט די הונדערט זלאָטעס און כ'האָב געזאָגט: „אַז מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, וועל איך דיר צוצאָלן פינף הונדערט זלאָטעס. היינט האָב איך נישט מער". האָט ער מיך גענומען ציִען אויף צוריק. האָט זיך פּאַוולאָווסקי אָפּגערופן: „האָסט קיין רעכט נישט! ער איז מיינער!" און ער האָט מיך אַ צי געטאָן אין דער פאַבריק אַריין.

[כ'וויל צוגעבן, אַז דער פּאָליציאַנט האָט מיך געפירט פון געטאָ פון דער קאָוואַלסקי גאַס. לעבן דער ברון איז געגאַנגען די אונטער־לאַזע. הינטער דער אונטערלאַזע איז געווען אַן אַלטער קלויסטער. וועגן דעם קלויסטער איז געווען אַ לעגענדע: אַמאָל, מיט צייטן צוריק, האָט מען געטראָגן אַ גרויסן לובלינער צדיק צום אַלטן הייליקן אָרט, ווו ס'זענען געלעגן סאַמע גאונים — דער „אייזערנער קאָפּ", „דער חוזה" און גאָר באַרימטע יידן. (אַמאָל פלעגט מען טראָגן דעם מת, און נישט פירן מיט פערד). אין מיטן טראָגן, האָבן די גלחים אָנגעהויבן צו קלינגען אין די גלאָקן. האָט זיך דער צדיק אויפגעזעצט און געזאָגט: „ווי באַלד איר פאַרשעמט מיך, זאָלט איר איינגעזונקען ווערן". און דער קלויסטער איז איינגעזונקען געוואָרן. ס'איז פון אים געוואָרן ווי אַ פּאַרטערהויז. דערנאָך איז ער באַזעצט געוואָרן דורך יידן. מיינס אַ חבר און זיין מוטער מיט די קינדער האָבן דאָרט געוווינט.

ס׳איז געווען דער סאַמע אָרעמסטער קוואַרטאַל אין לובלין. דאָס הויז האָט מען אין לובלין גערופן — „דער יידישער קלויסטער״.

אין 1918, ווען פוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, האָבן די גלחים געפונען אַ דאָקומענט, אַז דאָס הויז איז אַמאָל געווען אַ קלויסטער. האָבן זיי אַזוי לאַנג געאַרבעט אַרום דעם, ביז זיי האָבן אָפּגעקויפט די געביידע צוריק. זיי האָבן פון דאָרט אַרויסגעטריבן די יידן, זיי האָבן פאַרפלאַנצט אַ גרויסן גאָרטן, אַז ס׳איז געווען אַ נחת אדורכצוגיין, און זיי האָבן אָפּגעפרישט און באַנייט דעם קלויסטער.]

פּאַוולאָווסקי האָט מיך אַריינגעפירט אין דער אָפּטיילונג, ווו ס׳האָבן שוין געאַרבעט ניין און צוואַנציק יידן. קיין באַקאַנטן האָב איך צווישן זיי נישט געזען. כ׳האָב געהאַט צוגעגייט צום פּאַסיק פון די הויזן אַ שטיקל ברויט, וואָס כ׳האָב מיטגעבראַכט פון געטאָ. בין איך צוגעגאַנגען צו די יידן און געזאָגט: „יידן, איר זאָלט וויסן, אַז כ׳האָב מיטגעבראַכט אַ פּיצל ברויט פון געטאָ. כ׳האָב שוין נישט געגעסן אַ פּאָר טעג. כ׳בעט אייך, זאָל מיר נישט פעלן דאָס שטיקל ברויט. טשעפּעט מיך נישט״.

דערוויילע האָט מיך דערזען מאָטל שטופּעק, אַ טשעכעווער ייד. „שיע, דו ביסט דאָ? זאָרג זיך נישט. אַז איך בין דאָ, וועסטו זיין אַ סטאָליער״. מאָטל איז געווען אַ גוטער סטאָליער.

דער מייסטער איז צו מיר צוגעקומען און אָנגעהויבן טאַפּן מיינע הענט. „ביסט אַ סטאָליער?״ זאָג איך: „יאָ״. מאָטל איז געגאַנגען לעבן מיר. ביינאַכט, כ׳טו אַ קוק — מיין שטיקל ברויט איז נישטאָ. מ׳האָט צוגעגנבעט. דאָרט איז געווען אַ יונגער־יאַט — שערמאַן. האָט מאָטל געזאָגט: „דאָס איז אוודאי זיין אַרבעט. קיין אַנדערער האָט דאָס נישט צוגעגנבעט״. בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט: „כ׳קום פון געטאָ, שערמאַן, גיב מיר אָפּ דאָס ברויט. כ׳בין אויסגעמאָרדעוועט. כ׳האָב נישט קיין גראָשן, און דו האָסט מיר צוגענומען דאָס לעצטע פּיצל ברויט״. זאָגט ער: „כ׳האָב נישט גענומען״. כ׳האָב זיך געשעמט אַריינצוגיין צו פּאַוולאָווסקין. ס׳איז גאָר קיין פראַגע נישט געווען.

אין געטאָ פלעג איך עסן אַ טעלער זופּ ביי מיין שוועסטער. געדרייכערט אַ פּאָר סיגאַרעטן אַ טאָג, צו פאַרטרייבן דעם הונגער.

די ערשטע נאַכט בין איך געשלאָפן אין שטאַל, ווו מ׳האָט געטריקנט דאָס האָלץ, וואָס מ׳האָט געברענגט פון וואַלד. ס׳איז געווען אַ נחת צו שלאָפן. פון דער צווייטער זייט איז געווען ביטער: די מייז האָבן זיך צעקאַכט, הפקר.

מ׳זאָגט: „נויט ברעכט אייזן״. האָב איך אין דער פרי געפרעגט פּאַוולאָווסקין, צי מען קריגט דאָ נישט קיין עסן. ווייזט זיך אַרויס, אַז אין פאַבריק קריגט מען, וואָס די פּאָליאַקן לאָזן איבער. בייטאָג — די זופּ, וואָס איז איבערגעבליבן און אַ שטיקל ברויט, וואָס די פּוילישע אַרבעטער האָבן נישט געקאָנט אויפעסן. קיין אַנדערן עסן האָבן מיר נישט געקריגן.

אַ געוויסן טאָג האָב איך געהערט, אַז ס׳קומט אַ קאָלאָניע־פירער. ווער איז דער קאָלאָניע־פירער? ארנבראָט, יאַנקל שמאַטניקס זון. כ׳טו אַ קוק אין דרויסן, זע איך, ווי מ׳נעמט אים אַריין (מיט זיין פרוי) און מ׳גיט אים אָפּ אַ צימער אויבן, אַ שיין צימער. זיין קינד האָט ער איבערגעלאָזטביים טאַטן, ווייל יאַנקל שמאַטניק האָט געהאַט אַ גוט ביכל. האָט ער זיין איינציק קינד, ביי אַן איבערזידלונג, איבער־געלאָזט ביים טאַטן, כדי עס זאָל זיין באַוואָרנט. דערווייל איז געווען אַן אויסזידלונג און מ׳האָט אַרויסגעשיקט זיין טאַטן מיטן ביכל, מיטן קינד. אין דער פרי איז אָנגעקומען די גוטע בשורה. אַ געוויין, אַ געשריי. איז זייער שיינער צימער פול געווען מיט צער און צאַרן. אַרנבראָט איז געווען דער אָנפירער פון אונדזער גרופּע.

דער דירעקטאָר פון פאַבריק פלומען, האָט געפּועלט ביי די עס־עס, מ׳זאָל אונדז אַלע אין דער פרי פירן צום פּלאַץ, ליפּאָווע 7, אַרבעטן און צוריקברענגען אין פאַבריק אַריין שלאָפן. אויף ליפּאָווע 7 איז געווען אַ לאַגער פון אַלע קריגסגעפאַנגענע פון דער פּוילישער אַרמיי. סאַמע יידן. פאַר מיין צייט זענען דאָרט געווען 7,000 יידישע געפאַנגענע. דער עלטסטער איז געווען פישער (איצט וווינט ער מיט זיין פרוי צעסיא אין תל־אביב). די געפאַנגענע האָבן פאַרהאַסט די

לובלינער יידן, ערגער ווי גוים. ווען אין לובלין איז נאָך געווען די יידישע געמיינדע, ווען די געטאָ איז נאָך געווען, האָבן די דייטשן געבראַכט פון דייטשלאַנד קיין לובלין 800 געפאַנגענע, אַריבערצופירן זיי אויף יענער זייט בוג צו די רוסן. די געפאַנגענע פון דער זייט בוג, וואָס איז געבליבן ביי די דייטשן, האָט מען באַפרייט. פון לובלין צום בוג איז געווען זעכציק קילאָמעטער. זענען די דייטשן געקומען צו דער יידישער געמיינדע און געזאָגט: „קויפט אויס די 800 געפאַנגענע". מיטן פרייז איז מען דורכגעקומען. אָבער די געמיינדע האָט נישט געהאַט קיין געלט, האָט מען געדאַרפט אַרויפלייגן אַ באַשטייערונג אויף די שטאָטישע איינוווינער. האָבן די פירער פון געמיינדע געזאָגט: „מיר וועלן צונויפנעמען דאָס געלט און באַצאָלן". דאָס האָט גענומען אַ ביסל צייט. דערנאָך האָבן די דייטשן געפאָדערט, אַז דער אָפּצאָל זאָל זיין אין גאָלד. דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט אַלע אַכט הונדערט יידישע געפאַנגענע אויסגעשאָסן.

די 7,000 געפאַנגענע זענען געווען די אַרבעטער פון דער סאַני־טאַרער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסרייניקן די הייזער פון די אַרויסגעשיקטע יידן. זיי זענען אַריינגעגאַנגען אין אַ גאַס, וואָס מ׳האָט אַרויסגעשיקט אירע איינוווינער, און האָבן דאָרט אויסגערייניקט די הייזער. דערביי האָבן זיי געהאַקט די ווענט. אויפגעריסן פּאָדלאָגעס. זיי האָבן געוווּסט, ווו יידן האָבן געקאָנט באַהאַלטן זייער ביסל גוטס. מיליאָנען האָבן די געפאַנגענע אַרומגעטראָגן. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן קייזערלעך. אַריינגייך אויף דער ליפּאָווע איז געווען ווי אַריינגיין אין אַן אַנדער וועלט. ס׳זענען דאָרט אויך געווען באַראַקן, ווו אַ געפאַנגענער האָט געפונען אַ פושקעלע און ער האָט אין דעם זיך עפּעס געקאַכט, און ס׳זענען געווען באַראַקן, ווו מ׳האָט געקריגן שינקע, לעקעך, האָניקלעקעך, די בעסטע וווּרשט, בראָנפן, ביר, פּאָמעראַנצן. אַלץ אין דער וועלט האָב איך געטראָפן אין די בופעטן און אין די געוועלבלעך. דער אָרעמער געפאַנגענער האָט געקליבן פון מיסט אַ ביינדעלע, עפּעס וואָס מ׳קען נאָר אין מויל אַריינלייגן. דער רייכער האָט געפרעסן און געטרונקען מער ווי די פּאָליאַקן אין דרויסן.

אַז מיר איז אויסגעקומען דאָרט איבערצוּנעכטיקן, האָבן מיר די וואַנצן אויפגעגעסן די אויגן. כ׳פלעג זיי אַראָפּנעמען פון די אויגן קופּעסוּויִז. אין דער פרי האָב איך גערעכנט גאָט, וואָס די עס־עס איז געקומען און גערופן צו דער אַרבעט.

אין דער צייט איז געקומען איינער פון געטאָ און האָט מיר געזאָגט: „זאָלסט וויסן, אַז דיין שוועסטער צירל האָט מען אַוועק־געשיקט. זי האָט איבערגעלאָזט צוויי זעק ירושה. כ׳האָב זיי דיר געבראַכט״.

די פּאָליאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן די יידן און געזוכט עפּעס צו קויפן. וויפל זיי האָבן געגעבן, האָט מען גענומען. האָב איך אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן זאַכן פון זאַק און כ׳האָב פאַרקויפט די פּאָליאַקן. האָב איך שוין געהאַט צו עסן, כ׳האָב געהאַט אַ פּאָר גראָשן, און כ׳האָב שוין נישט געקוקט אויפן עסן פון דער פאַבריק.

דערנאָך האָב איך געקריגן אַ פולן זאַק ירושה פון מיין צווייטער שוועסטער, וואָס איז געבליבן מיט זעקס קינדער נאָך דעם, ווי מ׳האָט אויפגעהאָנגען איר זעכצן־יאָריקן זון. איין נאַכט בין איך געגאַנגען אויף ליפּאָווע, און איין נאַכט האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן. כ׳האָב נישט געהאַט קיין כוח צו גיין. כ׳בין געשלאָפן אין שטאַל, ווייל כ׳האָב געהאַט פּראָטעקציע ביי פּאַוולאָווסקין.

אַ געוויסן טאָג האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו גיין און נעמען „יאָטן״ — („יודע״). ווו נעמט מען די יאָטן? אין מיידאַנעק־טאַטאַרסקי. אין קליין־מיידאַנעק גיט מען די יאָטן אויף דער קענקאַרטע. ווער ס׳האָט געקריגן אַ יאָט, איז שוין געווען פאַרזיכערט. ער וועט שוין בלייבן. אָהאָ! אַ יאָט איז געווען אַזוי ווי היינט אַ וויזע צו... צו דער לבנה! אַ יאָט!! וועל איך דאָך שוין לעבן!

איין מאָל קומט צו צו מיר פּאַוולאָווסקי און זאָגט: „כ׳האָב געהערט אַ וואָרט, און דו מוזט זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון וואָס צו טאָן. כ׳האָב געהערט, די פּאָליאַקן שמועסן, אַז דו ביסט געווען אַ קאָמיסאַר אין רוסלאַנד. אַ ליאַדע טאָג וועט מען אַריינקומען און מ׳וועט דיך שיסן. וואָס דו האָלסט ביים טאָן — טו. איך ווייס פון דעם נישט.

כ׳האָב דיר געזאָגט, ווייל דו ביסט ביי מיר ווי אַ ברודער". „וואָס זשע זאָל איך טאָן?" זאָגט ער: „כ׳ווייס נישט. גיין קענסטו נישט אין ערגעץ. די דעפּאָרטאַציע גייט אָן".

דערווייל איז מען שוין איבערגעגאַנגען קיין מיידאַנעק־טאַטאַר־סקי, דאָס הייסט, אַז די אַלטע געטאָ איז שוין ליקווידירט. ווען כ׳האָב באַקומען דעם יאָט, האָב איך געהערט זאָגן, אַז אין געטאָ זיינען פאַרבליבן 8,000 יידן פון די געוועזענע 50,000. 42,000 זענען שוין דעפּאָרטירט געוואָרן. ווען מ׳האָט אַריינגעבראַכט די 8,000 יידן אין מיידאַנעק־טאַטאַרסקי, האָט יעדערער מיטגעברענגט זיין אייגענעם פּעקל און די פּעקלעך פון דער ירושה פון די אַרויסגעשיקטע. אַלע פּעקלעך האָט מען אָנגעלייגט אין מיטן הויף. דער הויף איז געווען אַ קליינער. איז ד״ר אַלטער צוגעגאַנגען צום אָבערשטורמפירער ד״ר שטורם און געפרעגט: „הער אָבערשטורמפירער, ווו איז דאָ פּלאַץ פאַר 8,000 מאַן?" האָט ער אים געענטפערט: „וועסט שוין האָבן פּלאַץ". דער אָבערשטורמפירער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מ׳זאָל פאַרברענען די פּעקלעך, וואָס מ׳האָט מיטגעברענגט. האָט מען געברענט טאָג און נאַכט די זאַכן, וואָס מ׳האָט געברענגט פון דער אַלטער געטאָ. צו מאָרגנס האָט מען גענומען 4,000 יידן און מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט קיין מיידאַנעק, און פון מיידאַנעק אין קרעמפּיצער וואַלד אַריין. דאָרט האָט מען אויסגעשטעלט אוקראַינער, ליטווינער און עסטאָניער מיט מאַשין־געווער און מ׳האָט די יידן אויסגעשאָסן. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוווינט דערביי, האָבן שפּע־טער דערציילט, ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען. נאָכן אויסשיסן די 4,000 יידן, האָט דער אָבערשטורמפירער געזאָגט צו ד״ר אַלטער: „האָסט שוין פּלאַץ".

פּלאַץ איז אָבער געווען פאַר 800, פאַר 1,000 יידן. האָט דער אָבערשטורמפירער געגעבן אַ באַפעל, מ׳זאָל גיין אין אַלטן געטאָ און מ׳זאָל דאָרט רייסן פּאָדלאָגעס, אַרויסנעמען פענצטער און טירן, און דער, וואָס האָט נישט קיין פּלאַץ, זאָל זיך פון דעם אויסבויען אַ הייזקע. „דאָ וועט מען שוין בלייבן". דאָס וועט הייסן — „דער

נײַנטער אַרבעטס־לאַגער״. דער וואָס האָט אַ „יאָט״, וועט שוין פֿון מײַדאַנעק־טאַטאַרסקי נישט אַוועקגיין. „הימלער איז דאָ געווען און האָט אַלץ באַשטעטיקט״.

איך האָב גוט געדענקט, וואָס פּאַוולאָווסקי האָט מיר אָנגעזאָגט, און כ׳האָב מורא געהאַט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען מיך דערשיסן. אַזוי ווי כ׳בין געשטאַנען בײַ דער גרויסער זעגמאַשין, האָב איך געגעבן אַ שטעל אונטער אַ פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט, און ס׳האָט מיר געגעבן אַ כאַפּ אַראָפּ דעם שפּיץ פֿינגער מיטן נאָגל. בין איך אַ פֿאַל געטאָן אויף דר׳ערד און געמאַכט אַ גוואַלד. איז געקומען צו לויפֿן דער קאָלאָניע־פֿירער אַרנבראָט: „וואָס איז געשען?״ זאָג איך: „די מאַשין האָט מיר אָפּגעשניטן אַ שטיקל פֿינגער״. מ׳האָט מיר דעם פֿינגער פֿאַרבאַנדאַזשירט. קיין קראַנקן־קאַסע איז נישט געווען, נאָר אין מײַדאַנעק־טאַטאַרסקי איז געווען אַ קליין שפּיטאָלעכל. פּאַוולאָווסקי איז אַרויסגעקומען. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מײַנס אַ שפּיצל. האָט ער געזאָגט: „פֿירט אים אָפּ אין שפּיטאָל״. האָט מען מיך אָפּגעפֿירט. אין מײַדאַנעק־טאַטאַרסקי האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע מעשה — געלט. מ׳דאַרף באַצאָלן. און איך האָב דאָך נישט געהאַט קיין גראָשן בײַ דער נשמה.

דער אַדוואָקאַט יוזשעק ראָטרוביק מיט גראָבן בויך איז געווען דירעקטאָר פֿון דעם שפּיטאָל. האָב איך צו אים געזאָגט: „יוזשעק, דערקענסט מיך?״ זאָגט ער: „שיע? דו ביסט עס?״ „יאָ. כ׳האָב געאַרבעט אין פֿאַבריק בײַ פּלומינען, האָט מיר אָפּגעשניטן אַ שטיקל פֿינגער״. האָט ער מיך אַרײַנגענומען אין שפּיטאָל. און פּאַוולאָווסקיס רייד גייען מיר פֿון קאָפּ נישט אַרויס: „מער זאָלסטו אַהער נישט קומען. מער טאָרסטו זיך נישט באַווײַזן. בלײַב אין מײַדאַנעק־טאַטאַרסקי״. כ׳האָב אויסגעהײלט דעם פֿינגער און כ׳בין אַרומגעגאַנגען אין מײַדאַנעק־טאַטאַרסקי.

דעמאָלסט האָט דאָבזשינסקי אָרגאַניזירט אַ קיך. אַ מיטאָג האָט געקאָסט צוויי מיט אַ האַלבע זלאָטע. ס׳איז געווען אַ גאַנץ גוטער מיטאָג. כ׳האָב זיך געשאַפֿן דאָס געלט און כ׳האָב דאָרט געגעסן.

מיין שוואָגער, מיין געוועזענער פרויס ברודער, יחיאל, האָט געאַרבעט אויף דער אָסט־באַן. זיין מייסטער איז געווען נאָטע מיטלמאַן. דער נאָטע מיטלמאַן איז געווען פאַר דער קריג אַ גוטער סטאָליער. האָט מען אים געגעבן מאַטעריאַל אויסצובויען אין מיידאַנעק־טאַטאַרסקי אַ באַראַק פאַר זיך און פאַר זיינע אַרבעטער. דאָס מאַטעריאַל האָט אים געגעבן די אָסט־באַן, ווייל די באַן האָט נישט געטאָרט אויפ־הערן אַרבעטן. יחיאל האָט מיר געזאָגט: „אויב דו האָסט נישט וווּ צו שלאָפן, שלאָף ביי מיר". ער איז געווען נאָטע מיטלמאַנס רעכטע האַנט. בין איך געווען ביי יחיאלן.

דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען צו פישל ערליכן. ער האָט געהאַט פּראָטעקציע ביי קרימינען, ביים דייטש, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן ביי די אַלטע שמאַטעס. דער קרעמין, אַן עס־עס־מאַן, האָט געזאָגט דער עס־עס, אַז ער וויל אויסבויען אַ באַראַק פאַר זיינע יידן, וואָס זענען געפאָרן איבער די דערפער מיט פערד און וועגעלעך, און האָבן געבראַנגט פון דאָרט שמאַטעס, אייזן, פלעשער. האָט מען געקויפט מאַטעריאַל און מ'האָט אָנגעהויבן בויען דעם באַראַק. פישל ערליך האָט אויסגעפועלט ביי קרעמינען, אַז איך זאָל זיין דער נאַכטסטראַזש, וואָס וועט פילעווען דאָס בוי־מאַטעריאַל. דערווייל וועט מען מיר נישט צאָלן, נאָר אַז מ'וועט אויסבויען דעם באַראַק, וועל איך קריגן אַ שיין פון אַ שמאַטניק. בין איך געלעגן גאַנצע נעכט און געפילעוועט ס'מאַטעריאַל.

פון וואַנען זשע האָב איך געלעבט? יידן האָבן ביינאַכט, דורך די דראָטן, אַריינגעשמוגלט אויבס, פלייש און אַנדער עסנוואַרג. האָב איך עס איבערגעכאַפּט און אַריינגענומען צו זיך. כ'האָב פאַרדינט אַ פּאָר גראָשן און געהאַט צו עסן. איין מאָל, ליגנדיק אַזוי אין גע־האַקטע צרות, הער איך, ס'גייט אַרום די יידישע פּאָליציי. די יידישע פּאָליציי איז זיכער געווען, אַז זיי וועלן בלייבן לעבן. איז צוגעקומען צו מיר יאַנקל האַנדלסמאַן. האָט ער מיך נישט געוועקט מיט דער האַנט, נאָר מיטן פוס: „נו, שיעלע, דו מיינסט, ס'איז נאָך פאַר דער מלחמה? דו וועסט שוין נישט לאַכן, ווי דו האָסט געלאַכט פאַר

דער מלחמה. דאָ שלאָפּסטו אויף דר'ערד". כ'האָב אים אָנגעקוקט און כ'האָב זיך פאַרשעמט. איין מאָל האָב איך ביי איינעם געהאַקט פלייש (כ'האָב דערפאַר געקריגן אַ שטיקל פלייש). איז אַריינגעקומען דעם האַנדלסמאַנס פרוי און האָט געזאָגט: „דו ווייסט, שיעלע, כ'בין יאַנקל האַנדלסמאַנס ווייב. וועסטו מיר געבן אַ שטיקל פלייש אָן ביינער. וועסט מיך נישט אָפּנאַרן?" האָב איך געזאָגט: „אָפּנאַרן? פאַרוואָס זאָל איך דיך אָפּנאַרן?" און כ'האָב כלומרשט געלאַכט דערביי. כ'האָב דאָך מורא געהאַט פאַר דער פּאָליציי. אַזוי בין איך געווען סטראָזש, ביז מ'האָט אויפגעשטעלט די באַראַקן פאַר די יידן — אַלע שמאָט־ניקעס פון פאַר דער מלחמה — וואָס האָבן געאַרבעט ביי קרעמינען. און איך בין געוואָרן מיט מזל אַ שמאָטניק.

ווו נעמט מען געלט אויף אַ פערד? ווו נעמט מען געלט אויף אַ וואָגן? בין איך צוגעגאַנגען צו יאַנקל דאָקטער. יאַנקל דאָקטער און משה שיליץ זענען געווען צוויי אונטערוועלט־מענטשן, פון שמאַי גרייערס חברה. „וואָס ווילסטו?" זאָג איך: „יאַנקל, אַזוי ווי כ'האָב אַ דאָקומענט פון אַ שמאָטניק, און משה שיליץ האָט אַ וואָגן, וועל איך קויפן אַ פערד און מיר וועלן אַלע דריי זיין שותפים. מיר וועלן אַרויספאָרן אין די דערפער. מיר וועלן פירן אַהין אַ ביסל אָנטועכץ צום פאַרקויפן, און צוריק וועלן מיר אַריינשמוגלען אַ ביסל מעל, אַ ביסל קאַשע און אַנדערע פּראָדוקטן". זאָגט ער: „גוט".

ווו נעמט מען אָבער געלט אויף אַ פערד? איז געווען איינער אַ משה (זיין פאַמיליע האָב איך פאַרגעסן). פאַר דער קריג האָט ער געהאַלטן די סאָליאַרניע פון שעכטהויז. יעדן יאָר האָט ער געדאַרפט ברענגען אַ צושטימונג פון יידישן צעך, אַז ער האָט נישט קעגן דעם, אַז דער משה זאָל נעמען די סאָליאַרניע אויף נאָך אַ יאָר. איך בין דאָך געווען פרעזעס פון צעך, האָב איך אים געגעבן די חתימה. דער קריסט, וואָס האָט געאַרבעט ביי משהן, איז ביים דייטש געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער, האָט משה געאַרבעט ביי אים. משה איז דאָרט געווען מיט זיין ווייב, מיט די קינדער און מיטן שייגעץ.

זאָג איך: „משה, כ'וויל זאָלסט מיר לייען געלט אויף אַ פערד.

אַזוי ווי כ׳בין געוואָרן אַ שמאַטניק, מאַך איך שותפות מיט שיליצן. ער האָט אַ וואָגן. כ׳דאַרף אָבער האָבן אַ פערד, וויל איך, דו זאָלסט מיר לייען געלט״. זאָגט ער: „כ׳וועל דיר לייען. אַז מיר׳ן לעבן, וועסטו מיר אָפּגעבן״.

הכלל, כ׳האָב געקריגן געלט און כ׳האָב געקויפט אַ פערד. כ׳האָב אויך געקריגן אַ דערלויבעניש, אַ שיין, אַז כ׳מעג אַרויסגיין פון לאַגער בייטאָג און בייניאַכט. אַזוי ווי מיר האָבן געטראָגן מגן־דודס (אין לובלין האָט מען נישט געטראָגן קיין געלע לאַטעס), האָב איך גע־נומען אַ רעגנמאַנטל אויף דער האַנט און מ׳האָט נישט אָנגעזען, וואָס איך טראָג. מיר האָבן אַוועקגעפירט אין דאָרף איבערצוגן פון בעט־געוואַנד, בגדים און אָנטועכץ פון די דערהרגעטע יידן, און מיר האָבן דאָס פאַרקויפט. אין וואָגן האָב איך געמאַכט אַ טאָפּעלע דנאָ, און כ׳האָב אַריינגעלייגט דאָרט אַ האַלב זעקל מעל און צוקער. דערנאָך בין איך צוגעפאָרן צו די קוזשניעס און כ׳האָב אָנגעלייגט פון אויבן אייזן. כ׳האָב צונויפגעקליבן צעבראָכענע פלעשער אין די גאַסן. שמאַטעס האָב איך אין דאָרף נישט געקריגן. בין איך ביינאַכט צוגעגאַנגען צום מאַגאַזין, ווו קרעמין האָט געהאַלטן די פעק שמאַטעס, וואָס זענען געבליבן פון די אַרויסגעשיקטע יידן. די פעק פלעגט ער אָפּשיקן קיין דייטשלאַנד. יעדער פּאַק איז געווען אַרומגעדרייט מיט דראָט. איך האָב געגנבעט אַ פּאַק און געבראַכט צו זיך אַהיים. פון איין פּאַק האָב איך געמאַכט צוויי. די שמאַטעס האָב איך געלאָזט אָנציִען מיט וואַסער, כדי ס׳זאָל האָבן מער וואָג. ווייל כ׳האָב געדאַרפט צושטעלן אַלץ מיט אַ גאַרמע. כך וכך קילאָ אייזן, כך וכך קילאָ שמאַטעס און כך וכך פלעשער אַ חודש. פלעשער פלעג איך קויפן אין די רעסטאָראַנען. ווייל טאָמער פיל איך נישט אויס די גאַרמע, נעמט מען ביי מיר צו דעם שיין, און כ׳בלייב אויפן וואַסער.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אַ גאַנצן זומער 1942 ביז די יום־טובים. יום־טובים־צייט בין איך געווען אין דאָרף יאַסטקאָוו. מיר האָבן דאָרט געדאַווענט מיט אַ מנין. שמחת־תורה איז געקומען דער וווּיט פון יאַסטקאָוו און האָט געזאָגט: „איר מוזט זיך פאַרפּאַקן און פאָרן קיין

בעלזשעץ". דערביי האָט מען אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציע אויף די ייִדן. דאָס געלט איז געגאַנגען אויף דינגען פויערים מיט פערד און וועגן אַריבערצופירן די ייִדן קיין בעלזשעץ. בין איך אָנגעקומען אויף אָן אָרט און כ'האָב געזען, ווי אַ ייִד פון יודנראַט האָט אַרויסגענומען ביי אַ ייִדן צוויי קישנס פאַר קאָנטריבוציע. האָב איך זיך אָפּגערופן: „בערל, וואָס טוסטו?" זאָגט ער: „כ'מוז אָפּגעבן קאָנטריבוציע. ווילסט מ'זאָל מיך שיסן?". האָב איך געפרעגט דעם ייִד (זיין צו־נעמעניש איז געווען: דוד מישטיינס געזאָגט): „דוד, פאַרוואָס לאָזסטו זיך צונעמען די קישנס? נאַ, כ'וועל דיר לייען אַ פּאָר זלאָטעס און גיב אים וויפל דו קאָנסט, און לאָז אים נישט אַרויסנעמען ס'לעצטע קישן! אויף וואָס וועסטו שלאָפן?" זאָגט ער: „זאָל ער נעמען, זאָל ער נישט נעמען. איך וועל אים גאָרנישט געבן. אַז בעריש קאָן צו מיר אַריינקומען און צונעמען ס'לעצטע קישן, זאָל ער נעמען!". כ'האָב זיך מער נישט געוואָלט אַריינמישן. בעריש האָט צוגענומען די קישנס און ער האָט זיי פאַרקויפט. ער האָט דאָך געמוזט צושטעלן קאָנטריבוציע.

דאָס איז געווען שמחת־תורה. פון יאָסטקאָוו ביז בעלזשעץ איז געווען אַ פופצן קילאָמעטער. ס'איז געווען רעגנדיק, כ'בין אָנגעקומען מיט מיין פערד און כ'האָב געזען: די ייִדן שטייען שוין מיט די פעקלעך אויפצולאַדעווען. אַרעלע שלום נעשעס, וואָס וווינט הייַנט אין חיפה, האָט געהאַט דעמלסט אַ ווייב מיט צוויי קינדער, און זיין ווייבס טאַטע־מאַמע זענען נאָך געווען אין דאָרף. זאָג איך צו אַרעלען: „וואָס וועסטו טאָן?" זאָגט ער: „איך גיי נישט". „און דאָס ווייב מיט די קינדער?" זאָגט ער: „לאָז מיך צו רו". ער האָט אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און איז אַוועק. זיין ווייב מיט די קינדער, און איר טאַטע־מאַמע האָט מען אויפגעזעצט און אַוועקגעפירט. אין יאָסטקאָ־ווער גמינע האָבן נאָך געלעבט ייִדן אין די דערפער, צוויי ייִדן, דריי ייִדן, פיר ייִדן אין אַ דאָרף. אַז כ'האָב דערזען דעם גרויסן בראָך, דעם חורבן, האָב איך געזאָגט צו משה שיליצן: „לאָמיר צוריקפאָרן קיין מיידאַנעק, מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טאָן. מ'וועט אונדז אַוועק־

שיקן מיט די שיינען. אַז די שחיטה גייט, שעכט מען, ווער ס׳קומט אונטער. האָרך מיך. לאָמיר צופאָרן צו די קוזשניעס, מיר׳ן קויפן אַ ביסל אייזן און צוריקפאָרן". מיר האָבן אַזוי געטאָן און ביינאַכט זענען מיר אַריינגעפאָרן אין מיידאַן־טאַטאַרסקי. צו מאָרגנס האָט מען געהערט, אַז די יאַסטקאָווער גמינע איז שוין יודנריין. נאָר אין איין פּלאַץ זענען געבליבן יידן: ס׳איז דאָרט געווען אַ גוט מיט דריי פּאָלוואַרקן. דער אייגנטימער האָט געהייסן בוטען, אַן עס־עס־מאַן. האָט ער זיך אויסגעסטאַרעט, מ׳זאָל אים איבערלאָזן יידן אין זיין גוט. אין פּלאַץ האָט מען געעפנט אַ שולע פאַר אינוואַלידן פון פראָנט און מ׳האָט זיי געלערנט, ווי אַזוי צו פירן די גיטער, ווי אַזוי צו באַלעבאַטעווען אין די הייפן, וואָס מ׳וועט צונעמען ביי די פּאָליאַקן. פּראָפעסאָרן האָבן געלערנט די אינוואַלידן. האָט מען באַדאַרפט האָבן מיידלעך צום קאָכן, צו וואַשן וועש, און יידן בעלי־מלאכות, וואָס זאָלן אויפשטעלן באַראַקן. אין קוזשניע האָט מען געדאַרפט יידן. זענען דאָרט געווען אַרום הונדערט פופציק יידן, מענער און פרויען און יונגע מיידלעך. דער אייגנטימער האָט געפועלט ביי גלעגבאָטשיקן, ער זאָל אים דערלויבן צו האַלטן די יידן אַ שטיקל צייט. ער האָט געהאַט סאַזשלקעס מיט קאַרפּן. האָט ער געזאָגט גלעגבאָטשיקן, אַז ער וויל טיפער מאַכן די סאַשזלקעס, כדי צו קענען אַריינלאָזן אין זיי מער קאַרפּן. דאָס איז גוט צו מאַכן ווינטער, ווען מ׳לאָזט אַרויס דאָס וואַסער. אויף דעם סמך האָט מען איבערגעלאָזט די יידן. זענען ווינטער געשטאַנען, ביז די קני אין וואַסער, יידן מיט מיידלעך און מ׳האָט געגראָבן. דער דייטש האָט צוגעפירט אַ קליינבאַן און מ׳האָט אַרויסגעפירט די בלאָטע און טיפער געמאַכט די סאַזשלקעס.

איין מאָל, ווען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פאַרנאַכט אין דרויסן, האָב איך באַמערקט, ווי דער זשאַנדאַר, די „שטינקבאָמבע" מיטן הונט, שמייכלט עפּעס אונטער. האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז היינט ביינאַכט וועט ביי אונדז אין מיידאַן־טאַטאַרסקי זיין „פריילעך", מ׳וועט שוין מאַכן אַ שחיטה. האָב איך זיך אויפגעהויבן (כ׳האָב דאָך געהאַט אַ נאַכטשיין) און בין אַרויסגעגאַנגען פון לאַגער. כ׳בין צו־

געקומען צו אַ נאָענטן שכן און כ׳האָב מיך געלייגט אין סטאָדאָלע שלאָפן. אין דער פרי האָבן די פּאָליאַקן דערציילט, אַז די נאַכט האָט מען אַרויסגעפירט יידן. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט קיין פּיאַסק.

אַזוי האָב איך געטאָן יעדן פאַרנאַכט. מיידאַנעק־טאַטאַרסקי איז געווען אַרומגעצאַמט מיט דראָט. דאָרט איז געווען דער זשאַנדאַר, די שטינקבאָמבע, די יידישע פּאָליצײ און אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די דראָטן. אין אַ געוויסער נאַכט בין איך אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן צוליב מיינע באַדערפענישן, און כ׳האָב פאַרגעסן אָנצוטאָן דעם מגן־דוד, און דער זשאַנדאַר האָט מיך געפּאַקט. „ווּ האָסטו די יודנשאַנדע?״ אוי, אַ בראָך! וואָס טוט מען? ביי אונדז איז געווען דער מאַכער שטרוק, אַ שניידער, וואָס האָט געהאַט פּראָטעקציע ביים זשאַנדאַר. האָב איך אָנגעזאָגט, מ׳זאָל אים רופן. דערווײַלע האָט מיך דער זשאַנדאַר גענומען צו זיך. שטרוק איז באַלד געקומען און כ׳האָב אים געזאָגט, אַז כ׳בין צוגעגאַנגען צו אַ בוים, ווייל כ׳האָב עפּעס געמוזט טאָן, און כ׳האָב פאַרגעסן אָנצוטאָן דעם מגן־דוד. ביינאַכט, אין דער פינצטער. הכלל, דער זשאַנדאַר האָט מיך אָנגעשלאָגן און קוים מיט צרות בין איך אַרויס פון זיינע הענט. „היט דיך — האָט ער מיר אָנגעזאָגט — זאָלסט נישט אַרויס אָן דער יודנשאַנדע!״

אַז הימלער איז אַריינגעקומען אין מיידאַן־טאַטאַרסקי, האָט מען שוין געוווּסט, אַז דער בראָך איז גרויס. שטורם איז אַרומגעלאָפן אין לעדערנע הענטשקעס מיט אַ שטעקן אין האַנט. אַז ער איז צוגעקומען צו אַ יידישער הייזקע און ער האָט נישט געטראָפן קיין בלומען ביים פענצטער, האָט ער באַפוילן דעם יידן זיך איינצובויגן, און ער האָט אים אַריינגעהאַקט פינף און צוואַנציק שטעקנס אין הינטן אַריין. די הויזן האָבן געפּלאַצט, די הויט האָט געפּלאַצט און די יאָרן האָבן געפּלאַצט.

די הייזקעס, וואָס שטורם האָט געהייסן אויפשטעלן, זענען געווען אַן אייגנטום פון די איינוווינער. ווינטער האָט מען זיי באַהייצט מיט זעגעכץ. אין מיידאַן־טאַטאַרסקי איז געווען אַ פרוי, גאָלדע מאָליעס.

פאַר דער מלחמה איז זי געווען אַ גאַסנפרוי. שמאי גרייער, דער הויפּט מסור פון לובלינער אומגליק, איז געווען אַ פריזירער. אין פּוילן איז געווען אַ געזעץ, אַז מ׳טאָר נישט עקספּלואַטירן קיין פרויען צו פּראָסטיטוציע. אַז מ׳האָט געכאַפּט אַן אַלפאַנס, האָט ער געקריגן פיר יאָר תפיסה. שמאי האָט געלעבט גוט מיט גאָלדען. זי איז געווען שיין ווי די וועלט. איין מאָל איז זי אייפערזיכטיק געוואָרן און זי האָט אים געמסרט אין פּאָליציי, אַז ער איז איר אַלפאַנס. האָט ער געקריגן פיר יאָר. ווען די דייטשן זענען אַריין, האָבן די פּאָליאַקן געעפנט דעם קרימינאַל און אַרויסגעלאָזט אַלע אַרעסטאַנטן. שפּעטער האָט מען צוריק גענומען די אַלע, וואָס מ׳האָט געוווּסט, אַז זיי זענען נישט אָפּגעזעסן דעם טערמין פון זייער אורטייל. די קאָמוניסטן זענען באַלד אַנטלאָפן אויף יענער זייט בוג צו די רוסן. די אַנדערע אַרעסטאַנטן האָט מען ווידער אַרעסטירט. האָט מען שמאין אויך צוריקגענומען. אין קרימינאַל איז ער געוואָרן אַ פריזירער און ער האָט זיך באַליבט ביי די דייטשן. ער איז געוואָרן דער עלטסטער פון לובלין און איז באַוווּסט געוואָרן אַפילו אין וואַרשע. ער איז געקומען צו דער וואַרשעווער אויסזידלונג, אָנגעטאָן אין אוניפאָרם פון אַ קאַפּיטאַן, און האָט גערעדט צו די יידן אין שול און אויפן אומשלאַגפּלאַץ: „יידן, מ׳שיקט אייך אויף אַרבעט. האָט נישט קיין מורא. ס׳וועט אייך גאָרנישט געשען. שטעלט זיך צו". ער האָט געבראַכט קיין לובלין עטלעכע וועגן מיט גומענע רעדער און מיט פערד. דאָס איז געווען זיין קאָנצעסיע. חוץ דעם האָט ער געהאַט אין מיידאַן־טאַטאַרסקי אַ רעסטאָראַן און אַ בעקעריי.

אין מיידאַן־טאַטאַרסקי איז אויך געווען די גאָלדע. זי האָט דאָרט געמאַכט אַ וועשעריי, און האָט זיך, מיט שמאיס הילף, אויפגעשטעלט אַ הייזקע. זי איז שוין געווען צו אַלט אָנצוגיין מיט איר אַמאָליקן לעבן. האָט זיך שמאי אויסגעקליבן דאָס אָרנטלעכסטע און שענסטע מיידל, וואָס איז געקומען מיט איר משפחה פון קאַליש, און ער האָט געזאָגט: „אָט דאָס מיידל וויל איך פאַר אַ כלה". האָט די עס־עס, וואָס האָט געהאַלטן אין אויסזידלען דעם ראַבינאַט, איבערגעלאָזט

דעם יינגסטן רב, ער זאָל געבן שמאַי׳ן חופּה וקידושין. און זיי האָבן חתונה געהאַט. זי איז אַרומגעגאַנגען אויסגעפּוצט, מיט אַ שפּיצרוטקע, אין רייטשטיוועלעך. איר טאַטע, דאַכט זיך אַ חזן, איז אויך געבליבן.

איין מאָל איז צו מיר צוגעגאַנגען שלמה שמאַטניק און געזאָגט: „שיע, כ׳וויל קויפן אַ הייזקע. אפשר ווייסטו ווער ס׳וויל פאַרקויפן?" זאָג איך: „כ׳וועל זען". בין איך צוגעגאַנגען צו גאָלדע מאַטליעס און געזאָגט: „גאָלדע, כ׳האָב אַ גוטן קונה אויף דיין הייזקע". זאָגט זי: „כ׳וועל פרעגן ביי שמאַי׳ן, וויפל צו נעמען פאַר דעם". זאָג איך: „לאָז מיך אָפּ מיט שמאַי׳ן. כ׳וויל פאַרדינען מעקלעריי". זי האָט שוין געהאַט גענוג געלט. זי האָט שוין מער נישט געדאַרפט וואַשן. זאָגט זי: „אַזוי פיל און אַזוי פיל". בין איך צוגעגאַנגען צו שלמהן און געזאָגט: „ר׳ שלמה, ס׳איז ווערט". הכלל, ווען ער האָט איר געוואָלט באַצאָלן, האָט זי געזאָגט, אַז זי נעמט נישט קיין געלט, אַז שמאַי וועט נעמען ס׳געלט. איך האָב דאָך אָבער מורא געהאַט פאַר שמאַי׳ן. אַז ער וועט מיך אָנקוקן ווי איך זע אויס, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, און ער וועט זיך דערמאָנען, ווער איך בין — זיץ איך מאָרגן אין קרימינאַל. ער וועט מיך הייסן אַרויסגעבן די „באַנדע". צו אַלע קצבים האָט ער אַזוי גערעדט: „גיט אַרויס די באַנדע, דאָס גאָלד און זילבער". און אַז מ׳האָט אים צוגעפירט צום פּלאַץ, ווו דאָס איז געווען באַגראָבן, האָט ער זיי צו מאָרגנס אַרויסגעשיקט קיין מיידאַנעק. כ׳האָב פאַר אים געציטערט. „וואַרט דאָ צו — זאָגט זי — כ׳דאַרף דאָ פרעגן שמאַי׳ן, ווייל ער באַשטייט אויף דעם געלט". אָ, טראַכט איך מיר, ניין. אין דער פרי האָב איך דערזען שמאַי׳ן, אָנגעטאָן ווי אַ גראַף. האָב איך איבערגעלאָזט דעם קונה מיט דער מעקלעריי און כ׳בין אַנטלאָפן דורכן פענצטער. מיינע צוויי שותּפים זענען אַפילו געווען פאַן־בראַט מיט שמאַי׳ן פאַר דער מלחמה. אין לובלין, פאַר דער קריג, זענען געווען סטאַנציע־גייערס: אַז דער קאָמאַרניק האָט ליציטירט די פאַרנומענע זאַכן, זענען געווען יידן, וואָס האָבן דאָס אָפּגעקויפט. דאָס זענען געווען די סטאַנציע־גייערס, די שטאַרקע, די אונטערוועלט, און קיינער האָט זיך נישט געטאָרט

אַריינמישן אין דער ליציטאַציע. מײַנע שותפים, יאַנקל דאָקטער און משה שיליץ, זענען געווען סטאַנציע־גייערס. אין אָנהייב קריג זענען זיי נאָך געווען פון די שטאַרקע, דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן אַראָפּ־צוגיין. ווען דער דייטש איז אַריין, האָבן זיי שוין נישט געשפּילט קיין גרויסע ראָליע, ווייל באַלד ביים אַריינגיין האָט דער דייטש אויסגעהרגעט די אַלפאַנסן, די גאַסנפּרויען, די אונטערוועלט־מענטשן. ס׳זענען נאָר פאַרבליבן די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

אַ געוויסן טאָג איז משה שיליץ געזעסן אין רעסטאָראַן און האָט מיך אַ רוף געטאָן: „קום אַריין!" כ׳בין אָבער נישט אַריין, אַז שמאַי וועט מיך אָנקוקן, בין איך טויט.

דער לאַגער אין מיידאַן־טאַטאַרסקי האָט זיך פאַרענדיקט אַזוי: יעדע שטיקל צייט האָט דער דייטש צונויפגענומען די יידן און האָט זיי געהייסן לייגן זיך מיטן בויך אַראָפּ, און גייענדיק, דאַכט זיך מיט שמאַי׳ן, אָנגעוויזן — „דו גייסט, דו בלייבסט, דו גייסט, דו בלייבסט". ס׳איז ביי אונדז אַרומגעגאַנגען אַ שפּריכוואָרט: „הייב זיך", ווייל דער דייטש האָט אַ זאָג געטאָן צו שמאַי׳ן: „הייב זיך". די אָנגעוויזענע אַוועקצוגיין, האָט מען אַוועקגעשיקט. איך האָב דאָס אויסגעמיטן, ווייל ביינאַכט פלעג איך אַוועקגיין פון שטוב, און אין דער פרי איז שוין געווען נאָך דער פאַרשטעלונג. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען זומער 1942.

די יידן האָט מען אַוועקגעשיקט, און אַנדערע יידן האָט מען געבראַכט. יידן האָבן זיך באַהאַלטן. יידן זענען געגאַנגען אין וואַלד אַריין. אייבעשיץ, טשעכעווער רבס איידעם, איז געווען אַ גרויסער גביר. ער האָט געהאַט דעם פּוילישן האָטעל אויף קאַפּוטשינסקי־גאַס אין לובלין. דערצו איז ער געווען אַן אונטערנעמער. ער האָט געהאַט ביי זיך אַן אינזשעניער, אַ דייטש. ווען די דייטשן זענען אַריין, איז דער אינזשעניער געוואָרן אַן אונטערנעמער, און ער האָט אייבעשיצן געהאַלטן ביי זיך. ער האָט אים פּראָטעזשירט ווי אַ ברודער. דער אייבעשיץ האָט אַריינגענומען צו זיך יידן צו דער אַרבעט. זיין אַ שיין איז געווען געלד. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן, ביז מ׳האָט ליקווידירט לובלין. אייבעשיץ איז געווען אַ ייד אַ חכם. ער האָט זיך אָנגעגרייט

אין וועסטל־קעשענע סם. ווי נאָר מ׳האָט אים אַריינגעפירט אין מיידאַנעק, האָט ער ביים טויער איינגענומען דעם סם און איז גע־פאַלן אַ טויטער. ער איז געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט געהאַט מוט דאָס צו טאָן. זיין שוואָגער, לייבעלע דעם רבס זון, האָט נאָך דעמאָלסט געלעבט. זיין פרוי מיט די קינדער זענען שוין נישט געווען.

דאָס איז געווען אָנהייב נאָוועמבער. מ׳האָט צונויפגענומען אַלע יידן, קיין סך איז שוין נישט געווען, און מ׳האָט זיי אַריינגעפירט אין טויטן־לאַגער מיידאַנעק. דער איבעשיץ איז געגאַנגען לעבן מיר און לעבן מיר האָט ער אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן.



מיידאַנעק איז געווען צעטיילט אויף פעלדער — ס׳ערשטע פעלד, ס׳צווייטע, ס׳דריטע און ס׳פערטע. אַז כ׳בין אַריינגעקומען אין מיי־דאַנעק, האָב איך גלייך געזען, אַז פון דאַנען גייט מען שוין נישט אַרויס. די געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך געפונען אויף ליפּאָווע, האָבן דאָ פאַרנומען אַלע פּאָסטנס. אין מיידאַנעק איז געווען דער גאַנצער מאַכער קאָך. זיינע פערד האָבן געפירט געפאַנגענע, זיין שאָפער איז געווען אַ געפאַנגענער. אַלע פון פּלאַץ ליפּאָווע. מיינעם אַ לאַנדסמאַן האָט מען געהאַט אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ. ווען מיר זענען געווען אין מיידאַן־טאַטאַרסקי, פלעגט די עס־עס אַלע זונטיק מאַכן אויס־פלוגן קיין בעלזשעץ, כאַפּן צוויי אָויטאָס יידן און ברענגען צו זיך. ווען כ׳האָב געהאַט מיין פערד און וואָגן, בין איך אַריינגעפאָרן אין בעלזשעץ זוכן שמאַטעס. די יידן, וואָס מ׳האָט געהאַט אַריבערגעפירט קיין בעלזשעץ, זענען צוריקגעקומען און מ׳האָט זיי צוריק איינגע־מאָלדן. דאָס איז נאָך געווען אין 1941. מיט דער צייט איז אַהין אַרויסגעפאָרן מיין טשעכעווער לאַנדסמאַן. ער האָט געהאַט קינדער — די שיינהייטן פון דער וועלט! און איין געפאַנגענער האָט זיך פאַר־ליבט אין זיין אַ מיידל. ווען איך האָב געבויט מיין הויז, האָט ביי מיר געאַרבעט אַן אינוואַליד, אַ לעגיאָנער. כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז

ער איז פון מיידאַן־טאַטאַרסקי. אַ מאָל האָט ער מיך געטראָפן אין מיידאַן־טאַטאַרסקי און ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט. ער איז געווען אַ שיכור. כ׳קום אַריין, גייט צו צו מיר דאָס מיידל פון מיין לאַנדסמאַן, וואָס מ׳האָט אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ. זי האָט מיך דערקענט. איך האָב זי נישט דערקענט. זאָגט זי: „איך בין פריידעס טאָכטער. כ׳האָב דאָ אַ חתן, אַ געפאַנגענעם. האָט ער מיך דאָ אַריינגעזעצט, כ׳זאָל דאָ זיין״. איך האָב געזאָגט דעם קריסט, ווער זי איז. צווישן די געפאַנגענע זענען געווען אָרנטלעכע יינגלעך, פון גוטע היימען, און אַ טייל איז געווען פאַרביסן קעגן די לובלינער יידן, ערגער ווי גויים. כ׳האָב זיך מיט דעם מיידלס חתן באַקענט. כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז ער איז דער פורמאַן ביי קאָכן. אַז כ׳בין אַריין אין מיידאַנעק, האָב איך אים דאָרט געזען. ער איז פריי אַריין און פריי אַרויס, ווייל די קריגס־געפאַנגענע האָבן געהאַט זייער פלאַץ אויף ליפּאָווע. כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט אַ סך סאָרנער יינגלעך. איר חתן איז געווען אַן אָרנטלעכער בחור. ער האָט זי מיט אַן אמת געוואָלט פאַר אַ כלה, און זי אים פאַר אַ חתן. געלט האָבן די גע־פאַנגענע געהאַט אַ סך, און ס׳האָט ביי אים נישט געשפּילט קיין ראָליע צו קויפן זיין מיידל אַ מתנה נאָך אַ מתנה. איך בין געווען אויפן דריטן פעלד.

# זעקסטער קאַפּיטל

אַז איך בין געוואָרן אַ שמאַטניק, האָב איך געהערט, אַז ס׳שאַפט זיך אַן אונטערגרונט פון דער יידישער יוגנט, און מ׳הייבט אָן צו זוכן מיטלען צום קאַמף מיטן דייטש. האָב איך זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע. צו ערשט האָב איך, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, באַשטעלט ביי שטשעטשינסקין אַ קענקאַרטע. כ׳האָב אים באַצאָלט 3,000 זלאָטעס פאַר דער קענקאַרטע און פאַרן אויסבויען אַ בונקער פאַר מיר לעבן מיידאַנעק.

ווען כ׳בין פאַרוואָגלט געוואָרן ערגעץ אַנדערשווו, בין איך אַראָפּגעקומען אין יאַסטקאָווער גמינע, ווו יידן האָבן נאָך געמעגט פריי וווינען. קיין יאַסטקאָוו זענען געקומען וואַרשעווער יידן, קאַרעווער יידן, לובלינער יידן. דער ווויט שומאַנסקי האָט אַלעמען איינגעמאָלדן. פריִער איז דאָרט געווען ווויט האַליי. ער איז געווען אַ פאַרביסענער שונא פון דייטש, און ער האָט באַלד אָרגאַניזירט אַן אונטערגרונט פון דער אַ. קאַ. שומאַנסקי איז געווען אַ ליבעראַל און ער האָט אַלעמען צוגעשריבן.

אין יאַסטקאָוו איז געווען אַ מאַרקאָשעווער ייד, מרדכי מאָסט. ער האָט דאָרט געהאַט פאַר דעם קריג אַ ברויעריי. האָב איך אים געפרעגט: „מיט וואָס קענט איר מיר העלפן?" האָט ער געזאָגט: „כ׳קען אייך מאַכן אַ קענקאַרטע, ווייל מיר האָבן געגנבעט אַ סך קענקאַרטעס פון גאַרבאָווער גמינע, און מיין זון איז אַ ספּעציאַליסט אויסצושרייבן זיי". האָב איך געזאָגט: „מאַכט. וויפל ס׳דאַרף קאָסטן, וועל איך באַצאָלן. כ׳וויל אַוועקפאָרן פון דאַנען, ווייל דאָ וועט זיין דער סוף. מ׳וועט נישט לעבן". כ׳האָב אים באַצאָלט, און ער האָט אָנגעהויבן מאַכן די קענקאַרטע. דערווייל האָט מען אים געכאַפּט.

האָב איך דאָך שוין געזען, אַז פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

אין דאָרף זענען געווען דריי ברידער: דאָווטשע, משה און יאַנקל — דער עלטסטער. ער האָט געאַרבעט אין יאַסטקאָוו אַלס שמיד. וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, האָט ער געקאָנט מאַכן. ער האָט געקאָנט צופּאַסן אַ קויל פון אַן עסטרייכישער ביקס צו אַ רוסישער ביקס, און אַ קויל פון אַ רוסישער ביקס צו אַ דייטשער ביקס. האָב איך זיך לעבן אים געהאַלטן. צו דער יונגער חברה האָב איך געזאָגט: „קינדער, כ׳וועל זיך נישט לאָזן כאַפּן, כ׳וועל מיטגיין מיט אייך. כ׳וויל כאַטש הרגען אַ דייטש". ס׳ערשטע האָט זיך די יוגנט פאַרבונדן מיט די יידישע קריגסגעפאַנגענע פון פּלאַץ ליפּאָווע. זיי האָבן דאָרט געהאַט געווער. דערנאָך האָט מען גענומען ריידן מיט די ייִנגלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין די דייטשע שפּיטאַלן. דאָרט איז אויך געווען געווער. וועגן קויפן איז קיין רייד נישט געווען. ס׳איז נישט געווען ווו. מ׳האָט געקענט נאָר גנבענען.

אַ געוויסן טאָג האָב איך באַקענט אַ ייִנגל. געהייסן האָט ער סרוליק. אין לובלין איז פאַר דער קריג געווען אַן אוניווערסיטעט. די דייטשן האָבן פון אים געמאַכט אַ שפּיטאַל. און דער סרוליק האָט דאָרט געאַרבעט. איין מאָל האָט ער געזען — ס׳הענגט אַ פּאַסיק פון אַ דייטש מיט אַ רעוואָלווער. האָט ער דאָס ביינאַכט צוגענומען און איז אַנטלאָפן. ער איז געקומען צו מיר און געזאָגט: „שיע, כ׳האָב אַ רעוואָלווער". אַ רעוואָלווער?... אַ שמחה, אַ גדולה.

מיר האָבן שוין דעמאָלט געהערט, אַז מ׳פאָרט קיין וואַרשע און מ׳שמוגלט אַריין געווער. כ׳האָב נאָך אָבער נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט וואַרשע. דאָס האָט געשמעקט נישט נאָר מיט געלט. פאָרן קיין וואַרשע, אַדורכגיין די קאַנאַלן, גנבענען געווער, און פירן מיט דער באַן ביז לובלין, איז געווען איינע פון די גרעסטע גבורה־מעשים אין דער וועלט. כ׳האָב געזען, אַז צווישן דער יוגנט זענען דאָ גרופּעס ווו מ׳היט זיך איינער פאַרן אַנדערן. מ׳האָט זיך געהיט פאַר דעם, וואָס האָט געוווינט אין מיידאַן־טאַטאַרסקי. מ׳האָט געקוקט אויף אים כמעט ווי אויף אַ שונא.

כ׳האָב געזען, אַז אָן געווער, אָן אַ מעגלעכקייט צו ווערן זיך, טאָר מען נישט בלייבן. כ׳האָב גערעדט צו מיינע באַקאַנטע: „מ׳טאָר נישט באַווייִנען די אַרויסגעשיקטע. קיינער ווייס נישט, צי זיי לעבן, צי זיי זענען טויט. אָבער מ׳טאָר נישט אַרומגיין מיט פאַרלייגטע הענט, מ׳טאָר זיך נישט אָפּלאָזן און הערן, אַז דעם האָט מען געשאָסן, און יענעם האָט מען דערהרגעט, און זאָגן — ס׳איז שוין נישט קיין נפקא מינה, אַז מ׳וועט שוין סיי־ווי נישט לעבן. דאָס וועל איך נישט טאָן. איך וועל קעמפן ביז דער לעצטער מינוט פון מיין לעבן, כ׳וועל זיך נישט לאָזן נעמען אין קאַלכאויוון אַריין״.

איז מען אַרומגעגאַנגען און מ׳האָט זיך כסדר געסודעט און געסודעט, און מ׳האָט געזוכט אַ פאַרבינדונג צו שאַפן זיך געווער. און אַז מען האָט שוין איין רעוואָלווער, איז וווהין גייט מען? וווּ גייט מען? מ׳האָט דאָך נישט געטאָרט מאַכן קיין טראָט. פאַרן אַרויסגיין פון לאַגער, האָט מען באַלד געשאָסן. אָבער אַז מ׳האָט געווער, איז דאָ אַ האָפענונג. ניין און נײַנציק ווערן געהרגעט, אָבער איינער בלייבט לעבן. אַזוי האָב איך גערעדט מיט מיינע באַקאַנטע, ביז כ׳בין געקומען אין טאַלשעוויץ — אַ דאָרף, וואָס האָט געהערט צו יאַסטקאָווער גמינע. יידן האָבן נאָך געמעגט דאָרט אַרומגיין. חוץ דעם האָט דער אונטערנעמער אייבעשיץ, וואָס האָט אויסגעלאַדעוועט אין פּאַלאַץ אַ שולע פאַר די אינוואַלידן פון פראָנט, געהאַט ביי זיך יידישע אַרבעטער.

אין נאָוועמבער 1942 האָט מען געזאָגט, אַז לובלין איז שוין יודנריין, און אונדז, ווי כ׳האָב שוין פריער דערציילט, האָט מען אַרייַנגעפירט אין ק. ל. (קאָנצענטראַציע־לאַגער), דאָרט ווו די גאַז־אויוונס זענען געווען.

כ׳בין אַרייַנגעקומען אין מיידאַנעק, און כ׳האָב געגעבן אַ קוק אָן די ערשטע אָפּעלן ביינאַכט, די מלבושים אין פאַסן, די הילצערנע שיך. אין מיטן נאַכט — „אויפשטיין! שלאָפן גיין, אויפשטיין! שלאָפן גיין!״ פּופּציקער סקעלעטן פאַלן לעבן מיר. פּופּציקער שטאַרבן. ווארעם אַז מ׳האָט דריי אַזייגער ביינאַכט אָנגעהויבן צו וועקן —

אַראָפּ פון דער דריטער נאַרע און אַרויף אויף דער דריטער נאַרע, איז דער וואָס האָט נאָך געהאַט אַ ביסל כוח, אַזאַ וואָס איז ערשט אַריינגעפאַלן אַהער, האָט נאָך ווי עס איז אויסגעהאַלטן. אָבער דער, וואָס איז שוין דאָרט געווען אַ לענגערע צייט, האָט שוין קיין כוח נישט געהאַט און ער איז געפאַלן.

כ׳האָב באַלד אָנגעהויבן זוכן אַן עצה, ווי אַזוי דאָס אַלץ אויסצוהאַלטן. אַרויסגיין פון דאַנען איז געווען אוממעגלעך. דער לאַגער איז געווען אַרומגעצאַמט מיט דריי רייען דראָטן, עלעקטריזירטע. אין דער הויך, אויף יעדן פונקט, איז געזעסן אַ דייטש. כ׳האָב אָבער געהאַט מיין באַקאַנטן קריגס־געפאַנגענעם, קאַכס פורמאַן, וואָס האָט זיך געקענט פריי באַוועגן (נישט אַלע געפאַנגענע האָבן געהאַט די פּריווילעגיע). די דייטשן האָבן געהאַט אַ בעסערע באַציונג צו די קריגס־געפאַנגענע. אומעטום זענען זיי געווען, אפילו ביי די מאַגאַזינען פון געווער. אַלע טאָג זענען זיי געקומען פון ליפּאָווע אַרבעטן אין לאַגער. זייער עלטסטער, פּישער, האָט זיי איינגעטיילט אַרבעט. אַלץ איז געווען באַזעצט פון זיי. דער קאָלאָניע־פירער איז אויך געווען איינער פון זיי. אַז מ׳איז אַריינגעקומען צו זיי אויף ליפּאָווע, האָט מען געזען, אַז ס׳איז נאָך דאָ אַן אַנדער וועלט. מ׳האָט דאָרט געהאַנדלט מיט וואַלוטע.

די פּאַליאַקן, וואָס זענען געקומען אין מיידאַנעק אַרבעטן, האָבן געוווּסט, וואָס אַריינצוטראָגן אין לאַגער. מ׳האָט זיי נישט קאָנטראָלירט ביים אַריינגיין. האָבן זיי אַריינגעברענגט ברויט, סלאָנינע. צו די פּאָליאַקן האָט מען צוגעטיילט יידן, וואָס זאָלן זיי העלפן ביי דער אַרבעט. די דאָזיקע יידן האָבן געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די פּאָליאַקן, מיט וועלכע זיי האָבן געאַרבעט, און זיי האָבן אָפּגעקויפט ביי זיי דאָס עסנוואַרג פאַר דאָלאַרן, פאַר בריליאַנטן (ס׳איז נישט צו פאַרשטיין, פון וואַנען האָט זיך גענומען אין מיידאַנעק אַזוי פיל וואַלוטע. ווען מ׳איז אַריין אין לאַגער, האָט מען זיך דאָך געמוזט אויסטאָן מוטער־נאַקעט און מ׳האָט באַקומען אַנדערע בגדים). ס׳איז געווען אַ נאָרמאַלער שוואַרץ־האַנדל. דער ייד, וואָס האָט געקויפט

דאָס עסן ביים פּאָליאַק, האָט עס שפּעטער פֿאַרקויפֿט אין לאַגער פֿאַר אַ גוטן פּרייז.

דער לאַגער איז באַשטאַנען פֿון באַראַקן. די פּאָליאַקן זענען אַריינגעקומען אין דער פֿרי. זיי האָבן אָפּגעאַרבעט זייערע אַכט שעה און פֿאַרנאַכט זענען זיי אַהיימגעגאַנגען. זיי זענען געווען גאַנץ גוטע מענטשן. איך האָב נאָך אין מיידאַן־טאַטאַרסקי געוווּסט, וואָס אין מיידאַנעק טוט זיך, ווייל ס'איז געווען אַן אָפּמאַך מיטן יודנראַט פֿון מיידאַן־טאַטאַרסקי, ס'זאָלן אַריינקומען צוויי־דריי פֿורן, און דער וואָס האָט משפּחה אין מיידאַנעק, זאָל קאָנען אַריינגעבן ברויט פֿאַר איר. פֿון אונדז ביז מיידאַנעק איז געווען אַ הונדערט מעטער. די פֿורן פֿלעגן אַריינפֿאָרן פֿאַרנאַכט. דאָס ברויט פֿלעגט מען שיקן לויט די נומערן, וואָס די יידן האָבן געטראָגן. אין מיידאַנעק האָבן די יידן געטראָגן די נומערן נישט אויף די הענט, ווי אין אוישוויץ, נאָר אונטן אויפֿן פֿוס. אַ פּאָליאַק, וואָס איז געזעסן, האָט געטראָגן דעם נומער אויפֿן האַרצן. איך האָב געוווּסט מיין ברודערס נומער. האָב איך איינגעוויקלט ברויט אין אַ פּאַפּיר און כ'האָב אויפֿגעשריבן זיין נומער. צי מ'האָט אים איבערגעגעבן, ווייס איך נישט. מ'האָט אָנגעלייגט אַ פֿולן וואָגן און מ'האָט אַוועקגעפֿירט. צי די דייטשן האָבן עס צוגענומען, צי די קאַפּאָס האָבן צוגענומען, צי מ'האָט אָפּגעגעבן וועמענען, קאָן מען נישט וויסן.

מיין ברודער האָט מען געכאַפּט דורך אַ צופֿאַל. אין דעם דאָרף, וווּ ער האָט געוווינט, איז געווען אַ ליטווינקע. די ליטווינער, וואָס האָבן געהיט אין טויט־לאַגער, האָבן זיך פֿון דעם דערוווּסט און זיי זענען געקומען זי באַזוכן. מיין ברודער האָט געהאַט אַ פּאַפּיר, אַז ער מעג דאָרטן אַרבעטן ביי אַ פּויער. דעמאָלסט איז געווען איינגעפֿירט, אַז אַ פּויער האָט געדאַרפֿט אַ מענטשן צו דער אַרבעט, איז ער געגאַנגען צום אַרבעטסאַמט און מ'האָט אים צוגעטיילט אַ ייד. דער פּויער האָט אַזוי אַרום געקריגן מיין ברודער צו דער אַרבעט. ער האָט אים איינגעמאָלדן, און מיין ברודער איז ביי אים געשלאָפֿן און געגעסן. קיין געלט האָט ער אים נישט געצאָלט. זונטיק, ווען די צוויי ליטווינער זענען צוריקגעגאַנגען קיין מיידאַנעק, האָבן זיי געטראָפֿן מיין ברודער

מיט נאָך אַ ייד. אין דעם דאָרף האָט אויך געוווינט אַ ייד ישראל מיט זיין פרוי אַנדזשע און מיט זייער צעניאָריק יינגל. מיין ברודערן־זון האָט געאַרבעט ביי דעם שניידער. די צוויי ליטווינער האָבן מיט־גענומען, אויף אַ געלעכטער, מיין ברודער געצל און דעם ייד און אויך אַנדזשען מיטן יינגל. צו יענער צייט האָט מען נאָך קיין פרויען אין מיידאַנעק נישט אַריינגענומען. אַז אַנדזשע איז אַריינגעקומען אין מיידאַנעק, האָבן די מערדער נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט איר. פאַרברענען, נישט פאַרברענען? מ׳האָט זי אָפּגעהאַלטן אַ מעת־לעת אין גאַזקאַמער און מ׳האָט זי אַהיימגעשיקט. ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנ־גען מיידאַנעק, האָב איך געזען מיין ברודער.

כאָטש כ׳האָב געזען, אַז פון מיידאַנעק קען מען נישט אַנטלויפן, האָב איך דאָך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם. אפשר... דער פּלעניק, וואָס כ׳האָב דאָרט געטראָפן, האָט מיך זייער רעספּעקטירט, ווייל דאָס מיידל האָט אים געזאָגט, ווער איך בין. ער איז בכלל געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט מיר כסדר געזאָגט: „וואָרט, וואָרט. דער־ווייַלע זייט איר דאָך נאָרמאַל". די אַרבעט, וואָס מ׳האָט געטאָן אין לאַגער, איז געווען אַן איבעריקע. מ׳האָט געהייסן גראָבן אַ גרוב, און דערנאָך האָט מען געהייסן מ׳זאָל זי פאַרשיטן. מ׳האָט נאָר געהאַלטן אין איין וועקן ביינאַכט. דער קאַפּאָ האָט געשלאָגן. ס׳איז גאָרנישט איבערצוגעבן, וויפל מ׳האָט דאָרט געמוטשעט. זיין דאָרט אַ שעה, איז געווען מער ווי די יסורים, וואָס אַ מענטש קען אויסשטיין אין פאַרלויף פון טויזנט יאָר לעבן, ווען ער וואָלט געלעבט אַזוי לאַנג. אַז מ׳וועט דערציילן אַ מענטשן, וואָס איז געווען אין דריטן פעלד, אַז איך בין פון דאָרט אַנטלאָפן, וועט ער בשום אופן נישט גלויבן. ס׳איז נסים.

כ׳בין אַרויס. דער פּלעניק האָט מיך באַלד אָפּגעלאָזט. כ׳האָב זיך געשאָפן אַ מאַרינאַרקע אָנצוטאָן אויף דער געפּאַסעוועטער לאַגער־בלוזע און כ׳בין געלאָפן צום דאָרף, וווּ ס׳געפינט זיך מיין ברודערן־זון מיט ישראלן און מיט אַנדזשען. ישראלן האָבן די גויים געהאַלטן, ווייל ער האָט געגייט פאַר זיי. מ׳האָט אים נישט געצאָלט פאַר דער אַרבעט. ער איז געזעסן און געגייט און איז געווען צופרידן.

דאָרט, לעבן יאַסטקאָוו, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, האָט גלענ־באָטשיק דערלויבט צו שאַפן אַ לאַגער פון די יידן און פון די מיידלעך, וואָס מ׳האָט איבערגעלאָזט אַרבעטן אין גוט. קאַך איז געווען דער גאַנצער בעל־הבית אין מיידאַנעק, און גלענבאָטשיק — דער גע־פערלעכסטער מערדער אין דער וועלט — איז געווען דער בעל־הבית פון לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. דער פּלאַץ אויף ליפּאָווע האָט אויך געהערט צו אים.

ווען כ׳בין געקומען צולויפן אין דאָרף, האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן מיין ברודערן־זון און ישראלן מיט זיין ווייב. די גויים האָבן מיר געזאָגט: „נישטאָ דאָ. גיי אין וואַלד אַריין״. בין איך אַריין אין וואַלד און כ׳האָב טאַקע געטראָפן מיין פלימעניק. אַ הויכער יונג. אַן אַטלעט. איין און צוואַנציק יאָר אַלט. לייבל האָט ער געהייסן. ער האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר. ישראל איז אויך געווען מיט אים. זיי האָבן מיר באַוויזן אַן אויסגעקאָפּעטן בונקער, אַזוינס און אַזעלכעס: צוויי איבערבעטן, צוויי נארעס, אַן אויוועלע מיט אַ פאַרמאַסקירטער טרויב פאַרן רויך, און אויבן אויפן דעק וואָס פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג אין בונקער, זענען פאַרפלאַנצט געווען צוויי ביימלעך. מ׳האָט געקאָנט אַרומגיין צען מאָל דאָס אָרט און נישט באַמערקן אַז דאָרט איז דאָ אַ לאָך. ביינאַכט פלעגן זיי קאָכן און בייטאָג זענען זיי געלעגן אויף די נארעס. לעבן זיי איז געווען נאָך אַ בונקער, וואָס האָט געהערט צו איינעם קאַפּאַטוווע. ער האָט מיך אויך אַריינגעפירט צו זיך און געוויזן, ווי ביי אים זעט אויס. לייבל האָט מיר באַלד געזאָגט: „פעטער, דו׳סט קענען זיין ביי אונדז״. בין איך דאָרט פאַרבליבן.

איין מאָל גייען מיר אַרויס (ס׳איז שוין געווען שפעטער האַרבסט. די בלעטער זענען שוין געווען געל), זאָג איך: „לייבל, דאַכט זיך אַז דאָרטן זענען דייטשע היטלען!״ זאָגט ער: „פעטער, דו גייסט כסדר אַרום מיט דיין מורא, אַז אומעטום זענען דאָ דייטשן. לאָז זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ. דאָ זענען קיין דייטשן נישטאָ, נאָר פּאָליאַקן מיט זייערע משפחות״. אָבער איך שטיי און קוק מיט שרעק. טוט לייבל אַ זאָג: „איך זע אויך דייטשע היטלען״. און איידער ער האָט אַרויס־

געריעדט דאָס וואָרט — מ׳שיסט שוין. האָב איך זיך אָפּגערופֿן: „לייבל, לויף! לויף מיטן וואַלד. אין וואַלד קען דיך קיין קויל נישט טרעפֿן". לויפֿן האָב איך געקענט. האָב איך אָנגעהויבן לויפֿן. לכתחילה האָב איך נישט געוווּסט וווּהין איך לויף. קאַפּאָטוועץ האָבן די דייטשן געכאַפּט. זיי האָבן אים געהייסן אַרייַנגיין אין בונקער און זיי האָבן אַהין אַרייַנגעוואָרפֿן אַ גראַנאַט. ישׂראל מיט אַנדזשעץ זענען געלאָפֿן אין אַן אַנדער ריכטונג. איך האָב געצויגן צוצולויפֿן צום יאַסטקאָווער לאַגער. ס׳האָט געמוזט זיין אַ מהלך פֿון אַ פֿינף־זעקס קילאָמעטער פֿון דאָרף ביז יאַסטקאָוו. אויב מ׳וואָלט מיך געכאַפּט אין יאַסטקאָוו, וואָלט איך געקאָנט ענטפֿערן, אַז איך אַרבעט אין לאַגער. בין איך געכשרט.

כ׳בין צוגעקומען צו יאַסטקאָוו און כ׳האָב דערזען באַקאַנטע פּנימער. כ׳האָב זיי דערציילט: „כ׳קום פֿון מיידאַנעק. וואָס טוט מען כ׳זאָל קענען אַרייַנגיין אַרבעטן אין לאַגער?" האָט מען מיר געענטפֿערט: „ערשטנס, איז נישטאָ קיין פּלאַץ. צווייטנס, דאַרף מען מעלדן דעם דייטש, ווער עס קומט אַרייַן, און דאָס שמעקט מיט פּולווער".

איבער דער צייט האָט מען ליקווידירט די געטאָ אין וואַרשע. זענען די וואַגאָנען געגאַנגען דורכן דאָרף מאַטעטש קיין לובלין. אַ טייל וואַגאָנען זענען געגאַנגען קיין מיידאַנעק, אַ טייל קיין סאָביבאָר. ס׳זענען געווען יידן וואָס זענען געשפּרונגען פֿון די וואַגאָנען. מ׳האָט זיי נאָכגעשאָסן און אַ טייל פֿון זיי איז געהרגעט געוואָרן. אין דאָרף האָבן דאָך די גויים געאַרבעט אויף די פֿעלדער. אַ ייד, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען, האָט זיי געפֿרעגט: „ווו זענען דאָ יידן?" האָבן די גויים אָנגעוויזן אויפֿן לאַגער. ס׳זענען געווען יידן, וואָס זענען דערגאַנגען צום לאַגער. האָט דער עלטסטער באַלד געמאָלדן דעם דייטש. האָט מען דעם ייד אין אַ האַלבע שעה אַרום געשאָסן, און זיינע בגדים האָט מען אַוועקגענומען.

דער עלטסטער איז געווען אַ בחור עליע. פּלעג איך צוגיין צו אים און בעטן: „עליע, אפשר קאָן איך אַרייַנגיין אין לאַגער?" האָט ער מיר געזאָגט: „ניין. (עליע האָט מיר געזאָגט „איר", נישט „דו",

ווייל מיר האָבן זיך געקענט. זיין פאָטער האָט געהאַלטן בהמות אין לובלין). נישטאָ קיין פּלאַץ. דאָ איז דאָ אַ פּילעוועך בחור, נתן, אַ לונג־גען־קראַנקער. אויב ער וועט שטאַרבן, וועט איר אַריינגיין אויף זיין אָרט". נו, גיי אַריין און דערשטיק אים... ער האָט געקרענקט און געקרענקט, געגוססט און געגוססט און האָט אַלץ געלעבט.

אין גוט איז געווען אַ שטיבל, וואָס האָט פריער געהערט צו אַ ייִדישן פויער פּנחסל. דאָס שטיבל האָט מען געמאַכט פאַר אַ לאַגער. דאָרט האָט מען געקאָכט און דאָרט זענען געשלאָפן הונדערט דריי און פופציק מענטשן, נאַרעס אויף נאַרעס, ביז צו דער סטעליע. איך האָב דאָרט נישט געטאָרט אַרומגיין. אַז מ'האָט אַרויסגעוואָרפן דעם שטרוי פון הייזל, בין איך טייל נעכט געלעגן אונטערן שטרוי. האָב איך שוין נישט געקאָנט אַרומגיין, ווייל די לייז האָבן מיך אויפגעגעסן. אין דער פרי האָב איך געזען, (דאָס איז געווען לעבן דער קאָנצע־לאַריע פון דער גמינע), ווי גויים פירן יידן אויף אַ וואָגן צונויפגעג־שפּאַנט אַ טיפוס־קראַנקע פרוי, אַ ייד מיט אַ בראָך. דער גוי האָט פאַר דאָס באַקומען אַ קילאָ צוקער פון דייטש.

איין מאָל האָט מיך געכאַפּט אַ סאָלטיס. כ'בין געשטאַנען אַן כוחות אין אַפּטרעטל, ער עפנט אויף דאָס טירל און קומט אַריין. ער האָט מיך געקענט פון פאַר דער מלחמה. זאָגט ער: „שיע ?... וואָס וועט זיין דער סוף ? איך דאַרף דאָך דיך נעמען און צושטעלן. אָבער כ'וועל דאָס נישט טאָן. דריי זיך דאָ נישט אַרום. גיי אַוועק פון דאַנען, דו טוסט מיר אָן צרות". בין איך אַרויף אויף אַ בוידעם און כ'בין דאָרט אָפּגעלעגן צוויי טעג. כ'האָב געזען, ווי דער גוי קומט אַריין מעלקן די בהמה. אַז כ'האָב שוין נישט געהאַט קיין פּיצל ברויט, בין איך אַראָפּגעקראָכן און כ'בין ווידער געגאַנגען בעטן אַ שטיקל ברויט. איבער דער צייט איז געקומען סרוליק מיט אַ ברודער אין דאָרף אַריין. זיי זענען נאָך אַנטלאָפן פון מיידאַן־טאַטאַרסקי. סרוליק איז געקומען מיטן רעוואָלווער, וואָס ער האָט געגנבעט אין שפּיטאָל. ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, און זיין ברודער האָט געהאַט אַ פרוי מיט קינדער. מיר האָבן זיך געהאַלטן אין איינעם

אַ וואָך, צוויי. זאָגט ישראלס ברודער: „איך בלייב דאָ נישט לענגער. איך גיי אין מיידאַנעק אַריין. כ׳האָב נישט קיין כוח. כ׳האָב פאַרלוירן מיין פרוי מיט די קינדער. כ׳קאָן מער נישט לעבן. כ׳האָב גענוג געלעבט״. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק קיין מיידאַנעק. איך האָב געזאָגט: „סרוליק, מ׳טאָר זיך נישט אונטערגעבן. מ׳דאַרף קעמפן ביז דער לעצטער מינוט״. דער סרוליק איז געווען אַן אַוואַנ־טוריסט. ער האָט געמיינט, אַז אויב ער האָט אַ רעוואָלווער, האָט ער שוין איינגענומען די גאַנצע וועלט. כ׳האָב געזען, אַז איך בין מיט אים נישט קיין מחותן. ער איז געקראָכן אויף גלייכע ווענט. ער איז געגאַנגען אויפן טויט. ווארעם אַז אַ ייד האָט עפּעס צוגענומען ביי די פּויערים, זענען זיי געווען ערגער פון די דייטשן. אַז מ׳האָט אַראָפּגענומען אַ טעפּל, וואָס איז געהאַנגען אויפן פּאַרקן, זענען זיי געלאָפן מסרן דעם דייטש. אָפּגעהיט זאָל מען ווערן.. אַז מ׳האָט זיי נישט געטשעפּעט, האָט ער געוואָלט, דער פּויער, האָט ער דיר געגעבן אַ שטיקל ברויט. האָט ער נישט געוואָלט, האָט ער דיר געגעבן אַ טרונק וואַסער, אָדער ער האָט דיך אַרויסגעטריבן. קיין שלעכטס האָט ער נישט געטאָן, אָבער אַז די אַקאָווצעס האָבן געכאַפּט אַ יידן, האָבן זיי אים דערשאָסן און האָבן צוגענומען זיינע שטיוול. דאָס — יאָ. דאָס איז אַ זאַך באַזונדער. דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל. אַז ישראליק איז געגאַנגען מיטן רעוואָלווער און ער האָט זיך דערלויבט צו פיל, האָבן אים די פּויערים דערהרגעט.

און איך בין אַזוי אַרומגעקראָכן. כ׳פלעג צוגיין צו עליען. איין מאָל אין דער פרי, ווען ער איז געקומען צום ראַפּאָרט, האָט אים דער דייטש, דער „דאַרער״ (אַזוי האָבן מיר אים גערופן) אַריינגעשאָסן אַ קויל אין מויל אַריין. בכן, ער האָט אים נישט דערציילט, אַז עמיצער איז אַריינגעגאַנגען צי אַרויסגעגאַנגען. דאָס איז געווען אַ יונג אפשר פון אַכצן יאָר. אַ יונג — אַ ליאַלקע. אויס עליע. האָב איך דאָך שוין נישט צו ווען צו ריידן. ס׳איז מיר מיאוס געוואָרן דאָס לעבן. די ווערעם עסן מיך אויף. געווען אַזעלכע טעג, ווען כ׳האָב געזשאַלעוועט מיידאַנעק. פאַרברענט?... פאַרברענט! דאָ שיסט מען

אַלע טאָג די וואַרשעווער יידן, וואָס זענען געשפּרונגען פון די לויפנ־דיקע צוגן. דערנאָך טראָגט מען זייערע שטיוול. ס׳האָט געשניטן ביים האַרץ.

איין מאָל, ווען כ׳האָב שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן, בין איך ווילד געוואָרן און כ׳בין אַוועק אין לאַגער, און כ׳האָב זיך צו־געשטעלט. אָבער נישט דאָרט, ווו די יידן האָבן געוווינט, נישט אין לאַגער, נאָר דאָרט, ווו די שקצים האָבן געבערענגט די יידן צו דער אַרבעט אין דער פרי, און פאַרנאַכט צוריקגעפירט. קיין דייטש האָט נישט געפילעוועט. די סעקרעטאַרין איז געווען אַ קריסטלעך מיידל. פרעג איך: „ווו קען מען טרעפן דעם אָבערשטורמפירער?" זאָגט זי: „ער ט׳באַלד זיין. צו וואָס דאַרפסטו אים? וואָס ווילסטו?" פרעגט זי אויף פויליש. זאָג איך: „כ׳וויל זיך צושטעלן". זאָגט זי: „אין פינף מינוט אַרום וועסטו זיין דערשאָסן". זאָג איך: „כ׳האָב קיין ברירה נישט". ער קומט אַרויף, גיי איך צו און שטעל זיך אין אַ פּאָזיציע פון אַכטונג.

— פון וואַנען קומסטו? פון וואַרשע?

— ניין. כ׳קום פון לובלין. כ׳בין אַ טישלער. כ׳האָב געאַרבעט ביי אַ פּאָליאַק. האָט ער מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. האָב איך געהערט, אַז דאָ איז דאָ אַ לאַגער, בין איך געקומען.

— האָסט אַן אַרבעטסביכל?

— יאָוואָל. און כ׳האָב אַרויסגענומען מיין אַרבעטסביכל. טוט ער אַ קוק:

— אָ, דאָס דאַרף איך. וואָס קענסטו?

— אַלצדינג. כ׳האָב געאַרבעט אין דער פאַבריק ביי פלומען.

— דו בלייבסט דאָ, נישט אונטן, נאָר דאָ. און ער פירט מיך אַריין צו דער סעקרעטאַרין.

— ער בלייבט דאָ, נישט אונטן. ער וועט שלאָפן אין שטאַל מיט די בהמות. ער איז אַ טישלער.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. זאָגט די סעקרעטאַרין: „אין נאָמען פון גאָט, זיין זון און הייליקן גייסט. ס׳איז נישט צו גלויבן. ער שיסט

דאָך יעדן טאָג יידן. און דיך האָט ער געלאָזט לעבן? דו ביסט נישט קיין ייד. דו ביסט אַ מלאך. דו ביסט אַ גייסט!" זאָג איך: „דו זעסט דאָך, אַז איך לעב".

איך האָב דאָך געוווּסט, אַז ער שיסט יעדן טאָג יידן. דאָס איז געווען זיין פאַרגעניגן, זיין סאַטיספאַקציע, כאָטש זיינע צוהעלפער זענען נישט געווען בעסער פון אים.

דאָס איז געווען ווינטער. די קעלט! דער פראָסט!! און איך בין באַקעט־הויל. רופט מען מיך אין דער פרי אַרויס צום גערטנער, כ'זאָל מאַכן קאַסטנס און ראַמען צו ספּעקטן. דאָס האָט מיר גע־הייסן מאַכן דער אונטערשטורמפירער. ער אַליין האָט געקענט מאַכן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געזען. גיי ווייס, אַז אַ קאַסטן צו אַ ספּעקט דאַרף מען מאַכן שיף, און אַז דאָס פענצטער זאָל מען קענען אונ־טערהייבן און אונטערשטעלן אַ פלעקל, כדי ס'זאָל אַריינקומען לופט. ב'דריי מיך אַהער, כ'דריי מיך אַהין. ווי מאַכט מען עס? אין דעם ברענגט מען מיר צו אַ ייד שמואל אַלס אַ געהילף. שמואל האָט פריער געהאַט אין דאָרף אַ מיל. זיין ווייב האָט מען אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ, און ער איז געבליבן מיט אַ קינד אין עלטער פון אַ פּאָר יאָר. האָט ער אויסגעקאָפּעט אַ גריבל לעבן לאַגער און ער האָט דאָרט אַריינגעזעצט דאָס קינד. אין דער פרי האָט ער אים געברענגט עפּעס עסן און ער איז געגאַנגען אין לאַגער אַרבעטן. פאַרנאַכט איז ער געגאַנגען זען, וואָס דאָס קינד מאַכט. איך האָב דעם ייד נישט געקענט. ער איז געווען נאָך נידעריקער פון מיר. זאָג איך: ר' ייד, איר זייט אַ סטאָליער? זאָגט ער: „און איר?" זאָג איך: „ניין". זאָגט ער: „איך אויך נישט". „איז ווי וועלן מיר מאַכן די קאַסטנס?" זאָגט ער: „איך ווייס?"... בין איך צוגעגאַנגען צום גערטנער פרעגן. דאָס איז געווען אַ שונא ישראל! ער האָט געגעסן יידן. איין נס איז געווען, וואָס ער איז געווען אַ קראַנקער, צי אויף די לונגען, צי אויף אַסטמע. ער האָט געהאַלטן אין איין הוסטן. בעט איך אים: „ווייז מיר ווי מען מאַכט עס". זאָגט ער: „זאָל מען דיך

שיסן". אין דעם קומט אָן דער "דאַרער". "וואָס האָסטו געמאַכט?" שטיי איך און כ'קוק אים אָן. ער איז אַלעמאָל אַרומגעגאַנגען מיט אַ שפּיצרוט. האָט ער מיר געגעבן אַ צי איבערן קאָפּ. בין איך באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט. פון נאָז, פון די אויגן, פון די אויערן. כ'האָב נישט געקאָנט פאַרהאַמעווען דאָס בלוט. און ער גיט מיר נאָך אַ צי. "דו ביסט אַ טישלער?"

דער פּוילישער גערטנער האָט רחמנות געהאַט אויף מיר און ער האָט מיר באַוויזן ווי אַזוי צו מאַכן. האָב איך געמאַכט דריי קאַסטנס צו ספּעקטן. דערנאָך איז געקומען אַ דריטער דייטש, אַ ווינער, קאָל האָט ער געהייסן, אַ שיכור, אַן אַכצן־יאָריקער. ער איז געווען דער גערטנער. זאָגט ער, אַז מ'דאַרף ברענגען מיסט אַריינצוגעבן אין די קאַסטנס, און ער ווייזט מיר אָן אויף אַ נאַסידלע און זאָגט: "גייט ברענגט אַ נאַסידלע מיסט". און ער נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער: "ווער פון אייך ס'וועט אַפּלאָזן די נאַסידלע, וועט דערשאָסן". אָבער אַנלייגן ס'מיסט האָט ער אונדז נישט געלאָזט. ער אַליין האָט אָנגעלייגט. פריִער אין די פיר עקן, דערנאָך אין מיטן. כ'האָב געזען, אַז ס'איז נישט פאַר קיין מענטשלעכן כוח דאָס צו טראָגן. בין איך צוגעגאַנגען און כ'האָב אויפגעהויבן פון הינטן. ווי נאָר כ'האָב אויפגעהויבן, האָט שמואל אַפּגעלאָזן. כ'האָב געמיינט, אַז ער וועט אים שיסן. דאָס האָבן צוגעזען די יידישע מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט נישט ווייט פון אונדז, האָבן זיי אָנגעהויבן וויינען און זיי זענען צוגעלאָפן העלפן אויפהייבן די נאַסידלע. די מיידלעך האָט קאָל געהייסן אַוועקגיין, און צו מיר האָט ער געזאָגט: "קום!" אויף שמואלן האָט ער געגנומען. ער האָט מיך אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט און געזאָגט: "אויגן צו, הענט אַרונטער!" גערעדט האָט ער גיך. האָב איך נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט. איך האָב דאָך גערעדט אַ יידישן דייטש, און ער האָט גערעדט דייטש. האָט ער מיך אָנגעהויבן קאַטעווען, פאַרוואָס איך פאַרשטיי נישט. דערנאָך האָט ער מיר געוויזן, וואָס צו טאָן און ער האָט מיר אָנגעהויבן צו האַקן מיט די פויסטן אין קאָפּ. בין איך אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז כ'בין

געפאַלן אַ צעבלוטיקטער. שמואל האָט אויך באַקומען זיין חלק. אַרומוואַשן זיך האָט ער נישט געלאָזט.

שפּעטער צו האָט מען אָנגעהויבן בויען באַראַקן. האָב איך גע־בעטן אַ פּאָליאַק, ער זאָל מיך צונעמען צו דער אַרבעט. האָט ער מיר צוגעזאָגט צו נעמען פּאָר אַ געהילף. שמואלס לאַגע איז געווען אַ בעסערע. ער איז געווען אַ מילנער, ער האָט געקענט די פּויערים, ער האָט געהאַט אַ קינד. קיין געלט האָט אים נישט געפעלט. ער האָט געהאַט זיינע זאַכן אין דעם דאָרף. די יידן פון לאַגער האָבן מיט אים געהאַלטן מער ווי מיט מיר, ווייל ער איז געווען אַ דאָרטיקער, און איך בין געווען אַ לובלינער. אָבער צום סוף האָבן די פּויערים דערהרגעט זיין קינד.

דערנאָך האָב איך געאַרבעט ביי די באַראַקן. איז געקומען דער ווינער דייטש און האָט געזאָגט: „דו בלייבסט ביי מיר אַרבעטן, כ׳דאַרף נישט קיין טישלער. כ׳וויל דו זאָלסט זיין ביי מיר אַ גערטנער. זאָג איך: „איך ווייס עפּעס פון גערטנעריי?". „איך וועל דיך שוין לערנען". יעדן אין דער פרי האָט ער געמאַכט גוואַלדן. ווי נאָר כ׳בין געקומען, האָט ער מיך געשלאָגן. אָן אַ פּאַרוואָס, אָן אַ פּאַרווען. כ׳האָב געהייצט דעם אויוון איינס אַזייגער ביינאַכט. איז ער געקומען קאָנ־טראָלירן די טעמפּעראַטור. האָט ער גאָרנישט געזאָגט, אָבער אַ קאַפּע האָט ער מיר געגעבן. ער איז אַוועק שלאָפן און ער האָט מיר אָנ־געזאָגט, אַז מאָרגן אין דער פרי זאָל איך אים אָפּפּוצן די שטיוול, זיי זאָלן גלאַנצן. האָב איך אים געזאָגט, אַז כ׳וועל קומען און כ׳האָב אים געמאָלדן, אַז איך גיי אַוועק. האָט ער מיר דערלאַנגט אַזאַ קאַפּע, אַז איך האָב געעפנט די טיר. כ׳האָב ביי אים אָפּגעאַרבעט אַ לאַנגע צייט. אין וואָס איז באַשטאַנען מיין אַרבעט? אין דער פרי האָב איך אַרויסגענומען די כלים צו פעלדאַרבעט און כ׳האָב זיי צעטיילט צווישן די מיידלעך און די שיקסעס, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט. דערנאָך בין איך אַליין געגאַנגען אַרבעטן אין פעלד. צום ביישפּיל: ס׳איז געווען אַ בייט מערן פון אַ צוויי־דריי קילאָמעטער די לענג. האָט מען געדאַרפט אויסיעטן דאָס ווילדגראָז פון די בייטן. האָט

מען דאָס געדאַרפט מאַכן געלאָסן מיט דער מאַטיקע, מ׳זאָל נישט איבערשניידן דעם פּלאַנץ גופא. דער דייטש איז געריטן אויפן פערד און האָט אַלץ קאָנטראָלירט. די מיידלעך זענען געווען יונג, איז זיי לייכט געווען צו בויגן זיך. מיר אָבער האָט געבראָכן דער קריק. וואָס האָב איך געטאָן? כ׳האָב געפּילט דעם טויט אין די ביינער. איך קאָן אַזוי גיין צוויי קילאָמעטער? האָב איך געזען, אַז די מיידלעך האָבן פאַרענדיקט זייער טייל און זענען צוריקגעגאַנגען, בין איך אויך צוריקגעגאַנגען. דער דייטש האָט אָבער באַמערקט, אַז אַ האַלבער בייט איז נישט געמאַכט. האָט ער אָנגעהויבן שרייען: „ווער האָט איבערגעלאָזט?״ מסתמא האָט מען מיך געפּאַקט. האָב איך דאָס מייניקע געקריגן...

שפּעטער האָב איך געאַרבעט סטאַביל אין וואַרעמהויז. ביי די דייטשן איז געווען איינגעפירט, אַז יעדער דייטש האָט געהאַט זיין אַרבעט און איין דייטש האָט זיך נישט געמישט אין דער אַרבעט פון אַ צווייטן דייטש. אַז מ׳האָט באַדאַרפט הייצן דאָס הויז, האָט מיר מיין דייטש געשיקט אין וואַלד אַריין גנבענען האָלץ. זאָג איך: „וואָס שיקסטו מיך גנבענען האָלץ? מ׳וועט דאָך מיך כאַפּן און שיסן!״ „גיי!״ ער האָט מיר געגעבן אַ שאַרפע האַק און געהייסן האַקן ביימער, ברענגען זיי אויף די אַקסל און הייצן. אַ בוים איז דאָך אויבן דינער ווי אונטן. אונטן דאַרף מען שטיין אַ גאַנצע נאַכט און האַקן. ער האָט מיר אָנגעזאָגט כ׳זאָל האַקן אונטן און כ׳זאָל דעם פּיען פאַרשיטן מיט בלעטער, מ׳זאָל נישט דערקענען. אָבער איך האָב געהאַקט העכער. איין טאָג, אַ צווייטן טאָג און אַ דריטן טאָג. לויפט ער אַריין אַ שיכורער און דערזעט האַלבע ביימער: „האָסט אַלץ געמאַכט אין אָרדענונג?״ און ער פירט מיך צו: „וואָס איז דאָס? און וואָס איז דאָס?״ זאָג איך: „כ׳וויס? ביינאַכט זעט מען נישט״. האָט ער מיך אַזוי לאַנג געשלאָגן ביז ער איז מיד געוואָרן, און איך האָב שוין נישט געקענט שטיין אויף די פיס. די ביימער האָב איך געדאַרפט צעהאַקן אויף שייטלעך און הייצן דאָס וואַרעמהויז, כדי מ׳זאָל וועסנע־צייט קענען איבערפלאַנצן די געוויקסן אין די ספּעקטן. פון דעם באַ־

קומט מען פרײַקע פּאָמידאָרן, אוגערקעס, רעטעכלעך צו סאַלאַטן. די אַלע גרינסן האָט ביי אונדז גענומען מיידאַנעק. איך פלעג זיי װעגן און אַרויסגעבן. מיט דער צייט האָט זיך דער גערטנער צוגעוווינט צו מיר.

כ׳האָב אַמאָל געהאַט אַזאַ פאַל: איינע, באַשע (היינט וווינט זי לעבן איצטאַדיאָן אין יד־אליהו), וואָס האָט דאָרט געאַרבעט, האָט אַריינגעכאַפּט אין מויל אַ ציבעלקע, און דער גערטנער האָט דאָס דערזען. האָט ער מיר געהייסן כ׳זאָל איר געבן פינף און צוואַנציק שמיץ. דאָס מיידל איז געבוירן געוואָרן אויף מיין גאַס. ווי האָב איך געקענט אויפהייבן אַ האַנט אויף איר? „אויב דו גיסט איר נישט פינף און צוואַנציק שמיץ, קריגסטו פופציק". בין איך צוגעגאַנגען צו באַשען און געזאָגט: „זאָלסט שרייען. איך וועל דיך שלאָגן אין פאַלטן (ס׳איז נאָך געווען אַ נס, וואָס ער האָט איר נישט געהייסן אויסטאָן דעם פאַלטן). און כ׳האָב איר געגעבן פינף און צוואַנציק שמיץ.

אַ צווייטער פאַל איז געווען מיט אַ מיידל, שפרה. זי לעבט היינט אין אַמעריקע. זי האָט דעמלסט געהאַט צוויי ברידער אין מיידאַנעק. ווען די פּאַשאָסן (גרינס־אָפּנעמער) פון מיידאַנעק זענען געקומען נאָך די פּראָדוקטן, האָט שפרה זיי געוואָלט עפּעס מיטגעבן פאַר אירע ברידער. נאָך די פּראָדוקטן זענען דער עיקר געקומען טשעכישע יינגלעך. זיי האָבן אויסגעזען גוט. ס׳האָט זיי גאָרנישט געפעלט. האָט דער דייטש געכאַפּט שפרהן, ווי זי גיט עפּעס מיט פאַר אירע צוויי ברידער. האָט ער מיר געהייסן כ׳זאָל זי אַרויפלייגן אויפן טראַק און מ׳זאָל זי מיטנעמען אין מיידאַנעק אַריין. האָב איך שטילערהייט געזאָגט: „שפרה, זאָלסט זיך נישט לאָזן נעמען. זאָלסט מיך גראַבלען. דער דייטש איז געשטאַנען און האָט געלאַכט, ווי זי ראַנגלט זיך מיט מיר. איך בין אַרויס פון אירע הענט אַ צעבלוטיקטער, אַ צעקראַטשעטער. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן: „אַוועק!"

דער גערטנער איז געווען אַ צופרידענער, נאָר אָן שלאָגן האָט ער זיך נישט געקאָנט באַגיין. טאָמער האָט ער מיך נישט געזען

אין דער פרי אַ שעה, האָט ער נישט געלעבט: „ווו איז ער דער הייצער?"

אַ געוויסן טאָג האָט מען געדאַרפט אַנשיטן אין פּאַלאַץ ליים אויפן סופיט. האָט מיר דער דייטש געזאָגט: „אַז דו וועסט מאַכן די נאַרמע, וועסטו זיך אָפּרוען". דעם ליים האָט מען געטראָגן אין אַ זאַק אַרויף אויף אַ לייטער. ס'איז געווען יענע אַרבעט. אויפן בוידעם האָב איך זיך צוגעזעצט אָפּרוען. זע איך דאָרט ליגט אַ פּעקל אַנטוען פון אַן עס־עס־מאַן, אַ פּאָר נייע שיך, און ביכער, היטלערס ביכער. כ'האָב זיך אַוועקגעלייגט און געבלעטערט אַ בוך. כ'האָב אָנגעקוקט די נייע בגדים, די נייע שיך און... כ'באַווין מיינע יאָרן. הכלל, כ'בין אַראָפּ און כ'האָב דערציילט דעם דייטש, וואָס כ'האָב געזען אויפן בוידעם. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט דאָס צוגענומען און פאַרקויפט און געזאָגט דעם קאָלאָניע־פירער, אַז איך האָב דאָס צוגעגנבעט. געווען איז דאָס פורים. דער גערטנער איז אַריינגעפאַלן צו מיר און האָט מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן. ער האָט מיך צעממיתט. כ'האָב געפילט, אַז ער צערייסט מיך אויף שטיקער. און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אויב כ'וועל אים נישט באַצאָלן פאַר די בגדים, וועט ער מיך ביינאַכט שיסן. די יידן האָבן מיך שוין אָנגעהויבן באַווינען. אַנדערע האָבן געפרעגט: „אפשר האָסטו גענומען? אפשר האָסטו פאַרקויפט?" זאָג איך: „איין גאָט ווייס. איך וועל טראָגן אַן אוניפאָרם אין דאַרף אַריין פאַרקויפן?" דער דייטש איז צוגעגאַנגען צום קאָלאָניע־פירער און געזאָגט: „קלייבט צונויף געלט, כדי כ'זאָל אים נישט שיסן". ווער ווייס, צי די יידן האָבן געהאַט געלט. און אויב יאָ, איז וועמען אַרט עס, אַז מ'וועט שיסן נאָך אַ ייד. מ'האָט זיך דאָך שוין צו דעם צוגעוווינט. ביינאַכט האָט ער מיר ווידער צעהאַקט דעם קאָפּ. ביי דעם איז געבליבן.

אין אַ געוויסן טאָג קומט אַראָפּ דער „דאַרער" און הייסט וואַשן די קי. האָבן מיר, איך מיט נאָך אַ יידן אַרומגעוואַשן די קי. נו, גייט ווייסט, אַז מ'דאַרף אויך אָפּוואַשן דעם שפּיץ פון ווידל. מיר האָבן די בהמות געמאַכט רייך. ס'האָט געשמעקט פון זיי. אַז דער „דאַרער"

איז אַריינגעקומען, און אַ בהמה האָט אַ שמיץ געטאָן מיטן ווידל אַראָפּצוטרייבן אַ פליג, האָט זי זיך איינגעריסט מיטן נישט געוואַשענעם שפּיץ פון ווידל. האָט ער אונדז געגעבן אַ שטעל אויס: „אויסגעוואַשן?" האָבן מיר געענטפערט: „יאָ". ווייזט ער אָן אויף דער קו, וואָס האָט זיך פאַרפּאַטשקעט מיטן ווידל. נו, האָט ער אונדז געמאַכט אַ זונטיק!... „איר זאָלט געדענקען, אַז מ'וואַשט, דאַרף מען אָפּוואַשן דעם שפּיץ אויך".

דערנאָך איז ער געקומען צוגיין צו מיר ביינאַכט. מיר זענען געזעסן אין שטאַל און מיר האָבן זיך געלויזט. דער פאַסטעך האָט איבערגעלאָזט דעם לאָמפּ. האָט דער דייטש, דאָס ערשטע, מיר געזאָגט: „דו שלאָפסט נישט מער אין שטאַל. דו ביסט פול מיט לייז. דו האָסט אָנגעשטעקט די קי מיט לייז. גיי צוריק אויפן בוידעם". אויפן בוידעם איז נישט געווען קיין סימן פון אַ שטרוי. דער פראָסט האָט געקנאַקט. אין שטאַל איז געווען אַ נחת צו שלאָפן. אויפן מיסט איז געווען וואַרעם.

די רעשט יידן, וואָס ער האָט געטראָפן אין שטאַל, זענען אַראָפּ צו זיך אין הייזל שלאָפן, אין דער ענגשאַפט, ווו ס'זענען געווען הונדערט דריי און פופציק מאַן. דאָרט זענען געווען אויך מיידלעך, וואָס האָבן זיך גערדאַרפט אונטערוואַשן. ס'איז נישט צו דערציילן.

אַזוי האָט אויסגעזען מיין לעבן, ביז מ'האָט דעם גערטנער פאַרבעטן אויפן פראָנט.

# זיבעטער קאַפּיטל

אין אַ געוויסן פרימאָרגן — כ'בין געווען אין וואַרעמהויז — עפנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין אַן עס־עס־מאַן, אָנגעטאָן נישט אין גרינעם אוניפאָרם, ווי געוויינלעך, נאָר אין אַ לייוונטענעם אַנצוג. ער לאָמט אויף אַ פוס. פרעגט ער מיך: וואָס מאַכסטו דאָ? זאָג איך: „איך בין אַ העפטלינג געפאַנגענער".

— ביסט אַ גערטנער?

— יאַוואָל. —

— ווו איז דער גערטנער?

— קיין אָנונג.

ער גייט אַרום און ער באַטראַכט די פלאַנצן און די איינריכ־טונגען. ער קוקט אויף די שוואָמען, וואָס כ'האָב פאַרזייט, אויף די טאָמאַטן. ס'איז אַלץ געווען בעלי־הביתיש געמאַכט.

— ביסטו יודע?

— יאַוואָל.

— ווי לאַנג אַרבעטסטו דאָ?

— ביי אַ פופצן מאָנאַטן.

— ווי גייט עס? ווי איז דער גערטנער?

— גוט, גוט — שטאַמל איך אונטער.

— ווען דו וועסט אַרבעטן אַזוי פלייסיק ביי מיר, וועסטו ווערן בעסער באַהאַנדלט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק.

ער איז אַרויסגעגאַנגען. אין פופצן מינוט אַרום קומט אַריין מיין מערדער. זאָגט ער:

— הייצער, דאָ איז ווער געווען?



שיע טשעכעווערס טאָכטער, רבקהלע,
אומגעקומען אין מיידאַנעק, אין עלטער פון 17 יאָר

— יאָ.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

— דו ביסט דאָך אַ יודע, העלף מיר.

— אין וואָס קאָן איך העלפן, הער אונטערשטורמפירער?

— ער קומט אויף מיין פלאַץ. איך האָב דאָ אַזוי פיל געשאַפן. איך האָב דאָ אַזוי פיל געבויט. איך האָב דאָ אַנטוויקלט אַזאַ גערט־נעריי. 8,000 שטעקנס טאָמאַטן. אַזוי פיל סאַלאַטן און אַזוי פיל מערן. צוואַנציק מאָרג האָב איך פאַרזייט, און איך באַשפּייז גאַנץ מיידאַנעק. שיקט מען מיך קיין סטאַלינגראַד!

— הער אונטערשטורמפירער. ס׳איז נאָך נישט אַזוי. זיי זענען אַזאַ גוטער אַרבעטער, זיי זענען אַ גוטער מענטש, זיי זענען אַן עסטרייכער.

אין האַרץ האָב איך אַנגעקוואָלן פון זיין מפּלה. אָבער כ׳האָב נאָך נישט געגלייבט. דערנאָך איז ער אַרויס און האָט זיך באַלד אומגעקערט צוריק, און ער האָט אָנגעהויבן שרייבן אויף דער טיר פון יענער זייט: „דו מערדער. דו אַזעלכער און אַזעלכער! דו ביסט שוין געווען אויפן פראָנט, דו האָסט שוין אַ פוס פאַרלוירן. איצט ווילסטו איך זאָל גיין אויף סטאַלינגראַד? כ׳זאָל נישט צוריקקומען? פאַרוואָס מאַכסטו דאָס? אין דייטש קעגן צווייטן?!” ער האָט זיך אונטערגעשריבן און איז אַוועק.

אין אַ האַלבע שעה אַרום קומט ווידער דער לאָמער.

— ער איז דאָ געווען?

— יאָ.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— גאָרנישט.

כ׳האָב דאָך מורא געהאַט צו ריידן. האָב איך אים געגעבן אַ ווונק, ער זאָל איבערלייענען די אויפשריפט אויף דער טיר. גייט ער צו און לייענט, און ער פּלאַצט שיעור נישט פאַר געלעכטער.

— דער דומער הונט. ער האָט קיינע אַנוגג. ער גייט שוין אַוועק אויפֿן פראָנט. איך בלייב שוין דאָ.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן זיי זיך שויןביידע געטוישט. אין דער פרי קומט שוין צו גיין דער נייער.

— הייצער!

— יאַוואָל.

— גיב די מיידלעך אַרויס די געצייג, און דו גייסט נישט אויפֿן פעלד אַרבעטן. דו בלייבסט מיט מיר, און דו וועסט מיר אַלץ באַווייזן.

כ׳האָב פאַרטיילט די כלים און כ׳האָב אים אַוועקגעפירט צו די ספּעקטן און צום פעלד, ווו מ׳האָט געזייט קרויט און אַנדערע גרינסן. זאָגט ער:

— פּאַס אויף! דו ביסט יודע, אָבער איך וועל דיך בעסער באַ־האַנדלען. איך ווייס אַלץ, וואָס ער האָט מיט דיר געמאַכט. מ׳האָט מיר אַלץ דערציילט. איך וועל דיך בעסער באַהאַנדלען. איך בין נישט קיין דייטש. איך בין אַ בעלגישער פריייוויליקער.

— גוט, גוט, גוט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען צו פאָרן זיין פרוי. ער האָט זי אַרויסגעפירט אויפֿן פעלד און ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר איר: „דאָס איז אַ געפאַנגענער יודע, אָבער ער איז אַ פלייסיקער מאַן. איך ווייס, אַז ער האָט גוט געאַרבעט״. און צו מיר זאָגט ער אין קעגנוואָרט פון זיין פרוי (זי איז געווען שיין, הויך און יונג): „איך האָב צו דיר אַ ביטע: איך וויל דו זאָלסט דאָ פאַנגען חיות, וואָס זייער פעל איז גוט פאַר אַ פרויען־מאַנטל. איך וועל דיך לערנען, ווי אַזוי צו פאַנגען. די ערשטע זאַך — קראָטן״. ער האָט מיך אויס־געלערנט ווי אַזוי דאָס צו טאָן, ווי אַזוי אַראָפּצונעמען דאָס פעלכל, ווי אַזוי אָנצוציען דאָס פעלכל אויף אַ ברעט און אויסטריקענען. די טרוקענע פעלכלעך וועט ער אַוועקשיקן קיין בעלגיע אויסצו־אַרבעטן. חוץ דעם האָט ער מיך געלערנט, ווי צו כאַפּן טכוירן און האָזן.

איין מאָל האָב איך געפונען אַ גרוב מיט פוקסן. האָב איך די

פאַרנומען מיט דער מאַמען. דער דייטש האָט אויסגעבויט אַ גרויסן שטייג פון דראָט און מ׳האָט זיי דאָרט געהאַלטן. אַ פוקס איז דאָך אַ קלוגע חיה, האָב איך, ביים געבן עסן, געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק. ער האָט געוואָלט די קליינע פיקסלעך אונטערהאַדעווען, כדי דערנאָך אַראָפּצונעמען פון זיי די פעל.

מיין בעל־הבית פלעגט מיר צוואַרפן אַ רעטעכל, אַ מערעלע, אַ ציבעלקע. יענער הונט, דער פריערדיקער גערטנער, אַז אַ גרינס איז אַפילו פאַרדאַרט געוואָרן, האָט ער נישט געוואָלט געבן. אַז כ׳האָב אין דער פרי דערזען, ס׳גראָבט זיך אונטער אַ קראָט, האָב איך די קופּע ערד געגעבן אַ דריי איבער מיט דער לאָפּאַטע, און דעם קראָט, ער איז דאָך בלינד, האָב איך דערהרגעט. כ׳האָב אָפּגעשונדן דאָס פעלכל מיטן פינגער, כ׳זאָל נישט מאַכן קיין לעכעלע, אָנגעצויגן עס אויף אַ ברעט און צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעלעך, ס׳זאָל זיך אויס־טריקענען. דער בעלגישער האָט דאָס געוויזן זיין פרוי, איז זי געווען צופרידן — זי וועט האָבן אַ מאַנטל.

ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן דאָס לעבן. מיט דער צייט האָט מען מיין גערטנער ווידער גערופן אין אַרמיי. איז ער אַריין צו מיר זעגענען זיך, און ער האָט מיר געזאָגט, כ׳זאָל בעטן גאָט, ער זאָל זיך אומקערן אַ לעבעדיקער אַהיים (ביי זיך האָב איך געטראַכט: ווער שוין געהרגעט איידער דו גייסט אַוועק). און ער האָט זיך צע־וויינט. די דייטשן זענען ביי זיך שטאַרק, ווען זיי גייט גוט. טאָמער נישט אַזוי, זענען זיי אומבאַהאָלפן ווי קינדער.



כ׳קער זיך אום צום לאַגער.

אין לאַגער זענען געווען הונדערט דריי און פופציק יידן. דאָרט איז געווען אַ שניידער פון קאַליש גאָלדשטיין מיט זיין פרוי און מיט זייערע צוויי קינדער. זייער מיידל איז געווען שיין ווי די זון. דאָס יינגל פון אַ יאָר זעכצן האָט געפּאַשעט די גענדז. אין לאַגער איז

איך געווען אַ שוחט פון קאַליש. ער האָט זיך געליבט מיט דעם מיידל. און ס׳איז דאָרט געווען אַ גוי, וואָס האָט געקענט דייטש. ער האָט אַוודאי געמוזט זיין פון שלעזיע. האָבן אים די דייטשן גע־מאַכט פאַר אַ פאַסטעך. ער האָט געהאַט צו זאָגן איבער אונדז, ווייל ער האָט געקענט דייטש. האָט דער גוי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב גאָלדשטיינען מיט דער פאַמיליע. די פויערים האָבן געברענגט סחורה אויפצונייען בגדים, און דער פאַסטעך האָט דאָס געלט פאַרן נייען אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע. ער האָט געגעבן גאָלדשטיינס פאַמיליע עסן און טרינקען. ער האָט זי פּראָטעזשירט.

פאַרנאַכט פלעג איך זיך צומאָל טרעפן מיט גאָלדשטיינען. האָב איך אים איין מאָל געזאָגט: „גאָלדשטיין, איר זאָלט וויסן, אַז אונדזער סוף...״ שלאָגט ער מיך איבער: „גאָלדבערג, איר זייט זיך טועה. די דייטשן ווילן ווייזן די אַמעריקאַנער, אַז יידן, וואָס ווילן אַרבעטן, וועט מען לאָזן לעבן. איך גאַראַנטיר אייך, אַז אונדז וועט מען נישט טשעפּען״. זאָג איך: „ווער האָט דאָס אייך געזאָגט? דער פאַסטעך?...״

גאָלדשטיין האָט גענייט פאַר די דייטשן מונדירן. ער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער שניידער. אַז ער האָט אויפגעניט אַ מונדיר, האָט דער דייטש אָנגעקוואָלן. געצאָלט האָט ער נישט. איך פלעג אים זאָגן: „הער גאָלדשטיין, איך קום פון מיידאַנעק. איך בין געווען אין לובלי־נער געטאָ. איר זייט אַרויס פון קאַליש פרי, ווייסט איר נישט דעם אומגליק. מיר וועלן קיינער נישט לעבן. טאָמער רעדט איר זיך איין, טאָמער האָט איר אַ פאַנטאַזיע, אַז מיר וועלן לעבן, האָט איר אַ טעות. איך זאָג אייך, אַז מ׳דאַרף זוכן מיטלען, ווי אַזוי פון דאַנען צו אַנטלויפן, ווי אַזוי צו שאַפן זיך געווער, ווי צו ווערן זיך. מיר זאָלן טאַקע נישט גיין ווי די שעפּסן צו דער שחיטה. לאָמיר כאָטש דער־הרגען אַ דייטש״.

ער האָט גוט אויסגעזען. די קינדער זענען געווען פריש. ס׳האָט קיין עסן ביים פאַסטעך נישט אויסגעפעלט. מילך און סמעטענע. אָבער אַ שונא ישראל איז דער פאַסטעך געווען, גאָט זאָל אָפּהיטן.

מיינע רייד האָבן גאָלדשטיינען צייטנווייז אויפגעצאַפּלט.

איך גוט זענען געווען אויך פינף קריגס־געפאַנגענע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון אַ לאַגער. זיי האָבן געאַרבעט גלייך מיט מיר. זיי זענען געווען פינסקער, ביטערע יונגען. ביטער, וואָס ביטער הייסט. צום ביישפיל: אַז מ׳האָט באַדאַרפט טראָגן זעק פון הונדערט קילאָ, האָב איך געזאָגט, אַז איך קען נישט. האָבן זיי מיך שטאַרק באַליידיקט אויף פויליש (כ׳וויל דאָס זידלוואָרט נישט ברענגען פאַר די ליפּן). זיי האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן. „זשיד און זשיד". זיי האָבן געטראָגן דיער פוילישן אוניפאָרם, אָבער אָפּגעריסן. זיי זענען געווען פלייסיקע אַרבעטער. דער דייטש האָט פון זיי אָנגעקוואָלן, דער פּאַליאַק האָט פון זיי אָנגעקוואָלן, וואָרעם ביי זיי אַ זעקל תבואה צו געבן אַ וואָרף, איז געווען ווי אַ וואָרף טאָן אַ באַלעם, ס׳האָט נישט געשפּילט קיין ראָלע. איך בין געשלאָפן מיט זיי צוזאַמען, און שמוציק און לייזיק זענען זיי געווען גלייך מיט מיר. אַוודאי, אַז ס׳איז געקומען צום לויזן זיך, האָבן זיי מיך געגעבן אַ שטויס אַוועק, זיי זענען געווען בילכער. עסן האָט זיי נישט געפעלט, דער גוי האָט זיי אונטערגע־וואָרפן, ס׳האָט אין אַלגעמיין קיין עסן כמעט נישט געפעלט. מ׳איז נישט געווען פאַרמאַכט, מ׳האָט געקאָנט אַרומגיין פריי. אַז מ׳האָט געהאַט געלט, האָט מען געקאָנט קויפן ביי אַ גוי אַ שטיקל סלאָנינע, אַ שטיקל ברויט. און אונטן, אין קיך, האָט מען געקאָכט, און ווער ס׳האָט געוואָלט, איז געקומען און געגעסן. איך האָב זיך דערנערט מיט וואָס כ׳האָב געקאָנט. ביי דער גערטנערייי האָב איך געהאַט אַ מערעלע, אַ רעטעכל.

כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין העמד. איז איין מאָל געקומען די זשאַנדאַרמעריע פון פּילעוו נאָך תבואה, האָב איך צוגעגנבעט אַ לייוונטענעם זאַק און כ׳האָב זיך פון אים אויפגענייט אַ העמד.

ביי אונדז זענען געווען צוויי שוסטערס און שניידערס, חוץ די מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט, וואָס האָבן געאַקערט, געגראָבן, געשניטן. יידן האָבן דאָרט אויסגעגראָבן אַ גרוב און מ׳האָט זי אויסגעצעמענטירט. דערנאָך האָבן זיי צוגעפירט אַ רער פון שטאָל צו דער גרוב, און די השתנה פון די בהמות איז

אַרײַנגעפּלאָסן דורך דער רער אין גרוב אַרײַן. איך פּלעג צופֿאָרן מיט צװײ פּעסער און אָנשעפּן פֿון דער השתנה (זי איז געװען רײן), און מיט דעם פּלעג איך באַגיסן די פּאָמידאָרן. זענען זײ געװאַקסן זײער הױך. כ׳פּלעג זײ אַלע טאָג דאַרפֿן אונטערבינדן צו די שטעקנס. כ׳האָב זײ גוט באַאַרבעט. כ׳בין אין דער פּלאַנטאַציע געלעגן טאָג און נאַכט.

קײן באָד האָבן מיר נישט געהאַט. אײדער מ׳האָט דעם פֿריִערדיקן מערדער צוגענומען אױפֿן פֿראָנט, האָט מען אין אַ שטיבל (צװײ קילאָמעטער פֿון אונדז), װאָס האָט געהערט צו אַ גױ געמאַכט אַ באָד און אַ פּאַראָװוניע אױסצופּאַרעװען די װעש, װאָס מ׳האָט געטראָגן. מ׳האָט אונדז אױסגעשטעלט צו פֿיר אין אַ רײ און מ׳האָט אונדז געפֿירט אַהין. איך האָב נישט געהאַט קײן כּוח צו גײן. כ׳האָב גע־האָרעװעט בײ טאָג און בײַנאַכט. כ׳בין געפֿאַלן פֿון די פֿיס. בין איך צוריקגעגאַנגען פֿון מיטן װעג. מײן גערטנער איז געשטאַנען אױפֿן באַלקאָן. אַז ער האָט מיך דערזען, איז ער אַראָפּגעגאַנגען. „ביסט געװען אין באָד?" זאָג איך: „יאָ". נעמט ער מיר אַראָפּ דאָס היטל און ער טוט אַ קוק אױף מײנע האָר. די דײטשן האָבן געטראָגן שטיװל מיט פּאָדקעװעס. האָט ער מיר געגעבן אַ קלאַפּ, בין איך אומגעפֿאַלן. האָט ער מיך גענומען קאָפּען מיט די אונטערגעשמידטע שטיװל, מיט די קנאַפּל. ער האָט מיר געמאַכט לעכער אין קאָפּ. דער הױפּטשטורמפֿירער איז אױך געשטאַנען אױפֿן באַלקאָן און ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער סצענע. האָט ער אָנגעהױבן שרײַען: „קאָלאָ, דער יודע איז דאָך שױן פֿאַרטיק. לאָז אים שױן אָפּ". האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. כ׳שטעל זיך אױף און כ׳פֿאַל. ס׳גיסט זיך פֿון מיר דאָס בלוט פֿון אַלע זײטן. „האָסט מיר ליגן געזאָגט! די האָר זענען טרוקן". כ׳האָב זיך קױם אָװעקגעשלעפּט. כ׳האָב זיך געשאַפֿן אַ פֿאַטשײלע בײ אַ גױ און כ׳האָב מיר פֿאַרבונדן דעם קאָפּ.

צו מאָרגנס אין דער פֿרי — ער איז דאָ. „װוּ איז דער הײצער?" זאָגט מען אים: „דער הײצער איז קראַנק". זאָגט ער: „נישט װאָר!" גײ איך צו מיטן פֿאַרבונדענעם קאָפּ. רײסט ער מיר אַראָפּ די פֿאַ־

טשיילע און זאָגט: „היינט וועל איך דיך שיסן. דו האָסט סיפיליס״. זאָג איך: „דו האָסט מיך נעכטן געקאָפּעט. אָט האָסטו די לעבער, וואָס דו האָסט מיר געמאַכט אין קאָפּ מיט די שטיוול״. „דו האָסט סיפיליס״ האָט ער געטאָן אַ געשריי און ער איז אַוועק. ס׳איז דורכ־געגאַנגען אַ שטיקל צייט, און די ווונדן האָבן זיך פאַרהיילט.

דערנאָך איז געקומען דער בעלגישער גערטנער. ער האָט מיך נישט געשלאָגן, ער האָט נישט געהויבן קיין בייטש אויף מיר. ער האָט מיך נאָר געלערנט, ווי אַזוי צו אַרבעטן. איך האָב אים אויך געלערנט, ווייל איך האָב שוין געקאָנט די אַרבעט בעסער פון אים. כ׳האָב אים דערציילט, אַז איך גיי בייּנאַכט אין וואַלד און גנבע האַלץ און כ׳הייץ מיט דעם דעם אויוון. ער איז געווען צופרידן. ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען בייּנאַכט קאָנטראָלירן. ער האָט געהאַט צו מיר צוטרוי. כ׳פלעג אים זונטיק אָפּפוצן די שטיוול, האָט ער מיר עפּעס געגעבן. זיין פרוי איז דאָרט אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן. זי פלעגט אַרויס־קומען און אויסריידן צו מיר אַ פּאָר ווערטער.

אַ געוויסן טאָג קומט אַריין צו מיר דער גערטנער, מיין בעסטער פריינד. (איך בין כמעט נישט געשלאָפן. כ׳בין געשלאָפן אַ צוויי שעה אַ נאַכט. כ׳האָב געהאַט אַ געפיל, אַז מ׳וועט נישט לעבן. ס׳איז מיר נאָכגעגאַנגען דער מלאך־המוות). זאָגט ער: „דו גייסט נישט אַרויס די נאַכט אַרבעטן. דו שלאָפסט נישט. איך זע דיך, דו גייסט אַרום בייּנאַכט. די נאַכט זאָלסטו נישט אַרויסגיין״. פרעג איך: „פאַרוואָס?״ זאָגט ער: „די פּוילישע קומען אַהער גנבען פלאַנצן. וויל איך זיי כאַפּן. אַז דו וועסט זיין, טויג נישט. דו פאַרשפּאַר זיך איינעווייניק״. בייּנאַכט פלעגט מען דאָך די יידן צוריקפירן אין געטאָ אַריין. אין הויף בין איך געווען, גאָלדשטיין, די פינף פלעניקעס, די שניידערס און די שוסטערס. האָב איך געזאָגט צו די יידן פון געטאָ: „קינדער, ער האָט מיר געהייסן די נאַכט נישט אַרויסגיין. די נאַכט וועט מסתמא זיין אַ ,חופה׳. איר זאָלט געדענקען״.

בייּנאַכט, איך שלאָף נישט. כ׳קוק אַרויס דורכן פענצטערל און כ׳זע, אַז עפּעס רודערט זיך אין דער שטילקייט. אין דער פרי בין איך

געוויר געוואָרן, אַז דער בעלגישער האָט געבעטן גלעזנבאַטשיקן, מ'זאָל דערוויילע נישט טשעפּען די יידן, ווייל ס'גייט צו שניטצייט, און מ'דאַרף האָבן הענט צו דער אַרבעט. האָב איך שוין געוווּסט, אַז דער בראָך איז נישט ווייט. האָב איך געזאָגט: „גר' גאָלדשטיין ?... זאָגט ער: „ע, ס'חלומט זיך אייך". גייט אַדורך נאָך אַ שטיקל צייט. ס'איז שוין נאָכן שניט, מ'האָט זיך אויסגעלערנט די תורה פון שניידן אויך. און די פינף פלעניקעס האָבן געזאָגט: „אונדז וועט מען גאָר נישט טאָן. מיר זענען פון דער פּוילישער אַרמיי, אָבער די יידן..."

און מיר גייט נאָך דער שטן: מ'וועט נישט לעבן. אין יענע טעג האָב איך געהערט, אַז ס'איז דאָ אַ גרופּקעלע, אַז דער און דער גייען אַרום אין וואַלד. זיי קומען נאָך צוריק. אָבער איך האָב שוין נישט געקאָנט רוען.

אין איינעם אַ שבת אין דער פרי האָב איך אויסגעטאָן מיין מאַרינאַרקע (ווען מ'האָט מיר געהייסן אָוועקגעבן מיין פוטער, האָב איך אונטערגעניט מיין מאַרינאַרקע מיט מיין טאָכטערס אַ קליינע קאָלדרעלע). איך האָב אַראָפּגענומען די מאַרינאַרקע פון דער קאָל־דרעלע און כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן מיט דער ווידלע. כ'טו אַ קוק — ס'גייט אַהרן דער שוסטער. זאָג איך: „אַהרן, וואָס גייט איר דאָ? איר דאַרפט דאָך זיצן ביים וואַרשטאַט". זאָגט ער: „מ'האָט מיר געהייסן גיין צו אייך און וואַרפן דאָס מיסט". טראַכט איך: יידן שיקט מען צו מיר וואַרפן מיסט? ס'איז נישט קיין גלאַטיקער גוט־שבת. „מיר זענען פאַרטיק", זאָג איך. רופט ער זיך אָן: „איי, וואָס איר טראַכט אויס!" אַזוי ווי מיר ריידן, זע איך — מ'האָקט שוין מיט קאָלבעס איבער די קעפּ, און ס'שטייען שוין לאַסט־מאַשינען מיט פלאַטפאָרמעס. און איך ווער שוין בלינד — כ'דערקען נישט די יידן פון לאַגער. כ'דערקען נישט!... נאָר באַלד האָב איך דערזען פון דער ווייטנס אַ באַקאַנטע קורטקע, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַ רוסישן שינעל. זאָג איך: „דאָס איז נישט אַמאָל תנחום־משהס קורטקע? מ'שיקט זיי אַוועק! מ'גייט זיי דערהרגענען!!" האָב איך אַריינגעשטעקט די ווידלע אין דער קופּע מיסט און כ'בין אַוועק. האָט

דאָס געזען מאַניעק, דעם פוילישן גערטנערס זון. זיין טאַטע וואָלט באַצאָלט פאַר אַ יידן, וויפל מ׳וואָלט געפאָדערט, אַבי ער זאָל זיין טויט. און דער זון איז נאָך געווען בעסער פון טאַטן. אַזוי ווי איך בין אַוועק, קומט אָן דער „דאַרער״. איך האָב אָפּגעריסן אַ צווייגל פון אַ בוים, כ׳בין געגאַנגען און געקוקט אויפן שאָטן אויף דער ערד. אַז די זון שיינט פון הינטן, זעסטו פאַר זיך דעם שאָטן פון דעם, וואָס גייט דיר נאָך. איך גיי און זע לויטן שאָטן, אַז מ׳גייט מיר נאָך. דריי איך זיך נישט אויס. כ׳גיי געלאַסן, כ׳אייל זיך נישט. אַז כ׳האָב געזען, אַז דער פון הינטן איז שוין נאָענט, האָב איך זיך אַ דריי אויס געטאָן צום פעלד, פון וועלכן מ׳האָט אַראָפּגענומען דאָס קרויט. ווען מ׳נעמט אַראָפּ די קעפּלעך קרויט, בלייבן שטעקן אין דר׳ערד די וואָרצלען. איך קוק זיך אַזוי צו צו די וואָרצלען. הער איך: „הייצער!״ דריי איך זיך אויס: „יאַוואָל״. און ער נעמט אַרויס דעם רעוואָלווער: „גייסט אַוועק? ווילסט אַנטלויפן? מאַניעק האָט מיר געזאָגט״. זאָג איך: „הער אונטערשטורמפירער, איך וועל אַנטלויפן? איך וועל קריגן אַ בעסערן אַרבעטספּלאַץ ווי דאָ? כ׳בין געקומען באַקוקן דאָס פעלד און זען, וואָס מ׳דאַרף דאָ פאַרזייען״. „קוואַטש! ס׳איז ליגנט! דו האָסט געוואָלט אַנטלויפן״. און ער הייסט מיר גיין צוריק. גיי איך. ער האַלט דעם רעוואָלווער ביי מיין קאָפּ. איך פיל שוין די קויל אין קאָפּ. אים האָט מען געמעגט גלייבן אויפן וואָרט. אַז ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט שיסן, האָט ער אויך געשאָסן. אַז ער האָט געטראָפן אַ מיידל, האָט ער איר אונטערגעהויבן ס׳קליידל, און אויב דאָס מיידל איז געווען שמוציק, האָט ער זי געשאָסן. איך פיל די לופע פון רעוואָלווער ביים האַלדז. הער איך — ער רעדט: „אַלע יידן גייען אַוועק און דו בלייבסט. דו ביסט אַ פלייסיקער אַרבעטער. איך האָב דיך גערן״. כ׳גלייב נישט מיינע אייגענע אויערן. חלומט זיך דאָס מיר? בין איך שוין געשאָסן? לעב איך נאָך? דער מערדער זאָל אַזוי ריידן צו מיר?! כ׳האָב נישט געקאָנט גלייבן. ווער ס׳האָט געאַרבעט ביי אים, וואָלט נישט געקאָנט גלייבן. און מיר גייען אַזוי און גייען. כ׳בין געקומען צו מיין פּלאַץ און כ׳זע אַז איך לעב און

ער זאָגט: „וואַרף אַוועק דאָס שטענגל און נעם זיך צו דער אַרבעט. אַלע יידן גייען אַוועק און דו בלייבסט. דו וועסט באַקומען בעסערע פּלעגונג און דו בלייבסט״. ער איז אַוועק. רבונו של עולם! איז דאָס אמת? קאָן דאָס זיין, ער זאָל מיך לאָזן לעבן? נאָך דעם ווי מאַניעק האָט אים געזאָגט, אַז כ׳בין אַנטלאָפן? נעם איך די ווידלע און הייב אָן אַרבעטן, און כ׳זע: מ׳האַקט מיט די קאָלבעס איבער די קעפּ. די געוויינען זענען ביזן זיבעטן הימל. און דער אהרן, די בהמה, שטייט לעבן דעם מיסט און באַקלאָגט זיין גורל. האָב איך איבערגעלאָזט די מאַרינאַרקע און אַלץ וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט, כ׳בין אַריינגעשפּרונגען אין טייך און פון דאָרט בין איך אַוועקגעלאָפן אין אַן אַנדער ריכטונג, אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין. קיין לעבע־דיקער גיי איך נישט צוריק אין מיידאַנעק.

כ׳האָב געוווּסט, ווהין איך לויף. כ׳האָב געוואָלט צוקומען צו די פּוילישע פעלדער. דעמאָלסט זענען געשטאַנען אויף די פעלדער די סנאָפּעס פון דער אָפּגעשניטענער תבואה. אַז כ׳וועל אָפּלויפן אַ פּאָר קילאָמעטער און כ׳וועל זיך געבן אַ רוק אַריין צווישן די סנאָפּעס, בין איך דאָך כשר! כ׳בין אָפּגעלאָפן אַ פּאָר קילאָמעטער. דאָס אָרט האָב איך געקענט, ס׳האָט געהערט צום דאָרף קראַשינין. האָב איך זיך אַוועקגעלייגט צווישן די סנאָפּעס. ס׳האַרץ קלאַפּט פון שרעק, פון הונגער.

אַז כ׳האָב זיך אָפּגעטריקנט, האָב איך זיך אויפגעהויבן, כ׳האָב דערזען אַ בוים מיט ווײַנשל, האָב איך אַריינגעלייגט אַ פּאָר אין מויל. זע איך, ס׳גייען גוים און ריידן: „ער איז פון יאַסטקאָוו. ער איז אַנטלאָפן״. זאָג איך: „אמת״. זאָגן זיי: „קיין יידן זענען שוין נישטאָ. ס׳איז פּוסט״. כ׳האָב דערהערט „פּוסט״, בין איך ווידער אַנטלאָפן. אָבער ביינאַכט האָב איך געמוזט דורכגיין צוריק דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן כ׳בין געקומען אַהער. ווייל פון דאַנען האָב איך נישט געקאָנט גיין ווייטער: כ׳האָב געפילט, אַז מ׳גייט דאָ אַרום מיט געווער און מ׳היט. כ׳האָב ווידער געמוזט דורכגיין דעם גוט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין ברירה. כ׳האָב געהערט בילן די הינט פון גוט. כ׳האָב ריזיקירט

מיטן לעבן און כ׳בין דורכגעגאַנגען. כ׳האָב געטראָפן עטלעכע יידן, וואָס זענען אויך אַנטלאָפן. כ׳האָב געטראָפן דאָס מיידל סלאַווע, וואָס האָט אויך געאַרבעט אין גוט. די יידן האָבן שוין דאָרט געהאַט אַ בונקער פאַר טיפוס־קראַנקע. זיי האָבן געמאַכט אַ גרוב אין אַ פעלד פון אַ גויע, וואָס איר מאַן איז געווען אין פראַנקרייך אויף אַרבעט, און זי איז פאַרבליבן מיט אַ שייגעצל און מיט אַן עלטערן זון. די גרוב איז געווען געמאַכט אַזוי, אַז מ׳האָט געדאַרפט אַראָפּבריענגען אַמאַ־טאָרן דאָס אָנצוקוקן. פון גרוב האָט געפירט אַ טונעל, און פון דעם טונעל האָט מען געדאַרפט קריכן אויף אַלע פיר אין אַ צווייטן טונעל אַריין, וואָס האָט געפירט צו אַ טיפער גרוב, און פון דער גרוב ווידער אַ טונעל צום בונקער. קיין דייטש האָט נישט געקאָנט טרעפן אַהין. די גויע האָט אַראָפּגעטראָגן עסן. אין בונקער זענען געלעגן קראַנקע און עלטערע מענטשן. איך בין דאָרט אויך געווען אַ שטיקל צייט. אין בונקער איז געווען נחום (ער האָט אַ ברודער אין ראשון) מיט אַ יונגער פרוי.

מיר זענען דאָרט געווען דריי גרופעס: די מאַרקאָשעווער, די בעלזשעצער און די קאַמינקער גרופע. איך בין צוגעשטאַנען צו דער בעלזשעצער גרופע. זי איז געווען אַן געווער. דעצידירט האָט די מאַרקאָשעווער גרופע, ווייל זי האָט געהאַט געווער. אין דער בעל־זשעצער גרופע זענען געווען אַ פאָר יינגלעך. איינער אַ שוחטס אַ זון, און איינער סטעפאַן. ער לעבט היינט אין בראַזיל. זיין פאָטער האָט געהאַט אַ פאָלוואַרק פון פופּציק מאָרג, וואָס ער האָט צוגענומען ביי אַ פריץ פאַר חובות.

די שיקסעס זענען נאָכגעלאָפן די פאַרטיזאַנער. אַז מ׳האָט גע־הערט, אַז ס׳קומען פאַרטיזאַנער, איז ביינאַכט געווען אַ חתונה פון שיקסעס. זיי האָבן געטאַנצט, געזונגען און געשפּרונגען. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דאָס זענען יידן. דער סטעפאַן האָט באַקענט אַ שיקסע און ער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט פופציק מאָרג פעלד, און אויב ער וועט איבערלעבן, וועט ער חתונה האָבן מיט איר, און דאָס וועט זיין איר פאָלוואַרק. נאָר וואָס? „קאָפּע אויס אַ גרוב און באַהאַלט

אונדזער גאַנצע גרופּע". מיר זענען געווען עטלעכע און צוואַנציק ייִדן. מיר האָבן אויסגעקאָפּעט צוזאַמען מיט דער שיקסע אַ גרוב אַנטקעגן דעם בונקער, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער גויע. סטעפאַן פלעגט לאַכן: „כ'האָב זי אין דר'ערד. לאָמיר נאָר איבערלעבן".

דערווייַלע האָט אין יענער גרוב געוואָוינט פאַנעווען דער טיפוס. די סלאַווע, וואָס איז פריִער געווען אין לאַגער, איז משוגע געוואָרן. זי איז אַראָפּ פון זינען, איז זי געלאָפן און האָט דערציילט די דייטשן, אַז ס'זענען דאָ באַהאַלטענע ייִדן. די דייטשן האָבן דאָך זי געקענט פון לאַגער. האָבן זיי אָבער מורא געהאַט אַריינצוגיין אין דאָרף אַריין. האָבן זיי גערופן די זשאַנדאַרמעריע פון לובלין. ס'ערשטע האָבן זיי געמאַכט אַ סך פאָטאָגראַפיעס פון בונקער. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַזוי מענטשן האָבן אַזוינס געקאָנט מאַכן. דערנאָך האָבן זיי דערשאָסן די גויע מיטן שייגעצל, מיט די חזירים און אונטערגעצונדן די שטוב. איר עלטערער זון איז נישט געווען אין שטוב. מיר האָבן פון אונדזער גרוב געזען דאָס פייער. ס'איז נישט געווען ווייט פון אונדז. ביינאַכט איז אַריינגעקומען דער שיקסעס מאַמע און האָט אָנגעהויבן שרייען: „יעזוס ליבער, גייט אַרויס! זעט וואָס עס טוט זיך ביי דער סמאָלסקי!"

בייטאָג וועלן מיר דאָך נישט גיין, זענען מיר אַרויס ביינאַכט. אָבער וווּהין גייט מען? די מאַרקאָשעווער גרופּע, וואָס איז געווען באַוואָפנט, איז אַוועק. ווען מ'האָט דעפּאָרטירט מאַרקאָשעוו, זענען אַנטלאָפן אַ זיבן־אַכט הונדערט ייִדן. לעבן מאַרקאָשעוו איז דאָ אַ דאָרף וואָליאַ־פשעוואָסלאַווסקאַ, אַן אָרעמער דאָרף. דער באָדן — טאָרף. זיי האָבן געהאַט נאָר לאָנקעס. זענען די דריי הונדערט פינף און זעכציק פויערים, וואָס האָבן דאָרט געלעבט, געווען אָרעם ווי די נאַכט. אַז די מאַרקאָשעווער ייִדן זענען געקומען אין וואַלד אַריין, האָבן זיי זיך אויסגעגראָבן גריבער און זיי האָבן זיי גוט פאַרמאַסקירט. ביינאַכט פלעגן זיי אַרויסגיין און גנבען ביי די גויים. זענען די גויים אַוועק און האָבן דערציילט דער זשאַנדאַרמעריע. אָבער די זשאַנדאַרמעריע האָט זיי נישט געפונען. איז צופעליק אַרויס אַ שוחט אין דרויסן און

זיי האָבן אים געכאַפּט. האָט ער זיי אַרומגעפירט און אָנגעוויזן אויף אַלע לעכער. פון די אַכט הונדערט יידן איז געבליבן לעבן איין מיידעלע. די זשאַנדאַרמעריע האָט קיינעם נישט דערהרגעט. זי האָט אָנגעצונדן שטרוי און אַריינגעשטופּט אין די לעכער. זענען די יידן דערשטיקט געוואָרן פון רויך. דאָס קינד איז געווען אין דרויסן, איז עס געבליבן לעבן, און אַ גויע האָט עס געפונען. איז זי אַוועק אין זשאַנדאַרמעריע און געזאָגט, אַז אַ מיידעלע איז געבליבן. האָט איר דער זשאַנדאַר געזאָגט: „כ׳וויל נישט אָנמאַכן קיין שנאה צווישן אייך. איר זייט דריי הונדערט פינף און זעכציק פאַמיליעס. זאָל דאָס קינד שלאָפן יעדע נאַכט ביי אַן אַנדער פאַמיליע. איך וועל אייך געבן קאַרטן דערויף (דעמלסט האָבן די דייטשן צוגעטיילט שפּייז־קאַרטן). אַז איינער וועט עס האַלטן, וועט מען אים מסרן. אָבער ווען יעדערער וועט האַלטן דאָס קינד איין טאָג אין יאָר, וועט מען נישט מסרן". האָט יעדער גוי געמאַכט אַ שעניקל, און דאָס מיידעלע איז יעדע נאַכט געשלאָפן ביי אַן אַנדער גוי.

כ׳בין אַ מאָל אַריינגעגאַנגען צו אַ גוי (דאָס איז שוין געווען שפּעטער), זאָגט ער צום מיידעלע: „אָט איז געקומען דיין פעטער". כ׳זע, ס׳זיצט אַ מיידעלע אויף אַ שעניקל און די גויע שמירט אַן מיט מאַשטש אירע קרעצלעך. זאָגט די גויע: „דו ווייסט, דאָס איז אַ יידיש קינד". זאָג איך: „פון וואַנען?" זאָגט זי מיר נאָך אַ מאָל: „דאָס איז אַ יידיש קינד", און זי דערציילט מיר, ווו מ׳האָט עס געפונען, און אַז יעדע נאַכט געפינט זיך עס ביי אַן אַנדער משפחה.

נאָכן ליקווידירן דעם לאַגער זענען פאַרבליבן אין גוט די פינף קריגסגעפאַנגענע, די גאָלדשטיינס, דאַוושטע און יאַנקל דער שמיד. דער גערטנער האָט דערזען, אַז איך בין נישטאָ, האָט ער איינעם גע־געבן אַ פערד און געזאָגט: „איך בעט דיך, טו מיר אַ טובה, לויף, זוך דעם הייצער. זאָג אים, אַז כ׳וועל אים געבן טאָפּלט עסן. כ׳וועל אים זייער גוט באַהאַנדלען. די גויים וועלן דאָך אים דערהרגען! פאַרוואָס איז ער אַנטלאָפן? אים איז דאָך גוט געווען ביי מיר. זאָל

ער צוריקקומען". הכלל, מ'האָט מיך געפונען און דערציילט די מעשה. זאָג איך: „איך וועל צוריקגיין? אין דר'ערד זאָל ער גיין!"

אַ געוויסן זונטיק איז אַראָפּגעקומען די זשאַנדאַרמעריע פון לובלין. זי האָט געהייסן גאָלדשטיינען אויסקאָפּען אַ גרוב און זי האָט אים געשאָסן מיטן ווייב און מיט די קינדער. די פּלעניקעס האָט מען נאָך איבערגעלאָזט. אַ ביסל שפּעטער האָט מען זיי (חוץ איינעם, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם) געהייסן אויסגראָבן אַ גרוב, און מ'האָט צונויפגערופן די אָרטיקע גויים זיי זאָלן זיך צוקוקן, און מ'האָט זיי דערשאָסן. אונדזער גרופּע האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרט, און מיר האָבן אַלץ געוווּסט. די פּאָליאַקן האָבן אונדז צוגעטראָגן די גוטע נייעס.

דאָס דאָרף, וואָס האָט געמסרט די מאַרקאָשעווער יידן, איז געווען אַ קאָמוניסטישער. האָבן מיר אָנגעשלאָסן מיט די גויים קאָנטאַקטן, און מיר זענען אַריינגעקומען אין דאָרף אין מיטן העלן טאָג מיט די ביקסן. ס'זענען געווען דערפער, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו יידן נישט שלעכט, אויב מ'האָט דאָרט קיין זאַך נישט געטשעפּעט. אָבער מ'האָט דערביי געדאַרפט אַרויסווייזן אַ שטאַרקע האַנט. ס'זענען געווען פאַלן, ווען מ'האָט געדאַרפט ברענען און שיסן. האָבן די גויים מורא געהאַט. כ'האָב שוין דערמאָנט, אַז פאַר שומאַנסקין איז אין יאַסטקאָוו געווען ווויט האַלי. ער האָט פיינט געהאַט די דייטשן שנאת־מוות. האָט ער אָרגאַניזירט גויים, אַקאָוצעס, און ער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז קיין יידן זאָל מען נישט טשעפּען. ער האָט אונדז אָנגעפאַרטרויט דעם פּאַראָל: „דער קאָמענדאַנט טרעט אַרויס". אַז זיינע פּאַרטיזאַנער האָבן עמיצן געכאַפּט ביינאַכט, און ער האָט זיי געזאָגט דעם פּאַראָל, האָט מען אים גאָרנישט געטאָן. אַ ליאַדע וואָס פלעגט מען לויפן באַקלאָגן זיך פאַרן ווויט. ער איז געווען אַ גאַנץ אָרנטלעכער מאַן. די דייטשן האָבן אים כסדר געזוכט. האָט ער נישט געגעכטיקט אין שטוב. ער איז געווען מיט אונדז.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן כל זמן האַלי האָט געקיניגט. ווען ער האָט שוין נישט געקיניגט, האָבן די רייכע שקצים, וואָס האָבן זיך

אויסגעלערנט אַ ביסל יידיש, אָנגעטאָן אונדז צרות. זיי פלעגן ביי־נאַכט אַרויסגנבענען ביי אַ פויער אַ חזיר, און זיי האָבן דערביי געשריִען: „יאַנקל, משה, קום אַהער!". אַז דער גוי איז אַרויסגעלאָפן און ער האָט דעם חזיר נישט געפונען, האָט ער געזאָגט: „דאָס האָבן די זשידעס צוגעגנבעט". די שקצים האָבן דערשטאָכן דעם חזיר און האָבן פאַרקויפט דאָס פלייש. אַזוי אַז די ערשטע צייט, ווען מיר פלעגן אַריינגיין אין דאָרף, פלעגן די גוֹיים אַרויפגייִן אויפן דאַך און אָנהויבן קלינגען (זיי האָבן צוליב די גניבות צוגעגרייט גלאָקן): „די באַנדע איז געקומען!" אונדזער קאָמענדאַנט איז דעמלסט געווען יעגער, אַ פּליעניק. ווען דער גוי איז אַרויף קלינגען, האָט ער אַריינגעשאָסן אים אַ קויל אין האַנט און ער האָט געזאָגט: „דערווייל־האָט מען דיר אָפּגעשאָסן אַ האַנט, אַ צווייטן מאָל וועט מען דיר אָפּשיסן דעם קאָפּ". האָבן די גוֹיים מורא געקריגן, און זיי האָבן אויפגעהערט קלינגען. די ערשטע צייט, ווען אַ גוי האָט געמסרט, האָט מען אים אונטערגעצונדן. אַזוי אַרום האָט מען זיי איינגעביסן, און מ׳האָט זיך איינגעלעבט.

אין דאָרף, וואָס האָט געמסרט די מאַרקאָשעווער יידן, האָבן מיר געברענגט פון אַ בראָנפן־בראָוערײַ צוויי פעסער בראָנפן און געזאָגט צו די פויערים: „נעמט!" זענען זיי געקומען צו לויפן מיט פלעשער און האָבן צעקוואַלענע געזאָגט: „די באַנדע האָט דאָס געבראַכט". האָט מען אונדז געטראָגן אויף די הענט. אַז מיר האָבן געדאַרפט צוויי חזירים, האָט מען אונדז גענומען אין אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן אַ זיבעציק קילאָמעטער פון אונדז. מיר האָבן זיי געבראַנגט אין דאָרף אַריין, און מיר האָבן געגעבן איין גוי אַ שטיקל פלייש, אַ צווייטן גוי אַ שטיקל פלייש, און מיר אַליין האָבן אויך געהאַט צו עסן. אַז מ׳האָט באַדאַרפט אַנטלויפן, פלעגן מיר צופאָרן אין אַ דאָרף, ווו ס׳איז פאַר־געקומען אַ חתונה (פופציק־זעכציק קילאָמעטער פון אונדז), הייסן די גוֹיים אויסלייגן זיך אויף דר׳ערד, און מיר האָבן פון זיי אַראָפּגענומען די גוטע שטיוול, מיט די גוטע פעלצן, און מ׳איז אַוועקגעפאָרן. דער־פאַר האָבן אונדז די דערפער, ווו מיר זענען אַרומגעגאַנגען נישט

געמסרט. איינס, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר אונדז. צווייטנס, זיי האָבן געגאָסן פֿון אונדז. אַז כ׳האָב געדאַרפֿט אָפּקאָכן אַ זופּ, (איך בין געווען דער קוכער), האָב איך געפֿרעגט ביי אַ גויע, צי זי וויל מיר פֿאַרקויפֿן אַ הון. כ׳האָב איר באַצאָלט, וויפֿל זי האָט געבעטן. כ׳האָב נאָך געקויפֿט ביי איר אַ קילאָ מעל אויף פֿערפֿל, צו לאָקשן, און כ׳האָב אָפּגעקאָכט. מיר האָבן אָפּגעגעסן, די גויע האָט אָנגעוווּנטשן און מיר זענען אַוועקגעגאַנגען. מיר האָבן פֿאַר אַלץ געצאָלט. איין מאָל האָט איינער פֿון אונדז צוגענומען אַ פּאַטשיילע, האָבן מיר אים געשאָסן.

מיט דער צייט האָבן מיר אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיט די פּוילישע קאָמוניסטן. זייער פֿירער, וואַצעק סמאָליוך, איז געזעסן אין וואָליאַ־פּשעוואָסלאַווסקאַ. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער. מ׳פֿלעגט אים אַראָפּוואַרפֿן פֿון אַן עראָפּלאַן ציטונגען. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער אונדז צוזאַמענרופֿן אין וואַלד, צי זומער, צי ווינטער, און ער פֿלעגט אָפּגעבן אַ באַריכט פֿון דער לאַגע אויף די פֿראָנטן. ביינאַכט, אַז מ׳לייגט צו דאָס אויער צו אַ מעשזע, הערט מען פֿון צענדליקער קילאָמעטער ווייט דעם קנאַל פֿון די באָמבעס. אַזוי זענען פֿאַרגאַנגען די טעג און די חדשים. האָט גאָט געהאָלפֿן און כ׳בין קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע. דאָס איז אַ וויסטע קרענק. ס׳וואַרפֿט אין קדחת. אין רוסלאַנד האָב איך שפּעטער געהערט, אַז ווען אַ קראַנקער אויף מאַלאַריע טרינקט אויס אַ גלאָז אייגענע השתנה, ווערט אים בעסער. אָבער ווער האָט געוווּסט פֿון דעם? האָט מיך די מאַלאַריע געוואָרפֿן און געשליידערט. ווען כ׳בין באַ־פֿרייט געוואָרן, האָב איך שוין געהאַט דורכגעמאַכט 2 מאָל מאַלאַריע.

צווישן אונדזערע יידישע פּאַרטיזאַנער זענען געווען זייער „איי־דעלע יונגען". מ׳האָט נישט געטאָרט ריידן און מ׳האָט זיך נישט געטאָרט קלאָגן. טאָמער האָט איינער אַ קרעכץ געטאָן, האָט מען אים געגעבן אַ קויל אין קאָפּ אַריין. ווער דאַרף אים האָבן? ווער וועט זיך מיט אים שלעפּן? נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר זיינעטוועגן. אומעטום

זענען דאָ גרויסע און קליינע, רייכע און אָרעמע, יחסנים און סתם מענטשן, ביי די פּאַרטיזאַנער איז אויך אַזוי געווען.

אַז מיר האָבן זיך געניטיקט אין פליישׁ, זענען מיר צוגעפאָרן צו אַ פאָלוואַרק ביינאַכט און מיר האָבן אָנגעקלאַפּט צום אַדמיניס־טראַטאָר. איז ער אַרויסגעקומען און מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר דאַרפן צוויי קי און צוויי חזירים. זאָגט ער: „גיט מיר אַ קוויטל אויף פיר קי און פיר חזירים, כ׳זאָל אויך עפּעס פאַרדינען. די דייטשן האָבן אָנגענומען אונדזערע קוויטלעך. איך בין געווען דער קצב. האָב איך אויסגעקליבן צוויי גוטע קי און צוויי חזירים. מ׳האָט זיי באַלד אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ און זיי זענען געפאַלן טויטע. מיר זענען געקומען מיט דריי־פיר פּאָר פערד איינגעשפּאַנט אין שליטנס. האָב איך אַ קלאַפּ געטאָן אַ חזיר, כדי צו זען צי ער לעבט נאָך, האָט זיך מיר אָפּגעריסן די זויל פון שטיוול. בין איך געבליבן כמעט באָרוועס. האָב איך געבעטן ביי נאַטשאַלסטווע אַ פּאָר שטיוול. האָט מען מיר געזאָגט: „גיי דערוויילע אין שמאַטעס". בין איך אין גרעסטן פראָסט געגאַנגען די פיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס. די נאַטשאַלניקעס האָבן געטראָגן שיינע שטיוועלעך.

ווי געזאָגט, בין איך געווען דער פאַכמאַן. אָבער מ׳האָט נישט געדאַרפט זיין קיין פאַכמאַן. מ׳האָט די קו דערהרגעט, מ׳האָט זי אָפּגעשונדן און די פעל האָט מען פאַרקויפט. ס׳זענען געווען אויף דעם געגנט קונים. ס׳פליישׁ האָט מען צעהאַקט אויף שטיקער. מיר האָבן געהאַט ביי אַ גוי צוויי גריבער מיט פעסער. האָט מען אַהין אַריינגעלייגט דאָס פליישׁ. אַז מ׳האָט געדאַרפט פליישׁ צום עסן, האָט מען עס אַרויסגענומען פון די פעסער. וואָרעם אין אַ גרוב קאָן זומער ליגן פליישׁ ווי אין אַ קעלער. חזיר־פליישׁ קאָן ליגן נאָך לענגער.

אַז כ׳בין אַלץ געגאַנגען אָן שטיוול, האָב איך כסדר געבעטן: „קינדער, גיט מיר אַ פּאָר שטיוול". האָט מען מיר איין מאָל געענט־פערט: „דו האָסט געלט. גיב אַהער אַ גאָלדשטיקל, וועסטו האָבן אַ פּאָר שטיוול". אָבער ס׳זענען צווישן די פּאַרטיזאַנער געווען אויך גוטע מענטשן. ס׳זענען געווען צוויי פלעניקעס, וואָס איך האָב אַרויס־

גענומען פון ליפּאָווע, און זיי האָבן דאָס געדענקט. אַז מ׳האָט מיך געפּייניקט, זענען זיי אַריין צו נאַטשאַלסטווע און זיי האָבן דאָרט געמאַכט אַ דרייגאָרנדיקן „מי שברך״ אויף פּויליש: „ער האָט אונדז געראַטעוועט! ער האָט אונדז אַרויסגענומען פון ליפּאָווע!״ אָבער גיין צו זיי בעטן, זיי זאָלן זיך אַריינמישן אין דעם ענין פון די שטיוול, האָב איך נישט געוואָלט. אַזוי נידעריק האָב איך זיך נישט געוואָלט מאַכן.

אין איינעם אַ טאָג זענען מיר דערגאַנגען אַזש צום בעלזשעצער קאַנט, און מ׳האָט דאָרט געפּאַקט אַ פּאָר שטיוול אויף גומענע פּאַדעוושעס. מיר זענען דאָרט נישט פאַרבליבן. מיר זענען געגאַנגען ווייטער. וואָס איז געווען דאָס גיין? צו אונדז זענען געקומען רוסישע געפאַנגענע פון סקאַרזשיסק און פון ראָדעם. די פּאָליאַקן האָבן זיי אָנגעוויזן וווהין צו גיין: „דאָרט זענען דאָ יידן קאָמוניסטן״. צווישן די רוסן זענען געווען אָפיצערן, אויסגעפּאַשעטע. יענע פּאָניעס! זיי האָבן באַלד געטענהט: „מ׳דאַרף קעמפן מיטן דייטש. מיר זענען אַנטלאָפן פון סקאַרזשיסק, ווייל מיר ווילן קעמפן״. די פּאָניעס זענען געווען אַזעלכע אַנטיסעמיטן, אַז ווי באַלד זיי האָבן דערפילט אַז די יידן פאַרמאָגן נישט קיין כוח, האָבן זיי אויסגעשאָסן אַלע יידן. האָבן מיר דאָך נישט געוואָלט דערלאָזן, זיי זאָלן זיך צעשפּרייטן, זענען מיר אַרומגעגאַנגען מיט זיי אַ שטיקל צייט און מיר האָבן זיי געפירט אַלץ נענטער צום בוג, נענטער צו רוסלאַנד. זיי זענען געווען אמתע קעמפער. אָ־האָ! פון זייערע הענט איז קיינער קיין לעבעדיקער נישט אַרויס.

דער אַנטיסעמיטיזם צווישן די גרופּעס אין וואַלד איז געווען אַזוי ווי פריִער, אפשר נאָך ערגער. איין מאָל גייענדיק מיט דער גרופּע אין וואַלד, האָב איך דערפילט, ס׳ווערט מיר נישט גוט. כ׳האָב דערפילט, אַז איך פאַל. און כ׳בין געפאַלן. מיינע נענטערע באַקאַנטע פון דער גרופּע, האָבן מיך גענומען פירן אונטער די הענט. און איך שלעפּ די פיס. בכלל בין איך אַ קנאַקער, כל זמן כ׳האָב נישט קיין היץ. קריג איך היץ, בין איך אויס מענטש. ליג איך און כ׳האָב מער

מוראַ פֿאַר אַ קויל פֿון די פּאַרטיזאַנער ווי פֿאַרן דײַטש. וואָרעם ווו וועלן זיי מיך שלעפּן, דעם פּגר? הכלל, כ׳שטרענג זיך אָן און כ׳גיי מיט די לעצטע כּוחות. מ׳קומט צו צו אַ גוי. פֿרעגט מען אים, וויפֿל וועט ער נעמען פֿאַר האַלטן מיך אַ פּאָר טעג. „ער איז קראַנק געװאָרן”. זיי וועלן קומען אָפּנעמען מיך. זאָגט דער גוי: „כ׳האָב נישט קיין אָרט. כ׳האָב אַ חזיר־שטאַל, קאָן איך אים אַהין אַרײַננעמען. זיי האָבן מיך אַרײַנגעלייגט אין שטאַל לעבן צוויי חזירים און מ׳האָט ביי מיר צוגענומען די ביקס און מ׳האָט מיר געגעבן אַ רעוואָלווער. ביינאַכט חלומט זיך מיר אָן עפּעלע. און דער ריח פֿון עפּעלע איז אַזוי שאַרף, אַז כ׳פֿיל — כ׳גיי אויס. שטעל איך זיך אויף (כ׳האָב נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. כ׳האָב אפשר געהאַט איין און פֿערציק גראַד היץ). כ׳לאָד אָן דעם רעוואָלווער און כ׳גיי אַרײַן צום גוי און זאָג: „ברענג מיר אַ קילאָ עפּל”. קוקט ער מיך אָן: „ליבער מענטש, ווי קאָן איך דיר געבן רויע עפּל? דו עסט דאָך שוין נישט אַ פּאָר טעג!” זאָג איך: „דו גייסט? אַ נישט שיס איך דיך”. כ׳האָב אים געגעבן געלט און ער האָט מיר געברענגט אַ קילאָ עפּל. כ׳האָב זיי איינס־צוויי אַרײַנגעהאַקט, און כ׳האָב זיך ווידער אַוועקגעלייגט לעבן די חזירים. די גויע פֿלעגט מיר אַרײַנגעבן עפּעס עסן, כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין אַפּעטיט. כ׳האָב נישט געגעסן. די גויע האָט זיך אָנגעשטעקט פֿון מיר און איז געשטאָרבן.

כ׳בין אָפּגעלעגן פֿערצן טאָג מיט די חזירים, אַז ס׳האָט גערעגנט, האָט אַרײַנגערעגנט אין שטאַל. מיין פּעלץ, אַן אוקראַיִנישער, איז שוין אָנגעלאָדן געווען מיט די לייז פֿון די חזירים. גוואַלדיק גרויסע לייז. אויף זעקס פֿיס. איין מאָל אין דער פֿרי קומט אַרײַן דער גוי מיט אַ רוסישן „מי שברך”: „גייסט אַרויס?” און ער פֿאַרמעסט זיך צו מיר מיט אַ האַק. „וואָרעם איך צעשפּאַלט דיר דעם קאָפּ”. זאָג איך: „וואָס איז?” „די דייטשן זענען דאָ!” וואָס טוט מען? און דער גוי שטייט מיט דער האַק איבער מיר: „אָדער דו גייסט, אָדער כ׳האַק דיר אָפּ דעם קאָפּ!” האָב איך זיך גענומען אויפֿהייבן. כ׳האָב אַרויפֿגעצויגן די שטיוול מיט די גומענע זוילן, כ׳האָב גענומען דעם

פּעלץ און כ׳בין אַרויסגעקראָכן אין דרויסן. אויף אָפּהאַקן דעם קאָפּ, טראַכט איך, האָב איך דאָך נאָך צייט. געוווּסט האָב איך, אַז אין דעם דאָרף זענען באַהאַלטן אין אַ בונקער צוויי יידן. האָב איך זיך געשלעפּט צו זיי: איין נאַכט וועלן זיי מיר לאָזן איבערשלאָפן.

איך גיי און פאַל. אַ פראָסט. די גומענע זוילן. ס׳איז גליטשיק. קיין כוח האָב איך נישט. כ׳בין דערקראָכן צום בונקער — ביידע יידן זענען געשאָסן. בין איך אַוועק צוריק מיטן געדאַנק דורכצורייסן זיך צום דאָרף וואָליאַ־פּשעוואָסלאַווסקאַ. דאָרט וועל איך בעטלען אַ שטיקל ברויט. דאָרט וועט מען מיך נישט דערהרגענען. ס׳איז טונקל. כ׳גיי. זע איך — ס׳לייכט זיך אַ לעמפּעלע, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און כ׳בין אַריין. „אפשר קאָן איך אייך בעטן אַ גלאָז טיי? כ׳בין אַ פּאַרטיזאַנער. כ׳בין געווען קראַנק. כ׳וויל איצט גיין קיין וואָליאַ־פּשעוואָסלאַווסקאַ. גיט מיר אַ גלאָז טיי, טוט אַ מיצווה. איר זייט דאָך קריסטן". רוקט מיר די גויע צו אַ בענקעלע צום זיצן, און זי מאַכט מיר אַ גלאָז קאַווע. אַזוי ווי כ׳טרינק די קאַווע, האָבן די לייז גענומען אַרומראַיען איבער דעם בענקלע. זאָגט צו מיר די גויע: „ווי אַזוי קען איך דיך דאָ לאָזן? טו אַ קוק", און זי ווייזט מיר אָן אויף די לייז, וואָס קריכן אַרום קופּקעסווייז, גרויס ווי די פערד. זאָגט דער גוי: „גיב מיר דיין וואָרט, אַז אין דער פרי וועסטו אַוועקגיין, וועל איך דיר לאָזן איבערשלאָפן אַ פּאָר שעה אין סטאָדאָלע". כ׳האָב אים געגעבן מיין וואָרט, און ער האָט מיך אַריינגעפירט אין סטאָדאָלע. אַז די לייז האָבן דערשפּירט דעם ריח פון היי, האָב איך דערפילט — זיי טראָגן מיך. ס׳גייען אַדורך אַ צוויי שעה, ערשט מ׳טאַפּט מיר דעם קאָפּ. טו איך אַ טראַכט: דער גוי איז געקומען דערהרגענען מיך. מילא, זאָל ער הרגענען. מער קען איך זיך שוין נישט מוטשען. רוימט ער מיר איין אַ סוד: „ס׳איז געקומען אַ גרופּע". „וואָס?!" בין איך צו צום פענצטערל. זע איך: מ׳טאַנצט, מ׳שפּילט, מ׳זינגט, מ׳פּרעסט — אַ חתונה! אָבער ס׳איז נישט מיין גרופּע, נאָר די מאַרקאָשעווער גרופּע. כ׳בין גלייך אַרויסגעגאַנגען צו זיי, און זיי, די פּאַרטיזאַנער: „זע, סטאַ־

ניסלאָוו? לעבסט? מ׳האָט געזאָגט, אַז דו ביסט געשטאָרבן״. מ׳האָט מיר גלייך צוגעפּרעגלט אַ שטיק סלאָנינע. כאָטש כ׳טאָר דאָס נישט עסן: ערשט נאָך אַ טיפוס. „עס!״ שרייט מען צו מיר. עס איך.

דער עולם האָט אָפּגעזונגען, מ׳האָט אָפּגעשפּילט, מ׳האָט אָפּגעטאַנצט. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן מיך מיטנעמען. יאָ, כ׳האָב פאַרגעסן צו דערציילן, אַז ווען מיין גרופּע איז געקומען געוואויר וערן, וואָס איך מאַך, האָט זיי דער גוי דערציילט די מעשה מיטן קילאָ עפּל. האָבן מיינע חברים צוגענומען ביי מיר אויך דעם רע־וואָלווער. וואָרעם דער גוי האָט געטענהט, אַז כ׳בין נישט באַרמאַל, און ער האָט מורא, אַז כ׳וועל אים שיסן. די זעלבע מעשה האָב איך דערציילט די מאַרקאָשעווער פּאַרטיזאַנער. כ׳האָב זיי דער־ציילט, אַז כ׳בין געלעגן צוויי וואָכן מיט חזירים און וועגן די ווערעם, וואָס עסן מיך אויף. די מאַרקאָשעווער גרופּע האָט געטראָגן די קוילן אַזוי ווי די טשערקעסן — אין פּאַסן, מיט דער גילזע אַרויף און מיט דער קויל אַראָפּ, די פּולווער זאָל נישט פאַרנעצט ווערן. זיי האָבן זיך באַרימט פאַר מיר מיט די דאָלאַרן, וואָס זיי פאַרמאָגן, מיליאָנען! כ׳זע — מ׳זעגנט זיך, מ׳קושט זיך מיט די גויים און זיי גייען. גיי איך אויך. פרעגט מען מיך אויף פּויליש: „וווּ גייסטו?״ זאָג איך: „כ׳גיי מיט אייך ביז די בעלזשעצער גרופּע וועט קומען און כ׳וועל איבערגיין צו איר. זאָגט מען מיר: „מיט אונדז גייסטו נישט״; קוק איך זיי אָן: „כ׳בין דאָך אָן געווער. נאָך אַ שווערן טיפוס. כ׳בין פּאַראַלייזיקט. איר דערהרגעט דאָך מיך. האָט רחמנות, נעמט מיך מיט״. זיי גייען און איך לויף זיי נאָך. גייט אַרויס איינער, סעוועק האָט ער געהייסן (ער איז נישט לאַנג געשטאָרבן אין אַמע־ריקע) און זאָגט: „יאַטן, איר גייט. איך וועל אים דערליידיקן״. ער גיט זיך אַ שטעל אויף אַ קני, ער לאָדט אָן די ביקס און ער צילט זי אָן אויף מיר און זאָגט: „לייג אַכט! אַז כ׳וועל זאָגן דריי, האָסטו אַ קויל אין קאָפּ. מעגסט מיר גלייבן״.

אַ ליכטיקע נאַכט איז געווען. די לבנה האָט געשיינט, און כ׳הער: איינס... צוויי... דעם „דריי״ האָב איך שוין נישט געהערט:

כ׳בין אַנטלאָפֿן. טראָץ דעם וואָס ס׳איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט, האָב איך מיך געראַטעוועט. כ׳בין ווידער אַריין צום גוי אין סטאַ־דאָלע. ער האָט נישט געהערט. פֿאַרטאָג בין איך אַוועקגעגאַנגען קיין וואָליאַ־פּשעוואָסלאַווסקאַ.

# אַכטער קאַפּיטל

די מאַרקאַשעווער גרופּע האָט מיך נישט געלאָזט מיטגיין, בין איך צוריקגעגאַנגען צו דער סטאַדאָלע, ווו כ׳בין געלעגן. אין מיטן גיין, ביינאַכט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָ דאַרף ערגעץ ליגן אַ מיידל שפרה. איר גויישער נאָמען איז געווען סטעפע. דער יאַנקל, וואָס איז געווען מיט מיר אין איין גרופּע, איז געווען מיט איר חתן־כלה. אונדזער גרופּע האָט זי געהאַט אַריינגעגעבן צו אַ גוי. האָב איך געטראַכט — כ׳וועל אַריינגיין צו איר, אפשר וועט זי מיר קענען מיט עפּעס העלפן. כ׳בין דאָך געווען אָן אַ גראָשן, וואָס האָב איך געקענט טאָן עפּעס אַנדערש? בין איך אַוועק צו איר.

כ׳בין אַריין צום גוי, ווו זי איז געווען באַהאַלטן, און כ׳האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף סטעפען. רופט ער זי אַריין. זי האָט געעפנט דאָס טירל און, ווי זי האָט מיך נאָר דערזען, האָט זי שיעור נישט געחלשט: זי האָט געמיינט, אַז כ׳בין משוגע. כ׳בין געווען אָנגעטאָן אין אַ פּעלץ, אין אַ היטל מיט פיר שפּיצן. כ׳האָב נישט אויסגעזען ווי אַ מענטש, וואָרעם כ׳בין געלעגן צוויי וואָכן לאַנג אויף טיפוס צווישן די חזירים. האָט זי געזאָגט דעם גוי, אַז זי קען מיך נישט. זאָג איך: שפרה, דו קענסט מיך נישט?! זאָגט זי: „ניין". דער גוי קוקט מיך אָן. בין איך אַוועק. וווהין גייט מען? קיין וואָליאַ־פשעוואָסלאַווסקאַ. דאָס איז געווען אַ מהלך פון אַריבער פופצן קילאָמעטער. איך גיי און גיי, און דאָ הייבט שוין אָן צו טאָגן. האָב איך גענומען גיין געלאַסענער. וואָס נענטער כ׳קום צום דאַרף, ווער איך ביי זיך זיכערער. כ׳האָב געוווסט, אַז אַהין קומען נישט קיין דייטשן. דאָרט איז אַ קאָמוניסטיש דאָרף. דאָרט גייען פריי אַרום פּאַרטיזאַנער. אַכיבע ווער פון די גויים אַליין וועט מיך דערהרגענען.

כ׳בין אַריין אין דאָרף, האָב איך אָנגעהויבן זוכן דעם קאָפּ פון דאָרף, דעם פירער, וואַצעק סמאָליוך. ער איז געווען אַ קאָמוניסט פון פאַר דער מלחמה. איצט האָט ער געהערט צו פּע־פּע־ער (פּוי־לישער אַרבעטער פּאַרטיי) און ער האָט אין דעם ראַיאָן אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט פון דער פּאַרטיי. די דייטשן האָבן אים געזוכט און זיי האָבן געשיקט גויים־מוסרים זיי זאָלן זיך דערוויסן, ווו ער באַהאַלט זיך. כ׳בין צוגעקומען צו זיין שטוב און כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. איז אַרויס זיין ווייב און פרעגט: „וואָס דאַרפסטו?״. זאָג איך: „כ׳זוך וואַצעקן״. זאָגט זי: „וואַצעק איז נישטאָ. די דייטשן האָבן אים צוגענומען״. אוי, שלעכט. אַז כ׳האָב נישט וואַצעקן, האָב איך נישט וואָס צו טאָן. בין איך אַ פאַרפאַ־לענער. די צווייטע נאַכט קום איך ווידער אַריין צו דער גויע און זאָג: „כ׳בין דאָך פון דער יידישער גרופּע. כ׳בין נישט קיין מסור. כ׳בין נישט קיין שפּיאָן״. זאָגט זי: „קום צו גיין מאָרגן ביינאַכט אין דער און דער שעה, ועסטו אים טרעפן״. צו מאָרגנס בין איך געקומען צו דער באַשטימטער שעה און כ׳האָב זיך באַהאַלטן הינטער אַ וואַנט. כ׳זע ווי ער קומט אָן און קוקט זיך אַרום מיט שרעק. כ׳בין אים אַנטקעגנגעגאַנגען. „ווער ביסטו?״ זאָג איך: כ׳בין פון דער בעלזשעצער גרופּע און כ׳בין געלעגן צוויי וואָכן קראַנק אויף אַ טיפוס. דאָס געווער האָט מען ביי מיר צוגענומען. וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך? די מאַרקאָשעווער גרופּע האָט מיך נישט געוואָלט מיטנעמען. די קאָמינקער גרופּע ווייס איך נישט ווו זי איז״. זאָגט ער: „כ׳ווייס, כ׳ווייס אַלצדינג. זיי וועלן אַהערקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום״. זאָג איך: „וואַצעק, וואָס זאָל איך טאָן? די ווערעם עסן מיך אויף. כ׳בין באַשאָטן מיט לייז פון חזירים. כ׳האָב שוין לעכער אין לייב״. זאָגט ער: „קום!״ ער האָט גענומען אַ בונט שטרוי און ער פירט מיך אין וואַלד אַריין. טראַכט איך: אפשר וויל ער מיך דערהרגענען...

געקומען אין וואַלד, זאָגט ער: „טו זיך אויס באַקעט״. זאָג איך: „ס׳איז אַ פראָסט״. ענטפערט ער מיר: „ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן.

טו זיך אויס נאַקעט". האָב איך אויסגעטאָן קודם דאָס העמד. האָט ער גענומען אַ בינטל שטרוי און האָט עס אונטערגעצונדן מיט אַ שוועבעלע, און מיין העמד האָט ער אויפגעהאָנגען אויף אַ צווייג איבערן פייער, כדי דער רויך זאָל פאַרסמען די לייז. דאָס העמד איז געוואָרן שוואַרץ ווי קויל. „טו זיך אויס אין גאַנצן. ס'וועט דיר גאָרנישט געשען". האָב איך זיך אויסגעטאָן. די מלבושים האָט ער צעהאָנגען אויף צווייגן איבערן פייער. די היץ און דער רויך האָבן דורכגעברענט אַלע לייז. „איצט טו זיך אָן, זאָגט ער, איצט ביסטו אַ פרישער מענטש". אַז כ'האָב זיך אָנגעטאָן, האָט ער געזאָגט: „איך קען דיר מיט גאָרנישט העלפן. גיי! סטאַרע זיך שלאָפן יעדע נאַכט ביי אַן אַנדער פויער. ביז דיין גרופּע וועט קומען". האָב איך אַזוי געטאָן. יעדע נאַכט האָב איך געבעטלט אַ שטיקל ברויט. איבער־שלאָפן האָט מיר קיינער נישט געלאָזט. פלעג איך זיך אַרויפגנבען אויף אַ בוידעם. ווען די גויים וואָלטן נישט מורא געהאַט פאַר די יידישע גרופּעס, וואָלט קיין יידישע נשמה דאָרט נישט געקאָנט אַדורכגיין, און קיינער וואָלט נישט געבליבן לעבן. ווייל דעמלסט האָט יעדערער געטראַכט נאָר פון זיך און האָט געפּילעוועט נאָר זיך אַליין. וואָרעם די דייטשן האָבן אָנגעוואָרפן אַ גוואַלדיקן פחד. אַז זיי האָבן געכאַפּט אַ ייד ביי אַ גוי, האָבן זיי פאַרברענט זיין האָב און גוטס און זיי האָבן אויסגעהרגעט אַלע לעבעדיקע נפשות מיט די קי און פערד אין איינעם.

ביי‌טאָג פלעג איך זיך באַהאַלטן אין וואַלד. ביינאַכט האָב איך געבעטלט. טייל מאָל האָט מען מיר געגעבן אַ טעפּעלע הייס וואַסער. טייל מאָל בין איך געלעגן אויף אַ בוידעם מיט אַ שטיקעלע ברויט אַ טאָג, צוויי. כ'האָב געזען און געהערט אַלץ, וואָס דער גוי טוט. וואַצעק איז מיט מיר געשטאַנען אין קאָנטאַקט די גאַנצע צייט. די גרופּעס פלעגן קומען אין וואַלד טרעפן זיך מיט אים, און ער פלעגט זיי אָפּגעבן אַ באַריכט פון דער פּאָליטישער לאַגע, ווי דער פראָנט זעט אויס, ווו די רוסן שטייען און ווו די דייטשן זענען.

ווי די פּאָליאַקן אַרבעטן, און ווי די קאָמוניסטן העלפן זיי. וואָס עס טוט די א. ק. (רעאַקציאָנערע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע).

אַ געוויסן טאָג האָב איך דערזען מיין גרופּע. שטעלט זיך פאַר מיין פרייד. כ׳בין לעבעדיק געוואָרן. „קינדער, גיט מיר אַ פּאָר ווערטער" האָב איך געבעטן. מ׳האָט מיר יאָ געגעבן, מ׳האָט מיר נישט געגעבן. כ׳האָב זיך שוין מיטגעשלעפּט. מיין גרופּע האָט געוווּסט, ווו יידן ליגן באַהאַלטן, האָט מען זיי באַזוכט. מ׳האָט זיך מיט זיי ווי ווייט מעגלעך אָפּגעגעבן. ס׳זענען געווען פאַלן, ווען אַ גוי האָט אַ זאָג געטאָן צום אויסבאַהאַלטענעם ייד: „דו מוזסט אַוועקגיין!" ווו זשע האָט ער געקאָנט גיין מיטן ווייב און קינדער? אַזאַ זאַך איז געווען מיט ראובן ראַסעט (היינט איז ער אין בראַזיל אַ גרויסער פאַבריקאַנט). ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ גוי מיט זיין ווייב טובה און מיט זיין זון אַלטער, מיט צוויי שוועגערינס און מיט אַ שוואָגער. האָט אים איין מאָל געזאָגט דער גוי ער זאָל פאַרלאָזן די גרוב, ווו זשע זאָל ער זיך אַהינטאָן מיט אַזאַ גרויסער פאַמיליע? האָט ער אונדז אָנגעזאָגט וועגן דער מעשה. זענען מיר געקומען צום גוי קוואַטערירן. דער גוי האָט נישט געטאָרט וויסן, אַז מיר וויסן, אַז ראובן ליגט ביי אים באַהאַלטן. אויף מיר האָט די גרופּע אַרויפגעלייגט די מיסיע אָנצוזאָגן ראובנען, ער זאָל נישט מורא האָבן, און אַז דעם קומענדיקן דאָנערשטיק זאָל ער קומען צו אַ געוויסן אָרט, און מיר וועלן געפינען אַ פּלאַץ פאַר זיין פאַמיליע.

כ׳בין אַרויס אין דרויסן און כ׳האָב אין דער פינצטער גענומען טאַפּן און זוכן דאָס טירל, וואָס פירט אין גרוב אַריין. אַ רוף טאָן אים אויפן קול האָב איך מורא געהאַט, דער גוי זאָל נישט דערהערן. ראובן האָט דערהערט, אַז מ׳גראַבלט זיך אין דרויסן, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס קומט די אַ־קאַ אים דערהרגענען. האָט ער אָפּגעזאָגט ווידוי און ער האָט זיך געזעגנט מיטן ווייב און מיטן זון. איך האָב דערווייל אָנגעטאַפּט דאָס טירל, כ׳האָב עס געגעבן אַ ריס אויף און כ׳האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אין גרוב אַריין.

אַז ראובן האָט מיך דערזען, האָט ער אָנגעהויבן חלשן. „שיע, דאָס ביסטו?" לאַנג בלייבן אין גרוב האָב איך נישט געקאָנט, האָב איך אים אָנגעזאָגט ווהין ער זאָל קומען דאָנערשטיק, און בין צוריק אַריינגעגאַנגען אין הויז צו מיין גרופּע. אונדזער קליינע באַוואָפנטע גרופּע האָט אַכטונג געגעבן אויף יעדן אויסבאַהאַלטענעם ייד און האָט אים באַשיצט.

פאַר זיך אַליין האָט אונדזער גרופּע געמאַכט אַ גרויסן גרוב ביי אַ גוי, ראַדאָם גאַנסקי. מיר האָבן פאַר דעם גוט געצאָלט. דער גרוב איז געווען פאַרזען מיט פּריטשעס. אַז מ'האָט געדאַרפט אָפּרוען זיך נאָכן אַרומגיין, האָט מען זיך אומגעקערט צום גרוב. געוויינלעך זענען דאָרט געלעגן טיפוס־קראַנקע און געראַנירטע. עסן האָבן מיר געהאַט. ווען מ'האָט זיך דערוווּסט, אַז דייטשן זענען דאָ אין דעם געגנט, איז מען אַריין אין גרוב. אויך פאַמיליעס, וועלכע די גויים האָבן מער נישט געוואָלט האַלטן, זענען געקומען אין גרוב און זענען דאָרט פאַרבליבן, ביז מ'האָט געפונען פאַר זיי אַן אַנדער פּלאַץ. אויב ס'איז עפּעס געשען מיט עמיצן פון דער גרופּע, האָט מען זיך געדאַרפט טרעפן אין גרוב. דאָ איז געווען דער צענטער פון אונדזערע באַגעגענישן. מיטן גוי האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז איין מאָל אַ וואָך קאָנען מיר קומען קוואַטערירן. און געווען איז דאָס אַזוי: מ'איז אַריינגעקומען ביינאַכט, מ'האָט זיך אַ ביסל אַרומגעוואַשן. דער גוי האָט געגעבן אונטערברויט פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט. (ס'זענען געווען גויים, וואָס האָבן געהאַט, וואָס צו געבן ,און זיי האָבן נישט געגעבן. אַנדערע האָבן אַוועקגעגעבן דעם לעצטן ביסן פון מויל). מ'האָט זיך אויסגעבעט אויף דר'ערד מיט אַ ביסל שטרוי, דאָס געווער צווישן די פיס און מ'איז געשלאָפן. פאַרטאָג האָט מען געמוזט אַוועקגיין.

אַ געוויסן טאָג זענען מיר געקומען צו אַ גוי קוואַטערירן. זאָגט ער: „איר זייט דאָך ערשט געווען די פאַריקע וואָך. כ'וועל נישט לאָזן. אין יענער צייט איז געווען אַ באַפעל פון די דייטשן, אַז אויב אַ פויער פאָרט פון איין דאָרף אין אַ צווייטן דאָרף, מוז

ער האָבן ביי זיך זיין קענקאַרטע. הינטער לובלין איז געווען אַ ייד שמואל אייכנבוים. ער האָט געהאַט די גרעסטע גאַרבאַרניע און ער האָט פאַרמאָגט אַ גוט. אַ רייכער ייד, אַן אָרנטלעכער ייד. איין מאָל, ווען מיר האָבן געעפנט די טיר ביי אַ גויע, האָבן מיר דערזען אין שטוב דריי פויערים. גיט אונדזער קאָמענדאַנט אַ פרעג: „ווער זייט איר?" זאָגן זיי: „מיר פאָרן פון שמואל אייכנבוימס גוט און מיר פאָרן דאָ און דאָ". פרעגט דער קאָמענדאַנט: „איר זייט נישט אַמאָל קיין שפּיאָנען געשיקט פון די דייטשן? גיט אַהער אייערע פּעסער". מ'האָט ביי זיי צוגענומען די קענקאַרטעס און זיי זענען געבליבן שלאָפן. און די גויע צאַצקעט זיך מיט זיי. אַז מיר האָבן געזאָגט דער גויע, אַז מיר ווילן דאָ בלייבן נעכטיקן, האָט זי געענטפערט: „איר וועט דאָ נישט בלייבן. איר זייט ערשט יענע וואָך געווען. ס'איז נאָך נישטאָ קיין וואָך". „מיר האָבן דאָך אָבער נישט וווהין צו גיין. ס'איז דאָך שפּעט". זאָגט זי: „כ'וויל פון גאָרנישט וויסן". רופט זיך אָפּ דער קאָמענדאַנט: „מיין באַפעל איז דאָ צו בלייבן". מיר זענען אַריין אין שטוב. דער קאָמענדאַנט האָט אונדז געהייסן אויסטאָן זיך און מאַכן זיך באַקוועם.

כמעט אומעטום בין איך געווען דאָס כפרה־הינדל. אַז מ'האָט באַדאַרפט אַ קוכער, בין איך געווען דער קוכער. אַז מ'האָט באַדאַרפט אויפזיין ביינאַכט און אַלעמען אויפוועקן, איז דאָס געווען מיין אַרבעט.

פאַרטאָג האָט די גויע געדאַרפט אָפּקאָכן פרישטיק — אַ באָרשטש מיט קאַרטאָפל. די גויע איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און האָט אָפּגעשיילט קאַרטאָפל פאַר די דריי גויים און האָט פאַר זיי אָפּגעקאָכט אַ באָרשטש. פרעג איך די גויע: „און פאַר אונדז קאָכסטו נישט?" זאָגט זי: „ניין. קאָכט אייך אַליין. פאַר אייך וועל איך נישט קאָכן". מיר האָט דער קאָמענדאַנט געהייסן האַלטן וואַרטע אין שטוב און וואַרפן אַן אויג צום פענצטער, זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. איך בין צוגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט, כ'האָב אים אויפגעוועקט און געזאָגט, אַז די גויע קאָכט פאַר די דריי גויים און פאַר אונדז וויל

זי נישט קאָכן. ענטפערט ער מיר פאַרשלאָפענערהייט: „שייל אַליין אָפּ קאַרטאָפל און קאָך אָפּ". האָב איך אָפּגעשיילט קאַרטאָפל און כ׳האָב זיי צוגעשטעלט קאָכן. די גוים האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן.

דאָס וואַסער זידט, דאָס שטערצל הייבט זיך. כ׳קוק אַרויס דורכן פענצטערל, זע איך — ס׳קאַכט זיך עפּעס אין דרויסן. ס׳איז נישט נאָרמאַל. כ׳האָב שוין נישט אין זינען די קאַרטאָפל. אין אַ דאָרף דאַרף זיין שטיל. און דאָ, זע איך, גייט מען אַהין און צוריק... בין איך צוגעלאָפן צום קאָמענדאַנט: „זאָלסט וויסן, אַז ס׳איז עפּעס נייעס אין דרויסן. דאָרט קאָכט זיך". אַ יונגער שייגעץ, און פאַרשלאָפן איז ער געווען, מאַכט ער: „איי וואָס דיר דאַכט זיך!" זאָג איך: „זאָלסט וויסן, אַז אין דרויסן טוט זיך עפּעס. די דריי גוים האָבן מסתמא געבראַכט דייטשן אין דאָרף אַריין". דער קאָמענדאַנט האָט באַלד באַפוילן אַנצוטאָן זיך.

די דייטשן האָבן אַראָפּגענומען די טירן פון שטאָל און האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויפן שטרויענעם דאַך, און אויף זיי האָט מען אַוועקגעשטעלט מאַשינגעווער. און מיר אַלע זענען אין שטיבל. אין קעסל. וואַרטן מיר אויפן באַפעל פון קאָמענדאַנט. זאָגט ער: „ס׳איז נישטאָ וואָס צו טאָן. זאָל זיך יעדערער ראַטעווען ווי ער קען". אוי אַ בראָך! אין דער לעצטער רגע הייסט ער זיך ראַטעווען. פון אַ וואַלד איז מען ווייט. דער שניי איז טיף. דאָס איז געווען דעם פערטן פעברואַר 1944. די דריי גוים האָבן זיך שנעל אַנגעטאָן און זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן. האָב איך אַ שמייס אַוועק געגעבן מיין ביקס און כ׳האָב זיך געלאָזט לויפן נאָך זיי. אַנגעטאָן בין איך געווען ווי אַ פּויער אין אַ פּעלץ און אין אַ דאַרפיש היטל. צווי וואַנסעס. כ׳האָב באַמערקט, אַז די פּויערים לויפן אין אַ שלעכטער ריכטונג. זיי לויפן צו אַן אָרט, וואָס איך קען און וויס, אַז דאָרט איז נישט גוט. אָבער כ׳בין מיטגעלאָפן. די קוילן הויבן שוין אָן צו פייפן. ווו מיינע חברים זענען האָב איך נישט געוווּסט. כ׳לויף נאָך די דריי גוים. ס׳איז שווער צו לויפן אין שניי. איך קריג די ערשטע קויל אין פּנים אַריין. כ׳וויש אָפּ דאָס בלוט און לויף ווייטער. כ׳קריג די צווייטע קויל.

כ׳קריג די דריטע אונטערן האַרץ און כ׳קריג די פערטע, ווי מ׳וואַלט מיר דערלאַנגט מיט אַ האַק איבער דער האַנט. אַלזאָ, כ׳בין שוין באַלייגט מיט זעקס קוילן. אַז כ׳האָב געקריגן די קויל אין האַנט, האָב איך גענומען זוכן די האַנט אויף דר׳ערד. כ׳האָב געמיינט, אַז מ׳האָט זי מיר אָפּגעהאַקט. דער פּעלץ איז געווען נישט אויף מיין מאָס, מיט לאַנגע אַרבל, וואָס האָבן מיר פאַרשטעלט די גאַנצע הענט. אין דעם מאָמענט האָב איך באַשלאָסן, אַז כ׳טאָר שוין מער נישט לויפן, וואָרעם כ׳בין שוין אַ טויטער.

פון דער ווייטנס האָב איך דערזען אַ סטאָדאָלע. טראַכט איך: כ׳וועל זיך צושלעפּן צו דער סטאָדאָלע און דאָרט בלייבן. ס׳בלוט רינט פון אַלע זייטן, נאָר די פיס זענען גוט. די קוילן האָב איך גע־קריגן אין אויבערשטן טייל קערפּער. דאָס איז געווען אַרום ניין אין דער פרי. כ׳האָב זיך דערשלעפּט. די סטאָדאָלע איז פאַרמאַכט פון דרויסן. האָב איך זי אויפגעמאַכט. כ׳בין געווען זיכער, אַז מ׳זעט מיך נישט. מ׳קען אָבער דערהערן אַ סקריפּ פון אַ טויער. האָב איך זיך אַריינגעשטופּט אינעווייניק דורך די טירן פון דער סטאָדאָלע. כ׳האָב זיך אָוועקגעלייגט מיטן פּנים אַראָפּ און צוגעדעקט דעם קאָפּ מיטן קאָלנער פון פּעלץ. כ׳האָב געוווּסט, אַז דער דייטש וועט באַלד קומען. וויפל ווערטער פון ווידוי כ׳האָב געדענקט, האָב איך אָפּגעזאָגט.

ס׳גייען פאַרביי אַ שיינע פּאָר מינוט, הער איך — הינטער דער טיר רעדט אַ דייטש צו אַ גויע: „ווו איז די יודנבאַנדע? די יודנ־באַנדע וואָר היר!״ די גויע האָט דאָך נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט, זאָגט זי אים אויף פּויליש: „זיי זענען אַנטלאָפן. אַהין, אַהין. דאָ איז קיינער נישטאָ״. מער האָב איך זיי נישט געהערט. כ׳האָב דען געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך?

דער טאָג איז דורכגעלאָפן. אין פּוילן ווערט דאָך אין פעברואַר פרי נאַכט. אויב ס׳איז טונקל, איז שוין קיין דייטש דאָ נישטאָ. האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען: „גוואַלד! גוואַלד!!״ קומט אַריין דער גוי. „דו ביסט דאָ? דו לעבסט?!״ די דייטשן זענען אַוועק. נישטאָ דאָ קיין דייטשן״. זאָג איך: „הייב מיך אויף״. נעמט ער מיך אָן

בײַם העקעלע און הײבט מיך. רײַסט זיך דאָס העקעלע איבער, און כ׳פאַל צוריק אויף דר׳ערד. הקיצור, ער האָט מיך אויפגעהויבן און פרעגט: וואָס זשע ווילסטו הערן?״ זאָג איך: „גיב מיר פריִער אַ טרונק. איך ליג שוין אַ גאַנצן טאָג. דאָס בלוט איז פון מיר אויסגערונען. גיב מיר עפּעס. גיב מיר אַ טעפּעלע מילך״. ער האָט מיר געבערענגט אַ טעפּעלע מילך און כ׳האָב עס באַלד אויסגעטרונקען. „איצט וויל איך זאָלסט מיך פירן אויף אַן אָרט, וואָס כ׳וועל דיר אָנווייזן״. זאָגט ער: „דו ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב נישט קיין פערד. כ׳האָב נאָר אַ וואָגן און איך שפּאַן מיך שטענדיק צונויף מיט מײַן שכן״. זאָג איך: „כ׳וויל פון גאַרנישט וויסן. דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך. די גרופּע וועט קומען און זי וועט מיך דאָ נישט געפינען, וועט זי חושד זײַן, אַז דו האָסט מיך דערהרגעט. דו דאַרפסט מיך פירן צו אַ פּלאַץ, ווו מיר דאַרפן זיך טרעפן״. ער האָט געבראַכט דאָס פערד און אַ ידיעה: „דײַן חבר, דער פליִער, ליגט בײַ מײַן שכן. ער האָט געכאַפּט זעקס קוילן אין קרײַץ. די רעשט איז אויסגעהרגעט״. דער גוי איז אַרויס און האָט אַרײַנגעבראַכט צו מיר יאַנעקן. כ׳קוק אים אָן, און ער פאַלט אַרויף אויף מיר מיט אַ געוויין. ער האָט געקענט זײַן אפשר אַ יאָר נײַנצן. זײַן ייִדישער נאָמען איז געווען יאָסל. דער גוי האָט אונדז אַרײַנגעלייגט אין וואָגן און פירט אונדז. אָבער מיר האָבן אים נישט געטאָרט ווײַזן דאָס אָרט, וווּהין ער זאָל אונדז פירן. יאַנעק האָט נישט געקאָנט ריידן. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר — אויף די הענט און אויף די פיס. אין וועג האָב איך געוויזן דעם גוי, ווו ער זאָל אונדז אַראָפּלאָזן. פרעגט ער: „און וואָס וועט זײַן מיט יאַנקען?״ זאָג איך: „כ׳וועל אים טראָגן, ווי ווײַט כ׳וועל קענען. דו טאָרסט ווײַטער נישט פאָרן״. דער גוי האָט אונדז אַראָפּגענומען פון וואָגן און איז אַוועקגעפאָרן. איך האָב גענומען צוקריכן און יאַנעקן האָב איך צוגעשלעפּט בײַ די אַקסלען צו אונדזער גרוב.

דער גוי, וואָס בײַ אים האָבן מיר געהאַט דעם גרוב, האָט געהאַט צוויי קינדער — אַ שיקסע, מאַרושאַ, און אַ זון. אַז מאַרושאַ האָט מיך דערזען — אַ שטיק בלוט — האָט זי אָנגעהויבן ספּאַזמירן.

זי האָט אויפגעהויבן אַ גוואַלד און איז פון שרעק אַרויסגעשפרונגען דורכן פענצטער: „די דייטשן זענען דאָ!!" שריי איך: „מאַרישקאַ, דאָ זענען נישטאָ קיין דייטשן. זיי האָבן מיך נאָר ראַנירט!" ס'איז אַנגעלאָפן איר טאַטע און כ'האָב אים דערציילט, אַז די גאַנצע מעשה איז געשען אין דער פרי.

אַלע אַרומיקע דערפער האָבן שוין געוווּסט פון דער מעשה. ווי אַזוי האָבן זיי זיך דערוווּסט אַזוי שנעל? ביי אונדז איז געווען אַ ייד, וואָס מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן יאַנקל. זיין פאַמיליע איז געווען וויינגאַרטן. דער יאַנקל האָט געקריגן אַ קויל אין אַ פוס. יאַנקל איז געווען אונדזער גאַנצע באַשיינונג: ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט. ער האָט פון בלעך געקאָנט מאַכן קוילן. אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט גיין צוליב דער ראַנע, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן די עלנבויגנס און האָט זיך דערצויגן צו אַ שטוב, וואָס האָט געהערט צו איינעם פּיעטראַק. (דער גוי איז געווען דער רייכסטער אין דאָרף), און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַריין. די דייטשן האָבן דאָס באַמערקט פון דער ווייטנס. האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַ גראַנאַט אין קעלער, אונטערגעצונדן אַלע געביידעס און האָבן אויסגעשאָסן די גאַנצע פאַמיליע פּיעטראַק. דאָס פייער האָט געפלאַקערט. דער פּחד איז געוואַקסן, און די מעשה האָט זיך צעטראָגן בליצשנעל אויף צענדליקער קילאָמעטער ווייט. די גויים פון די אַרומיקע דערפער זענען פון שרעק געלאָפן אין די וועלדער אַריין: דעם רייכסטן קאָלאָניסט פּיעטראַק האָט מען דערהרגעט! פאַרוואָס?! ער איז דאָך נישט שולדיק געווען, וואָס יאַנקל האָט זיך באַהאַלטן ביי אים אין קעלער. איך מיט יאַנעקן האָבן פון דעם נישט געוווּסט. כ'קום אַראָפּ אין גרוב אַריין. דאָרט זענען, ווי געווייינטלעך, געלעגן קראַנקע און געראַנירטע. כ'האָב דאָרט געטראָפן אויך יאַנקלס כלה, סטעפען. פרעגט זי: „ווו איז יאַנקל?" זאָג איך: „כ'ווייס נישט". הכלל, מיר זענען אין גרוב. אַז מ'האָט זיך נאָר צוגערירט צו מיין אָרעם, האָב איך געמאַכט גוואַלדן, ווייל די ביינער פון מיין האַנט זענען געווען צעקרישלט. און דאָ איז נישטאָ וואָס צוצולייגן צו די ווונדן.

אין גרוב איז שוין אויך געוועזן ראובן ראָסעט מיט זיין פאַמיליע. איך ליג אַפּ אַ פּאָר טעג אין גרוב און טראַכט פון אַ תכלית. מיר דערוויסן זיך, ווער עס פעלט, ווער ס'איז דערהרגעט געוואָרן, און ווער ס'איז לעבן געבליבן. איוואַן איז געפאַלן און זיינע צוויי זין, וואָס זענען געווען צוזאַמען מיט אים, לעבן. איך ליג און גיי איין פון ווייטיק. אַז כ'האָב נישט וואָס צוצולייגן צו די ווונדן. פון שעכט־הויז נאָך האָב איך געוווּסט, אַז די בעסטע מעטאָדע אין אַזאַ פאַל איז — אייגענע השתנה. דאָס מאַכט אַ דעזינפעקציע. האָב איך גענומען אַ שמאַטע, כ'האָב זי איינגעטונקט אין מיין השתנה און כ'האָב אָנגעהויבן צולייגן צו די ווונדן.

דערווייל קומט אַריין אונדזער גוי מיט אַ בשורה: „איר מוזט פאַרלאָזן דעם גרוב. דייטשן דאַרפן קומען אַהער. בין איך אייך געקומען זאָגן, ווי אַ גוטער פריינד, איר זאָלט אַוועקגיין. אַז די דייטשן וועלן קומען אַהער, וועט איר נישט לעבן און איך וועל נישט לעבן".

וואָס קען מען טאָן אין אַזאַ פאַל? בעטן זיך?...

פאַר דעם גרוב האָבן מיר אים גוט געצאָלט, מאַנאַטלעך. ווו האָבן מיר גענומען געלט? נישט ווייט פון דאָרף איז געווען אַ וואַסערמיל. דער פּלאַץ האָט געהייסן וואַלעסלאַווין. די מיל האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט. האָבן מיר געזאָגט דעם מילנער, אַז מיר לייגן אַרויף אויף אים אַ קאָנטריבוציע. פרעגט ער: „פאַרוואָס?" האָבן מיר אים געזאָגט, אַז מיר נייטיקן זיך אין געלט און מיר האָבן נישט ווו צו נעמען. „דו האָסט אַ מיל מיט לעדערנע פּאַסן. וועלן מיר פאַרקויפן דיינע פּאַסן, און דו וועסט בלייבן שטיין מיט דער מיל. לייגן מיר דיר פאָר, דו זאָלסט אונדז צאָלן פון זעקל". מיר זענען מושווה געוואָרן אויף דער צאָל זעקלעך תבואה, וואָס ער צאָלט אַ חודש, און אויפן אָפּצאָל פון זעקל.

דעם ערשטן חודש האָבן מיר מורא געהאַט צו גיין נאָכן געלט, טאָמער האָט ער איבערגעגעבן די דייטשן וועגן דעם אָפּמאַך, און זיי וועלן אַ סוף מאַכן צו אונדז אַלעמען. מיר האָבן דעריבער אויסגעלייגט די גאַנצע גרופּע אַרום דער מיל און מיר האָבן ריזיקירט

און אַריינגעשיקט איינעם פון אונדז צום מילנער נאָכן געלט. אויב מ׳וועט אים דערהרגענען וועלן זיך די איבעריקע צעלויפן. הכלל, אונדזער שליח איז צוגעגאַנגען צום שטיבל, און האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטערל. די גויע האָט אים דערלאַנגט אַ טאָרבע מיט געלט. דאָס געלט פלעגן מיר אַוועקגעבן גאַנסקין, דעם באַלעבאָס פון גרוב. מיר האָבן קיין מאָל נישט געציילט וויפל געלט דאָרט איז געווען. דאַכט זיך, אַז דעמלסט זענען שוין געווען די קראָקעווער זלאָטעס. מיר האָבן אָנגעזאָגט דעם גוי, ער זאָל נישט קויפן קיין פערד און ער זאָל גאָרנישט צובויען ביי זיך אין דער היים, ווייל מ׳וועט באַלד פאַרשטיין, אַז דאָס געלט קומט פון יידן, אַז ער באַהאַלט אויס יידן.

ווען ער האָט אונדז אַ זאָג געטאָן, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דעם גרוב, איז קודם אַוועק ראובן און האָט אָפּגעזוכט אַ פּלאַץ פאַר זיין פאַמיליע. ער האָט אַפילו מיטגענומען סטעפען. מיר אָבער, פאַרטיזאַנער מיט געווער, ווי קענען מיר זיך אַרויסציִען? איך מאַך גוואַלדן, ווען מ׳רירט זיך צו צו מיר, דערצו יאַנעק און די טיפוס־קראַנקע, וואָס זענען נאָך נישט אויסגעלעגן זייער צייט. האָט מען מיך אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק און מ׳האָט מיך אַרויסגעצויגן פון גרוב. איך בין אָן אַ העמד. די ראַנעס זענען אָפן. דער פראָסט קנאַקט. ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון גרוב, האָט דער גוי אַרויסגעצויגן די סלופּעס, און די גרוב איז איינגעפאַלן. אויס גרוב.

וואָס טוט מען ווייטער? זענען מיר אַרויס אויפן שאָסיי. די ערשטע צוויי פורן האָבן מיר פאַרהאַלטן, כדי זיי זאָלן פירן מיך מיט יאַנעקן. וווהין פירט מען? געוווּסט האָב איך, אַז איך וועל זיין די ערשטע כפרה, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין אָרט, ווו מיך אַוועקצולייגן. מיך האָט מען אַרויפגעלייגט אויף איין וואָגן, און יאַנעקן אויפן צווייטן. די רעשט גייען לעבן די וועגענער. די הרודעס פון די בלאָטעס זענען פאַרפרוירן, דער וואָגן טרייסלט זיך, און איך בייס די פינגער פאַר ווייטיק. דער וואָגן וואַרפט מיך אַהער און וואַרפט מיך אַהין. פאָרנדיק הער איך מיינע חברים ריידן, אַז זיי זעען אַקאָווצעס אָנקומען (פאַרטיזאַנער פון דער אַ־קאַ). באַלד האָבן זיי

זיך געגעבן אַ צעלייג הינטער די שטובן, וואָס זענען געשטאַנען ביים וועג. וואָרעם די אַקאָווצעס האָבן געקעמפט קעגן די פּאַרטיזאַנער פון דער פּאָלקסאַרמײי און דער עיקר קעגן יידן. געלט פלעגן זיי באַקומען פון לאָנדאָן. אַז זיי האָבן געהרגעט אַ ייד, האָבן זיי צוגענומען זיינע בגדים און אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. און אַז זיי האָבן נאָך געפּאַקט געווער, איז זייער שמחה געווען גרויס. איך בין געבליבן ליגן אויפן וואָגן. וואָס יאַנעק האָט געטאָן, האָב איך נישט געוווּסט. טראַכט איך מיר: וואָס האָב איך צו פאַרלירן? זיי וועלן מיר סיי ווי סיי געבן אַ קויל אין קאָפּ. האָב איך זיך מיט דער הילף פון דער געזונטער האַנט אַראָפּגעקייקלט פון וואָגן און כ׳בין אויך אונטערגעקראָכן הינטער אַ שטוב. דער גוי, וואָס האָט מיך געפירט, האָט אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד און איז אַנטלאָפן. דאָס זעלבע האָט געטאָן דער צווייטער גוי. די אַקאָווצעס האָבן געזען, אַז מיר זענען אַ סך מער פון זיי, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען. זיי פלעגן גיין פיר, פינף, זעקס שקצים, גוט באַוואָפנט. זיי זענען נישט געגאַנגען זעקס און צוואַנציק מאַן. הער איך אונדזערע שרייען: „סטאַניסלאַוו האָט מען דערהרגעט! ער איז נישטאָ". יאַנעקן, זע איך, פירט מען שוין. האָב איך זיך אָפּגערופן: „קינדער, כ׳לעב! כ׳בין דאָ!" איז מען צופרידן. וואָס טוט מען ווייטער? איך מיט יאַנעקן קענען דאָך נישט גיין צופוס. האָט מען געשאַפן אַ פערד און מ׳הייבט אָן צו פאָרן. וווהין גייט מען?

דעמלסט איז געלעגן באַהאַלטן ביי אַ גוי סמאָליוך שמעון מיטן ווייב (היינט איז ער אין כפר־סבא) אין אַ גרוב. דעם בוידעם האָט דער גוי פאַרדונגען אַ משומד (געשמדט פאַר דער מלחמה) מיט אַ ווייב און זעקס קינדער. אַ משומד איז ביים דייטש געווען טריפער פון אַ ייד. דער משומד האָט נישט געוווּסט, אַז שמעון ליגט אונטן אין אַ גרוב. הכלל, די חברה איז אַריין צו שמעונען און געבעטן ער זאָל אַריינגעמען איינעם פון די צוויי געראַנירטע. מיין גורל איז אויסגעפאַלן, אַז שמעון האָט אַריינגענומען יאַנעקן. יאַנעק איז געראַנירט געווען נאָר אין קרייץ, און איך אין זעקס ערטער. מיט מזל, מיט

ברכה, מ׳האָט אַראָפּגענומען יאַנעקן. געוווּסט האָב איך אַז מײַן סוף איז נאָענט. נישט פון דער אַ־קאַ, נישט פון די דײַטשן, נאָר פון מײַנע חברים אַליין, וואָס וועלן זיך מטריח זײַן און פּטור ווערן פון מיר.

דערווײַלע האָב איך זיך דערמאָנט, אַז שלמה־גרשונס זון, ישראל, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן נאָך דער מלחמה אין לובלין, איז דאָרט געווען באַהאַלטן בײַ אַ גוי מיטן ווײַב און צוויי קינדער. האָב איך געזאָגט צו דער גרופּע: „לאָמיר צופאָרן צום גוי, ווו ישראל איז געווען. דאַכט זיך, אַז ישראל איז פון אים אַוועקגעגאַנגען. איז מען געקומען צום גוי. ער איז געווען אַן אַלמן מיט עטלעכע טעכטער. זאָג איך: „רעדט מיט אים, ער זאָל מיך אַרײַנלאָזן אויף דרײַ טעג און באַצאָלט אים. כ׳וויל נאָר אַ פּאָר טעג ליגן. מײַנע חברים האָבן געזען, אַז כ׳בין גערעכט. ווו וועלן זיי זיך שלעפּן מיט מיר? דער גוי איז באַשטאַנען אויף מײַן פאָרשלאָג.

נאָך אין לובלין האָב איך געהאַט מײַן פּרינציפּ: ס׳איז גלײַכער צו שטאַרבן מיט געלט, אײדער לעבן אָן געלט. איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז איך דאַרף האָבן בײַ זיך אַ פּאָר זלאָטעס, וואָרעם אַ מענטש אָן געלט האָט נישט קיין ווערדע. האָב איך גענומען צוויי פינפהונדערטער זלאָטעס און כ׳האָב זיי אַרײַנגענייט אין פּאַסעק און כ׳בין מיט זיי אַרומגעגאַנגען. אַז כ׳בין גראַנירט געוואָרן, זענען די פינפהונדערטער געוואָרן סאַמע בלוט.

דער גוי איז געווען אַן אָרעמער. קאַלט איז געווען, אַז מ׳האָט געקאָנט פאַרפרירן ווערן. דאָס בוידעמל איז נישט געווען גוט אָנגעלייגט. אַ שיקסע פלעגט מיר אַרויפטראָגן עפּעס עסן. נאָך די דרײַ טעג זאָגט מיר די שיקסע כ׳זאָל אַוועקגיין. זאָג איך: „רייד מיטן טאַטן, אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף קומען מײַן גרופּע, וועט זי מיך אַוועקפירן אויף אַ צווייטן פּלאַץ. וואָרעם כ׳קען דאָך נישט גיין״.

כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז די אַקאָווצעס קומען צו די שיקסעס פאַרברענגען. אײנע פון דעם גויס טעכטער האָט מיר דערציילט בסוד, אַז די שקצים, וואָס קומען אַרויף צו זיי, זענען זייערע אייגענע

שקצים, וואָס אַרבעטן פאַר דער אַ־קאַ. וואָס איז דאָ צו ריידן, ס׳האָט מיר אַ צופּ געטאָן ביים האַרץ...

איך ליג און ליג, און די גרופּע וויזט זיך נישט. זי איז צופרידן, וואָס זי איז פּטור געוואָרן פון מיר. אַ געוויסן טאָג קומט ווידער אַרויף די שיקסע און זאָגט: „דו מוזסט אַוועקגיין". האָב איך זי געבעטן, זי זאָל אַרויפשיקן דעם טאַטן. דער גוי איז אַרויפגעקומען: „וואָס ווילסטו"? זאָג איך: „ווי קאָן איך גיין?" און כ׳נעם אַראָפּ די שמאַטע פון מיין האַנט און וויין אים. „קוק אָן. ווי זאָל איך גיין? ווייסט וואָס? כ׳וועל דיר באַצאָלן און לאָז מיר דאָ ליגן נאָך אַ וואָך". זאָגט ער: „וווּ ווּעסטו נעמען געלט?" זאָג איך: „כ׳האָב צוויי פינף־הונדערטער זלאָטעס. נאַ דיר דעם פּאַסעק, טרען אים אויף און נעם זיך איין פינפהונדערטער. נעם זיך פון אים וויפל דו ווילסט פאַר דער וואָך. די רעשט, אויב דו ווילסט, גיב מיר צוריק, און אויב דו ווילסט נישט, גיב מיר נישט צוריק".

ער האָט אַרויסגענומען די צוויי פאַרבלוטיקטע פינפהונדערטער, זאָג איך: „וואָש זיי פאַרזיכטיק אָפּ. ווארעם אויב דו ווועסט דער־לאַנגען אַ פאַרבלוטיקטן פינפהונדערטער, זענען מירביידע פאַרשיט. איך בין דאָך אומגליקלעך. זעסט דאָך ווי איך זע אויס". דער גוי האָט רחמנות געקריגן. ער האָט דאָס געלט אָפּגעוואַשן און אויס־געטריקנט. ער האָט גענומען איין פינפהונדערטער און ער האָט אים אויסגעטוישט אין שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט זיך גענומען פאַר אַ וואָך, די רעשט האָט ער מיר צוריקגעגעבן. „אָבער נאָך דער וואָך, בעט איך דיך, גיי אַוועק". אַז נאָך דער וואָך האָב איך זיך נישט ווּיסנדיק געמאַכט, קומט אַרויף די שיקסע און זאָגט: „דו הערסט ריידן? דאָס העדט דער פירער פון דער אַ־קאַ. דו גייסט? אַנישט שיק איך דיר אים אַרויף". זאָג איך: „כ׳גיי". כ׳האָב זיך אויפגע־הויבן און אַרויפגעוואָרפן דעם פעלץ אויף די אַקסל. די האַנט האָב איך געהאַלטן אַזוי אויף דער הויט, און כ׳טראַכט מיר כ׳וועל צוגיין צו יאַנעקן, וואָס ליגט ביי שמעונען. ס׳איז אָבער אַ ביטערע מעשה, ס׳איז ווינטער. און שטעלט אייך פאָר, וואָס פאַר אַ העלד

כ׳בין דעמלסט געווען. דורכגעשאָסן זעקס מאָל. בין איך אָוועק צו סמאָליוכן. געקומען, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר. קומט אַרויס זיין ווייב. „וואָס ווילסטו?“ זאָג איך: „כ׳וויל זען יאַנעקן“. זאָגט די גויע: „דו מאַכסט זיך אומגליקלעך. דער פּשעכסטאַ וועט געוויר ווערן“... זאָג איך: „כ׳וועל אַריינגיין צו דיר אין סטאָדאָלע, און דו גיי און זאָג יאַנעקן, אַז כ׳מוז גיין צום דאָקטאָר. ס׳איז מיר אָנגעוואָקסן ווילדפלייש“.

אין דער גמינע האָט געוווינט אַ פעלדשער מייכער. דאָס איז געווען אַ גוי אַ צדיק. אַז ס׳איז אַריינגעקומען צו אים אַ ייד האָט ער אים געראַטעוועט. אַ גרויסער מבין. נאָר אַז די אַקאָווצעס האָבן זיך דערוווסט, אַז ער האָט געהאָלפן אַ ייד, האָבן זיי אים אַריינגעשאָסן פינף און צוואַנציק שמיץ. כ׳האָב מורא געקריגן: אויף דער האַנט וואַקסן מיר אַן קישקעס מיט פלייש.

כ׳בין געלעגן אין דער סטאָדאָלע. די גויע האָט מיר אַריינגע־געבן עפּעס צו עסן. צו מאָרגנס פאַרנאַכט — יאַנעק איז דאָ. ער האָט מורא געהאַט שמעון זאָל זיך נישט דערוויסן. זאָגט ער: „וואָס טוט מען?“ זאָג איך: „לאָמיר גיין צו מייכערן“. דאָס איז געווען אַ מהלך פון אַ צען, צוועלף קילאָמעטער. אין דרויסן איז אַ שניי, אַ פראָסט. „כ׳האָב קיין ברירה נישט. זאָל מיך מייכער אָנקוקן. אפשר דאַרף מען מיר אַראָפּנעמען די האַנט, כדי איך זאָל לעבן“. כ׳נעם אַראָפּ די שמאַטע און ווייז יאַנעקן די צעקרישלטע, פאַרפוילטע ביינער. זאָגט ער: „איך האָב אויך ווילדפלייש“. זאָג איך: „טאָ קום זשע!“

הכלל, מיר זענען אַריינגעקומען צו מייכערן. קומט אַרויס זיין ווייב און כ׳דערצייל איר, נאָך וואָס מיר זענען געקומען. זאָגט זי: „מיין מאַן איז נישטאָ“. זאָג איך: „פּרוי מייכער, דערבאַרעם זיך. וואָס האָסטו מורא?“ רופט זי זיך אָפּ: „אַוודאי האָבן מיר מורא. מ׳פייניקט אים, מ׳שמייסט אים“. בעט איך זי: „זאָג אים, אַז מיר זענען די און די. כ׳פאַרזיכער דיר, אַז ס׳וועט אים גאָרנישט געשען“. קומט אַרויס דער מייכער. ער גיט מיך אַ קוק אָן, ער קוקט אָן יאַנעקן און זאָגט: „פון יאַנעקן קען נאָך עפּעס זיין, נאָר פון דיין האַנט וועט

שוין גאָרנישט זײַן. וואָס קען איך טאָן פֿאַר דיר? כ׳טאָר נישט וויסן און כ׳וויל נישט וויסן ווו דו ליגסט. ווילסט אַ ברויט, נאַ דיר ברויט. ווילסט אַ פּאָר זלאָטעס, נאַ דיר. נאָר קיין רעצעפּט קען איך דיר נישט געבן ווײַל ס׳וועט נישט העלפֿן. דײַן האַנט דאַרף האָבן לופֿט, זי דאַרף האָבן זון, און דו ליגסט באַהאַלטן. ס׳וועט גאָרניש העלפֿן. קיין האַנט וועסטו נישט האָבן. האָבן מיר זיך געזעגנט, געוויינט, און מיר זענען אַרויס אין דרויסן. ווו גייט מען? זאָג איך: „יאַנעק, דו קענסט צוריקגיין, אפֿשר וועט דיך נאָך שמעון אַרײַנלאָזן. איך אָבער קען שוין נישט צוריקגיין. אויב דו ווילסט מיך איבערלאָזן דאָ, וועט מײַן נשמה אויסגיין אונטערן פֿרייען הימל און די הינט וועלן צערײַסן מײַן קערפּער. דערבאַרעם זיך. דו ביסט ייִנגער. פֿון דיר איז ווייניקער בלוט אויסגערונען ווי פֿון מיר. לאָז מיך נישט איבער. מיר וועלן צוזאַמען זוכן אַן אויסוועג. וועסט זען, גאָט וועט אונדז נישט פֿאַרלאָזן״. מיר שטייען און שטייען... זאָג איך: „קום, יאַנעק!״ פֿרעגט ער: „וווּהין?״ זאָג איך: „קום! מיר האָבן שוין נישט וואָס צו פֿאַרלירן. מיר זענען צוויי מתים. קום צו גאָנסקין״. ס׳איז ווידער געווען צו גיין אַכט קילאָמעטער. זאָגט ער: „צו גאָנסקין? גאָנסקי האָט דאָך פֿאַרשאָטן דעם גרוב״. זאָג איך: „קום! ס׳איז נישט דײַן עסק. קום צו גאָנסקין. ער וועט אונדז לאָזן איבערנעכטיקן איין נאַכט״.

גאָנסקי איז געווען, קען מען זאָגן, אַ בעל־רחמנות. אַן אָרנטלעכער גוי. הכלל, מיר, די צוויי גיבורים, קומען צו צו זײַן טיר און קלאַפּן אָן. ער עפֿנט אויף. „אָ, מײַנע טײַערע!״ און ער קושט זיך מיט אונדז. אַן אַנדער גוי אויף זײַן אָרט וואָלט אונדז זיכער אַרויסגעטריבן. ער פֿירט אונדז אַרײַן אין שטוב און ער פֿרעגט מיך (איך בין דאָך געווען דער עלטערער): „נאָך וואָס ביסטו געקומען?״ זאָג איך: „כ׳בין געקומען זען, וואָס דו מאַכסט, און דו זאָלסט אונדז אָנקוקן און זען, וואָס מיר מאַכן״ (בײַ אים האָבן מיר דאָך געהאַט, ווי כ׳האָב שוין דערציילט, אַ גרוב מיט אַ פּאַס, אָדער צוויי פּעסער, מיט פֿלייש). ער האָט אונדז געגעבן עסן און טרינקען און מיר האָבן בײַ אים איבערגענעכטיקט. אין דער פֿרי זאָגט ער: „נו?״... רוף איך

זיך אָפּ: „פריינד אַדאַם, כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת. דערווײַלע האָבן מיר נישט ווו צו גיין. כ׳וויל זאָלסט אונדז דערלויבן צו זיין ביי דיר נאָך אַ טאָג. אויב כ׳וועל איצט אַרויסגיין, בין איך טויט. דו האָסט אונדז אַ סך געהאָלפן. און באַלד דאַרף קומען די גרופּע. אַז זיי וועלן אונדז נישט געפינען ביי דיר, קען נאָך פאַלן אויף דיר אַ חשד, אַז דו ביסט שולדיק אין אונדזער טויט. מאָרגן, זאָג איך דיר צו, וועלן מיר אַוועקגיין". הכלל, ער האָט מסכים געווען, מיר זאָלן בלייבן ביי אים נאָך אַ טאָג אין שטאַל.

בייטאָג האָב איך אים אַריינגערופן און געזאָגט: „הער אויס, הער גאַנסקי, דו האָסט אונדז געהאָלפן אַזוי לאַנג, און איצט ווילסטו מיך אַרויסטרייבן?" זאָגט ער: „ווי קאָנסטו ביי מיר בלייבן, דער גרוב איז דאָך פאַרשאָטן". זאָג איך: „כ׳האָב אַ וועג. נעם אַרויס די פאָס פלייש, פאַרקויף עס, און דאָס גריבל וועל איך מיט יאַנעקן אַלע טאָג צו ביסלעך פאַרגרעסערן. דאָס גריבל איז דאָך אונטער דער שטאַל פון דער קו. מיר וועלן אַלע טאָג גראָבן און דאָס גריבל וועט ווערן גרעסער". זאָגט ער: „ווי וועט איר דאָרט צוויי מענטשן ליגן? דאָס גריבל איז דאָך גרויס ווי אַ מינוט!" זאָג איך: „מ׳וועט ליגן ביז די גרופּע וועט קומען". קוקט ער מיך אָן: „ווען דאַרף זי קומען?" זאָג איך: „היינט, מאָרגן. אַז זי וועט קומען, גייען מיר אַוועק. און ביז זי וועט קומען, וועל איך גיין יעדן חודש קיין וואָלעסלאַווין און כ׳וועל אָפּנעמען דאָס געלט ביים מילנער, וואָס האָט אונדז געצאָלט פון זעקל, און דאָס געלט וועל איך דיר אַוועקגעבן".

דערהערט פון אַזוי פיל געלט, רופט ער זיך אָן: „דו וועסט גיין? דו האָסט דאָך נישט קיין געווער. מ׳וועט דיך דערהרגענען". זאָג איך: „מ׳עט גיין. מ׳עט מיך נישט דערהרגענען".

ווי דאָס גריבל האָט אויסגעזען, קען מען זיך פאַרשטעלן. מיטן גראָבן האָבן מיר עס עטוואָס פאַרברייטערט. כ׳האָב אַלע טאָג צוגע־לייגט טיכלעך איינגעטונקטע אין מיין השתנה צו יעדן ביינדעלע באַזונדער. ס׳קומט צום ערשטן, זאָג איך צו יאַנעקן: „קום קיין וואָ־לעסלאַווין". יעדערער פון אונדז האָט גענומען אַ שטעקן אין האַנט

און מיר זענען אַוועק. כ׳האָב גוט געקענט דעם וועג. מיר זענען צוגעקומען צום שטיבל און כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. די מילנערקע האָט געהאַט געהערט, אַז מ׳האָט אויסגעשאָסן גרופּעס, אָבער זי האָט נישט געוווּסט, וועלכע גרופּעס. זי איז צוגעגאַנגען מיטן לעמפּל צום פענסטער, זי האָט מיך אָנגעקוקט, און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ טאָרבע מיט געלט. כ׳האָב גענומען די טאָרבע ווי אַ טליתזעקל, און מיר זענען אַוועק צוריק. כ׳בין אַריין צו גאָנסקי און כ׳האָב אים דערלאַנגט די „באָמבע״. כ׳זע, די וואָנסעס הייבן זיך ביי אים. ער האָט אָנגעקוואָלן. פריער האָט ער געהאַט זעקס און דרייסיק מענטשן צו קאָרמען, היינט האָט ער נאָר צוויי פאַרן זעלבן פּעקל געלט. אַזוי האָבן מיר אָפּגעקויפט דעם גוי. מאַרישאַ האָט זיך צוגעזעגנט און דער זון האָט זיך צוגעזעגנט. יעדן מאָנאַט האָב איך אים געבראַכט פון וואָלעסלאַווין אַ טאָרבע געלט.

ווען מיר זענען אַרומגעגאַנגען מיט דער גרופּע, האָט זיך אַ גויע פאַרליבט אין יאַנעקן. זי האָט געהאַט צען מאָרג פעלד. זי האָט געהאַט אַ מאַן, נאָר קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט. די גויע פלעגט אונדז ברענגען קוילן צו פאַרקויפן. ווו זי האָט זיי גענומען, ווייס איך נישט. די ווערט פון קוילן איז געווען נישט אָפּצושאַצן. זי פלעגט ברענגען גאַנצע פּעק קוילן. זי האָט זיך פאַרליבט אין יאַנעקן און ס׳האָט זיך פאַרקאָכט אַ ליבע צווישן די צוויי. כל זמן די גרופּע איז אַרומגעגאַנגען, איז אַלץ געווען גוט. אַז די גרופּע איז צעהאַקט געוואָרן, און מיר זענען געבליבן ליגן אין גריבל, האָט די גויע דערשנאַפּט, ווו מיר באַהאַלטן זיך אויס. זי האָט נאָר געוואָלט אַריינקריגן זיך אין גריבל צו יאַנעקן. און דער אידיאָט, יאַנעק, האָט נאָר געוואָלט אַרויסגיין צו איר. ער איז געוויר געוואָרן, אַז די גויע דרייט זיך דאָ אַרום. טענה איך צו אים: „יאַנעק, דו וועסט דאָך מיך אומגליקלעך מאַכן. היינט האָסטו אין זינען אַ גויע?״ ענטפערט ער: „איך וועט מיט מיר גאָרנישט מאַכן. כ׳מוז אַרויסגיין״.

דערנאָך האָט ער געפונען נאָך אַן אויסרייד. זיין טאַטע, זאָגט ער, האָט איבערגעלאָזט ביי אַ גוי געלד, וויל ער דאָס גיין אָפּנעמען.

גיין אין דאָרף מענדראַוויץ איז געווען ווי גיין אין קאַלכאַויון. בלויז אַקאָווצעס זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען. דער וועג האָט געברענט. די באַנסטאַנציעס האָבן געפּילעוועט אוקראַינער, ליטווינער און לאַטיישן. קאָזאַקן זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען מיט ביקסן. דאָס אַלץ האָט ער געדאַרפט דורכמאַכן. גאַנסקי האָט זיך אויך אַריינגעמישט: „יאַנעק, וועסט נישט לעבן. האָסט נישט קיין געלט, איז ליג דאָ". „נייק, ער מוז גיין". אַ געוויסן טאָג האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען. כ'בין געבליבן אַליין אין גריבל. כ'ליג און טראַכט, וואָס קען מען טאָן מיט אַ יונג, אַ זשלאָב, אַן עקשן. און די גויע פלעגט אַלעמאָל קומען. זי האָט איין מאָל אפילו געברענגט אַ קוכן.

גאַנסקי פלעגט פאַר מיר אַלע זונטיק לייענען דעם „גלאָס ליובעלסקי" (לובלינער שטימע) און ער פלעגט מיר זאָגן, ווו דער פראָנט איז, ווו די דייטשן שטייען און ווו די רוסן גרייפן אָן. ער פלעגט מיך שטענדיק טרייסטן: „יאַנעק איז שוין אוודאי נישטאָ אויף דער וועלט. אָבער דו וועסט לעבן. כ'וועל דיר נישט לאָזן גיין צום מילנער, ווארעם מ'וועט דיך דערהרגענען. דו וועסט ביי מיר איבערלעבן די מלחמה. אַז דו וועסט איבערלעבן, וועסטו מיר באַצאָלן. און עסן — וואָס איך האָב, וועל איך דיר געבן". דאָס פלעגט זיין זונטיק נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעראַזירט, אָפּגעזאָגט דעם פּאַטשעזש" (תפילה). איך האָב באַווײנט יאַנעקן, און ער האָט באַווײנט יאַנעקן.

דאָס גריבל איז געווען געמאַכט אַזוי: איך האָב צוגעגרייט אַ דעקל, און אויפן דעקל אַ קעסטעלע מיט ערד, און אויבן אָנגעלייגט אַלט אייזן. יעדע נאַכט פלעגט די גויע אַרויפלייגן דאָס דעקל, אַרויפשטעלן דאָס קעסטעלע ערד פון אויבן און אויף דעם אָנלייגן דאָס אייזן. ביינאַכט בין איך נישט געשלאָפן. די אַקאָווצעס פלעגן קומען צו יעדן גוי, וואָס איז ביי זיי געווען פאַרדעכטיקט, און זיי פלעגן צולייגן אַן אויער צו דער ערד, כדי צו הערן צי יידן שנאָרכן נישט.

אַ געוויסע נאַכט הער איך, אַז מ'גראַבלט זיך ביי מיין דעקל. אַ, דאָס איז עס. כ'בין שוין פאַרטיק... ערשט יאַנעק לאָזט זיך אַראָפּ. „נו, וואָס זאָגט איר איצט? כ'לעב צי נייך?!" ער האָט, אמת, גע־

ברענגט אַ ביסל גאָלד, אַ ביסל קוילן. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין געווער.

מיר זענען אָפּגעלעגן ביי גאַנסקי אַריבער זעקס חדשים. די צייט האָט זיך גערוקט. אין יולי האָט מיך ביינאַכט דער גוי אַרויסגערופן און ער האָט מיר געהייסן צולייגן אַן אויער צו דער מיעזשע. האָב איך געהערט יעדן שאָס פון פראָנט, וואָס איז געווען פופציק קילאָ־מעטער פון אונדז. דער גוי האָט זיך געפרייט. ער האָט זיך מחיה געווען. איין מאָל האָט ער געמאַכט אַ יום־טוב: ער האָט געהאַט אַ גרויסן האָן. דער האָן האָט אַ פּיק געטאָן דער גויע אין פּוס און האָט איר איבערגעהאַקט אַן אָדער. האָט אים די גויע אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, אָפּגעקאָכט, האָט זי מיר אַריינגעטראָגן אַ חלק: „עס אַ שטיקל פליש פון דעם מערדער". דאָס איז געווען דער יום־טוב. געוויינלעך פלעגט די גויע אַלע אין דער פרי געבן עסן די חזירים און דערביי פלעגט זי אויך אונדז אַריינגעבן צום עסן. פון הונגער איז מען נישט געשטאָרבן. אַ מענטשלעכער אָרגאַניזם קען לעבן כמעט מיט גאָר־נישט.

אַ געוויסן טאָג האָט די גויע אָנגעקלאַפּט: „הער סטאַניסלאַוו, די רוסן קומען באַלד. אויב דו ווילסט, קום אַרויס. אויב דו ווילסט נישט — ליג ווייטער". זאָג איך: „וואָס זאָגסטו, איך זאָל טאָן?" זאָגט זי: „איך זאָג גאָרנישט. דער סאָלטיס האָט פאַרנומען מיין שטוב פאַר דער רוסישער אַרמיי". דאָס זענען געווען רוסן איבערגעטאָן אין פּוילישן אוניפאָרם. געווען איז דאָס 25 יולי 1945. ווי כ'האָב דאָס דערהערט, האָב איך געזאָגט: „יאַנעק, איך גיי אַרויס". זאָגט ער: „איך גיי נישט". זאָג איך: „דו ליג דאָ, און איך גיי אַרויס". די גויע האָט מיך אָנגענומען ביים האַלדז און זי האָט מיך אַרויס־געשלעפּט פון גריבל.

כ'בין אַרויפגעקומען. כ'האָב אָבער נישט געטאָרט זאָגן, אַז דער גוי האָט מיך אויסבאַהאַלטן. די אַקאָוצעס האָבן שפּעטער אויסגעשאָסן אַלע גוים, וואָס האָבן באַהאַלטן יידן. כ'גיי אַריין צום גוי אין שטוב. זע איך, דאָרט זיצט אַ שוועסטער און אויף דר'רערד זענען אויסגעלייגט

סאָלדאַטן, האָב איך געזאָגט צו דער שוועסטער: „העלף מיר. קוק אָן מייך לאַגע. ס'שטינקט פון מיר, אַז מ'קאָן נישט אויסהאַלטן. דער איטער רינט. גיב מיר עפּעס". זאָגט זי: „מיר האָבן גאָרנישט. מיר גייען אויף בערלין. כ'קען דיר נאָר געבן אַ ביסעלע אַלקאָהאָל". זי האָט מיר אַרומגעווישט די ווונד מיט אַלקאָהאָל. זאָג איך: „גיב מיר אַ העמד". זאָגט זי: „מיר האָבן נישט".

אַזוי ווי כ'גיי אַרויס פון שטוב, גייט מיר נאָך אַ זשאַנדאַר, אַ סערזשאַנט. זאָגט ער: „עמך?" כ'קוק אים אָן: „יאָ". זאָגט ער: „איך בין אויך אַ ייד". „אַ ייד?!... איז געוואָרן אַ געוויין... פרעגט ער: „פון וואַנען ביסטו?" זאָג איך: „כ'בין געשאָסן געוואָרן דאָרט אין וואַלד. כ'גיי אַרום נאַקעט. כ'האָב נישט קיין פּאָר הויזן. דאָס העמד האָב איך צעריסן. כ'האָב פון דעם געמאַכט קאָמפּרעסן. כ'האָב דאָ נאָך אַ חבר. ער וועט באַלד קומען". כ'בין צוגעגאַנגען צום גרוב און כ'האָב אַריינגעשריען: „קום אַרויס, נבלה!" ביז ער איז אַרויסגע־קומען, פרעגט מיך דער זשאַנדאַר: „פון וואַנען ביסטו?" זאָג איך: „פון לובלין". „פון לובלין? זע, דאָרט שטייט אַ יינגל, אַ שאָפער פון אַ לאַסטמאַשין, ער איז אויך אַ לובלינער". בין איך באַלד צוגע־גאַנגען צו אים. ווייזט זיך אַרויס, אַז איך בין געווען מיט זיין טאַטן און מיט זיין ברודער אין מיידאַנעק. „קענסט מיר העלפן מיט וואָס נישט איז?" זאָגט ער: „ניין. מיר פאָרן אויף בערלין, אָבער העלפן קען איך דיר מיט גאָרנישט".

אין קורצן: דער פּאָלקאָווניק פון דעם דאָזיקן פּאָלק האָט שוין נישט געלעבט. איז צוגעגאַנגען צו מיר אַ כאָראַנזשי און האָט מיך געבעטן: „טו מיר אַ טובה: האַלט אַ רעדע פאַרן פּאָלק. זאָלסט זיי זאָגן, ווער דו ביסט און ווער היטלער איז. ווייל מיר גייען אויף בערלין, וויל איך מיר זאָלן פאַרנעמען בערלין. מאָרגן אין דער פרי קומט דער דאָקטאָר". ער האָט מיר צוגעשטעלט אַ בענקל און ער האָט אויסגעשטעלט דעם גאַנצן פּאָלק. כ'האָב נישט געוווּסט, אַז אין פּאָלק זענען 90% יידן. כ'האָב געמיינט, אַז דאָס זענען גויים. כ'האָב זיך אַוועקגעשטעלט און גערעדט צוויי שעה צייט. אין פּוילן, יולי פאַרטאָג,

נאָכן אָפּליגן אַ האַלב יאָר אין גריבל, איז דאָך אַ נחת, אַ מחיה. די לופט איז פריש. האָט זיך גערעדט. און אָנגעזאָליעט אויפן האַרץ איז דאָך געוועזן... דערנאָך האָב איך דערזען — ס'ברעכט אויס אַ געוויינעריי ווי צו כל נדרי. האָב איך דערזען, אַז איך רייד פאַר יידן.

דערנאָך איז געקומען אַ דאָקטאָר, אַ לייטענאַנט. ער האָט געגעבן אַ ריס אַראָפּ די שמאַטע פון מיין האַנט און געזאָגט: „פאָר גלייך אין שפּיטאָל אַריין, פון דיין האַנט וועט שוין קיין האַנט נישט זיין".

# ניינטער קאַפּיטל

ביינאַכט האָט זיך געענדיקט דאָס ריידן פאַרן מיליטער, און איך דער פרי האָב איך געוואַרט אויפן דאָקטאָר. כ׳גיב אַ קוק — פון דער וווּיטנס גייט אַ יונג דאָקטאָרל, אין אַ פּוילישער אוניפאָרם. כ׳גיי צו אים צו. „ווער ביסטו?״ זאָג איך: „אַ פּאַרטיזאַנער״ און כ׳ווייז אים מיין האַנט. „ווו ביסטו געווען ביז אַהער?״ זאָג איך: „כ׳בין געלעגן אין וואַלד. כ׳בין געראַנירט געוואָרן מיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק. קיין הילף האָב איך נישט געהאַט. האָב איך צוגעלייגט טיכלעך איינגעטונקטע אין אייגענעם אורין״. זאָגט ער: „כ׳וויל נישט וויסן, ווו דו ביסט געווען. נאָר דיין האַנט האָסטו פאַרלוירן (איך רייד צו אים פּויליש, און ער ענטפערט מיר רוסיש. גיי אַריין אין שפּיטאָל, אפשר וועט מען נאָך עפּעס קענען ראַטעווען. דיין האַנט האָט נישט געהאַט קיין לופט, זי האָט נישט געהאַט קיין זון. איך קען דיר מיט גאָרנישט העלפן. פאָר וואָס שנעלער אין שפּיטאָל״.

כ׳בין אַרויס מיט יאַנעקן אויפן וועג, מיר האָבן אָפּגעשטעלט אַ מיליטערישע לאַסטמאַשין און מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין לובלין. דערמלסט האָבן געטראָפן פאַלן, אַז שמוקלערס האָבן צוגענומען ביי די רוסן אויף די וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן געפירט. מיך האָבן די רוסן געגעבן אַ קוק אָן — אַ ריכטיקער פּאַרטיזאַנער. „וואַניאיעט!״ (סע שטינקט) און זיי האָבן אונדז מיטגענומען. מיר פאָרן צו צו לובלין. די מאַשין קען ווייטער נישט פאָרן: אויפן וועג וואַלגערן זיך טויטע רוסן, טויטע דייטשן און געהרגעטע פערד, די געדערעם אין דרויסן. די ערד איז צעקאָפּעט אין זיגזאַגן. אַ פלאַנטער פון שטעכלדראָט. זאָג איך צום רוס: „לאָז מיך דאָ אַראָפּ. כ׳פאָר נישט מער״. דער שאָפער מיט יאַנעקן האָבן מיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט. כ׳בין אַראָפּ,

זאָג איך צו יאַנעקן: „קום! איך בין דאָ געבוירן געוואָרן. כ׳בין דאָ דערצויגן געוואָרן. כ׳קען דאָ יעדן ווינקעלע. מיר וועלן נישט גיין דורך דער שטאָט, ווייל דאָרט קען נאָך טרעפן אַ באָמבע. מיר׳ן גיין הינטן־אַרום, דורך פּיראַנעווקע.

מיר האָבן אויסגעמיטן אַלצדינג און זענען אַריינגעקומען אין דער גאַס, וווּ כ׳בין געבוירן געוואָרן. אָבער ס׳איז זי נישט געווען צו דערקענען. דאָס שטעטל טשעכוו איז איצט געווען איין גרויסער ליידיקער פּלאַץ. די דייטשן האָבן געצוווּנגען די יידן זיי זאָלן מיט די אייגענע הענט צענעמען זייערע הייזער. נאָר איין גאַס איז געבליבן — דן קראָל־לעשטשינסקי־גאַס, ווייל דאָרט זענען געווען שיינע הייזער. דאָרט איז געשטאַנען דאָס הויז פון דער קאָנאָפּניצאַ־גמינע. מיר גייען און מיר קומען צו צו מיינע הייזער, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער דאַזיקער גאַס. איין הויז האָט געטראָגן דעם נומער 32 און דאָס צווייטע, וויזאַווי, דעם נומער 19. גייט אַ קריסטין, כ׳דערקען זי און כ׳רוף זי. איר מאַן האָט ביי מיר געאַרבעט אַלס אַ מולער. טוט זי אַ געשריי: „יעזוס מאַריאַ!" און אַנטלויפט. זי האָט מורא געקריגן פאַר מיר. זי האָט דאָרט געוווינט. איר הייזקע האָט מען נישט צעלייגט, ווייל ס׳האָט געהערט צו אַ גוי. שריי איך איר נאָך: „וואָס לויפסטו? דו דערקענסט מיך נישט?" „ניין, ניין, ניין!" און זי איז אַנטלאָפן.

כ׳קום צו צו מיין ניי הויז. געגאַנגען בין איך דעם גאַנצן וועג מיט אַן אָנגעווייטיקט האַרץ, מיט אַ צעבלוטיקט האַרץ, ווייל מיין ווייב האָט מיר דערציילט אין געטאָ, אַז דאָרט וווּ מיר האָבן געוווינט, אויף קראָל־לעשטשינסקי־גאַס 32, האָט געוווינט אַ וואָזשני, שומאַנסקי. ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי שיינע טעכטער. די עס־עסאָווצעס פלעגן קומען צו זיי פאַרברענגען און (איבער דער צייט וואָס כ׳בין נישט געווען) האָבן אָנגעטאָן מיין פאַמיליע געברענטע צרות. מ׳האָט געקלאַפּט אין די נעכט, זיי פלעגן אַלע מאָל אַריינקומען און עפּעס אַנדערש צונעמען און אַריינטראָגן צו שומאַנסקין. מיין פאַמיליע איז געווען איבערגעשראָקן.

מיט דעם אַנגעוויטיקטן האַרץ, מיט דעם האַס, בין איך צוגעקומען צו מיינע הייזער. אין הויז נומער 32 האָב איך געהאַט באַגראָבן אין קעלער מיין גאַנצע ביזשוטעריע טיף, טיף אין דר׳ערד. זאָג איך צו יאַנעקן: „דו שטיי דאָ, און איך וועל גיין אַ קוק טאָן צי דער קעלער לעבט, צי ער איז דאָ״. כ׳גיי אַראָפּ, אָבער כ׳זע נישט קיין קעלער. קום איך אַרויס צוריק. זע איך — ס׳זיצט אַ גויע פון אַ יאָר פינף און זיבעציק. כ׳בין געקומען אָן אַ העמד, נאָר אין אַ פּאָר הויזן און שטיוול. די האַנט אויפגעהאַנגען אויף אַ פּעטליע (בינדע). פרעג איך די גויע: „ווו זיצט דאָ דער באַלעבאָס פון הויז?״ קוקט זי מיך אָן: „דו ביסט דער באַלעבאָס פון הויז. דו הייסט שיע. ווו איז דיין ווייב? ווו איז דיין טאָכטער? ווו איז דיין שוויגער?״. זי רופט מיר אָן די גאַנצע „קאָלעקציע״. זאָג איך: „איך בין נישט שיע. איך בין שיעס אַ ברודער״. זאָגט זי: ניין. דו ביסט נישט דער ברודער. דו ביסט שיע. כ׳געדענק ווען דו ביסט געבוירן געוואָרן. דו ביסט שיע, און דו האָסט געבויט דאָס הויז״. פרעג איך: „ווער זשע וווינט דאָ?״ זאָגט זי: „די עס־עס איז אַוועק, האָבן זיך אַהער אַריינגעצויגן פּאָליאַקן. מ׳האָט געזאָגט, אַז דו לעבסט נישט. אַז דו ביסט פאַרפאַלן געוואָרן אין מיידאַנעק. אַלץ איז באַוווינט״.

איין פערטל הויז איז געוועזן אָפּגעהאַקט פון אַ באָמבע, וואָס די רוסן האָבן אַריינגעשאָסן, זאָגט יאַנעק: „וואָס וועט איר טאָן?״ זאָג איך: „קוק זיך צו, וועסטו זען״.

פרעג איך די גויע: „ווו וווינסטו?״ זאָגט זי: „אין פּאַרטער״. „און ווער וווינט אויבן?״ זאָגט זי: „כ׳קען זיי נישט״.

האָב איך אָפּגעזוכט אין הויף אַ שטיק אייזן, כ׳האָב מיטגענומען יאַנעקן און כ׳בין אַרויף אויפן ערשטן שטאָק, און כ׳האָב אָפּגעריסן מיטן אייזן אַלע שלעסער פון די דירות. כ׳האָב אָפּגעריסן אַלע שלעסער פון צווייטן שטאָק און פון דריטן שטאָק. ביז כ׳בין אַרויף אויפן פערטן שטאָק. דערווײַלע האָט מען שוין געלאָזט וויסן דער אונטערוועלט, די שוואַרצהענדלער און די גנבים אויפן מאַרק, אַז

ס'איז געקומען אַ זשיד און ער האָט אויפגעריסן אַלע טירן. כ'גיב מיך אַ דריי אויס: כ'האָב פאַר זיך אַ גאַנצע באַנדע. כ'האָב זיי גוט געקענט. זיי האָבן מיך אויך געקענט. גיט אַ זאָג צו מיר דער גרעסטער באַנדיט: „פאַרוואָס האָסטו אויפגעריסן די שלעסער?" זאָג איך: „פאַרוואָס האָסטו זיך אַריינגעצויגן? זאָגט ער: „אַז מ'האָט דעם זשיד געהרגעט, איז ווער דאַרף פאַרנעמען די דירות? די דייטשן זענען אַנטלאָפן. האָבן מיר זיך אַריינגעצויגן. זענען מיר די בעלי־בתים". זאָג איך: „אַזוי גאָר?... דו קענסט מיך?" זאָגט ער: „כ'וויס?..." זאָג איך: „דו קענסט שיען, צי ניין?" זאָגט ער: „אַ ביסל". זאָג איך: כ'גיב דיר אַ וואָך צייט זאָלסט זיך אַרויסציִען. איר'ט אַלע דאָ נישט וווינען. איר האָט זיך גענוג אָנגעטרונקען מיט יידיש בלוט, מיט זייער האָב און גוטס. איך לעב. איך בין דער באַלעבאָס. און דו זאָלסט זיך שויך אַרויסציען פון דאַנען".

כ'בין אַריין אין מיין צווייטן הויז. דאָס הויז איז געווען כמעט ליידיק. דאָרט האָט די עס־עס געהאַלטן זייער געווער. דאָרט זענען אויך געווען קעלערן. כ'האָב אָנגעהויבן צו זוכן אין קעלער — אַ נעכטיקער טאָג. ס'איז גאָרנישט געווען.

אין לובלין איז געווען אַ יידישער דענטיסט טאַבאַטשניק. ער האָט געהאַט אַ ניי הויז אויף דער אגראדאווע־גאַס. ביי אים האָט געוווינט דער סטרוזש קשיזשאַנאָווסקי. מיין ווייב האָט אים אָוועקגעגעבן איר קאַראַקולנעם מאַנטל, די פוכענע קאָלדרעס, ווייל די יידן האָבן דאָס געמוזט אָפּגעבן. ס'איז נישט געווען ווייט צו גיין צו אים.

זאָג איך צו יאַנעקן: „לאָמיר גיין צו קזשיזשאַנאָווסקין. כ'שעם מיך צו גיין אין גאַס אָן אַ העמד, באַוואָקסן". דאָס ווילדפלייש פון דער האַנט האָט געשטונקען. פליגן האָבן אויף איר געראַיעט. „לאָמיר אַרויפגיין צו קשיזשאַנאָווסקין. כ'גלייב, אַז ער איז בעסער פון אַנדערע". אַז די גויע, זיין ווייב, האָט מיך דערזען, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען. זי האָט מיך אָפּגעוואַשן, זי האָט מיר געגעבן אַ העמד. זאָג איך צו איר (דער מאַן איז נישט געווען אין שטוב): „מיין ווייב

האָט דאָ איבערגעלאָזט אַ פּוטער". זאָגט זי: „יאָ. מײן טאָכטער האָט אים איבערגעמאַכט. אָבער דו לעבסט, נעם זיך אים צוריק". זי האָט מיר געגעבן אַ גלאָז טײ (אויך יאַנעקן) און האָט געפרעגט, צי איך וויל אַ מאַרינאַרקע. זי האָט אונדז בײדן געגעבן מאַרינאַרקעס. ווען זײ זענען געווען, ווײס איך נישט. מיר האָבן אָפּגעגעסן און מיר זענען אַוועקגעגאַנגען. פרעגט יאַנעק: „וווּ גײט איר איצט?" זאָג איך: „זע, מיר האָבן נישט וואָס אנצוטאָן. איך בין געווען אין מײדאַ־נעק. איך בין געווען אין מאַגאַזין. איך ווײס, ווו דאָס אנטועכץ ליגט. קום מיט מיר".

מיר זענען געקומען צו דער קראָקעווער פאַרשטאָט. זע איך, זעלנער שטײען דאָרט אויף וואַרטע. כ'קוק מיך אַזוי צו, זאָג איך צו יאַנעקן: „צי דאָס איז נישט אַ מאָל אײנער פון אונדזער גרופּע". זאָגט ער: „ס'דאַכט זיך מיר, אַז יאָ". גײען מיר צו צו אים. רעדט ער צו אונדז פּויליש: „וועער זײט איר?" מיר רײדן צו אים אויף ייִדיש און ער ענטפערט אויף פּויליש, אַז ער קען אונדז נישט. זאָג איך: „דו דער־קענסט אונדז נישט?" זאָג איך: „וואָס טוסטו דאָ?" זאָגט ער: „מיעטעק איז איצט דער קאָמענדאַנט פון לובלין, און מיר היטן די שטאָט, ביז מ'וועט זי איבערגעבן. מיעטעק זיצט אויף דער גרינער גאַס אין הויפּט־קאָמיסאַריאַט. גײ אַרויף צו אים, וועט ער דיך באַפרײען"; מיר זענען גלײך אַוועק צו מיעטעקן. ער האָט זיך שטאַרק דערפרײט: „מיר האָבן דאָך אײך פאַררעכנט פאַר טויטע!" זאָג איך: „מיעטעק, מ'דאַרף זיך דאָך אַ ביסל אָנטאָן". זאָגט ער: „וואָס קאָן איך אײך געבן, אַז מיר האָבן גאָרנישט". דערוװײלע האָב איך אים דערצײלט, אַז איך האָב אַראָפּגעריסן די שלעסער פון מײנע הײזער. פרעגט ער: „פאַרוואָס?" זאָג איך: „די פּאָליאַקן וועלן מיר אַזוי שנעל נישט אָפּגעבן, וואָס זײ האָבן פאַרכאַפּט. כ'וועל דאַרפן האָבן הילף". זאָגט ער: „אַז דו וועסט דאַרפן הילף, וועסטו באַקומען. די פּאַרטיזאַנער וועלן דיר העלפן. נאָר טו מיר אַ טובה: ס'ליגט אַ פאַרפאַלק אויף דער מאַזור־מאַזאָוויעצקי־גאַס. אַז דו וועסט האָבן אַ פרײע דירה, נעם זײ אַרײן. זײ זענען געווען באַהאַלטן בײ אַ גױ. זײ האָבן נישט קײן גראָשן

ביי דער נשמה״. „גוט, האָב איך געזאָגט, אַז כ׳וועל האָבן אַ פרייע דירה, וועל איך זיי אַריינגעמען״.

כ׳האָב גענומען יאַנעקן און מיר זענען אַוועק צום הויז, וואָס האָט געדינט ביי די דייטשן ווי אַ מאַגאַזין פון קאָנפיסקירטע בגדים. האָב איך געזאָגט צו יאַנעקן: „גיי אַרויף אַהין. דו ביסט אַ הויכער, און איך קען נישט, כ׳בין מיט איין האַנט״. פרעגט ער: „צו וואָס?״ זאָג איך: „גיי אַרויף. וועסט דאָרט טרעפן דאָס בעסטע טשעכישע אָנטועכץ. די טשעכישע יידן, וואָס די דייטשן האָבן אַהער געברענגט, זענען געווען זיכער, אַז זיי פאָרן אַרבעטן. רייך זענען זיי געווען, האָבן זיי מיטגענומען דאָס בעסטע אָנטועכץ. איך האָב דאָס דאָרט איינגעפּאַקט און פאַרבונדן יעדן פּעקל מיט אַ פּאַסעק און אויפגע־שריבן דעם נאָמען, צו וועמען עס געהערט. די טשעכישע יידן האָבן מיטגענומען די בעסטע אָנצוגן, אַפילו די שטעקשיך האָבן זיי גע־ברענגט״. יאַנעק (ער לעבט היינט אין חדרה) איז אַרויף און ער שרייט צו מיר אַראָפּ: „אוי גוואַלד! זע נאָר דאָס ביסל אָנצוגן, וואָס דאָ ליגט!״ זאָג איך: „נעם דאָס בעסטע״. יאַנעק האָט אַראָפּ־געוואָרפן צען אָנצוגן. פון דאָרט האָבן מיר זיך אומגעקערט צו דער קשיזשאַנאָווסקי אויף אַגראַדאָווע נומער 5 און כ׳האָב דאָרט איבער־געלאָזט די אָנצוגן. און צו איר האָב איך געזאָגט: „נעם זיך וויפל דו ווילסט״. כ׳בין אַוועק צו מיעטעקן און כ׳האָב אים געפרעגט: „אפשר ווילסטו אַן אָנצוג? כ׳קאָן דיר געבן. כ׳האָב דאָ געאַרבעט און כ׳ווייס פון אַלצדינג״. פון מיעטעקן האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין טשעכעוו צו מיינע הייזער.

די גוים זענען געשטאַנען און געקלערט, וואָס צו טאָן מיט מיר. זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן אַ שלעכטן ביין אַראָפּצושליגנען, ביטער.

דערווייל האָבן זיך אַלע טאָג גענומען באַוויזן יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. מערסטנס פרויען, וואָס האָבן איבערגעלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן. פרויען פון אַדוואָקאַטן, פון דאָקטוירים. אַ סך פון זיי זענען געווען מיט קינדער. זיי האָבן גוט אויסגעזען און זיי האָבן

געזוכט אַן אָרט, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. זיי האָבן געזוכט אַ קוואַרטיר.

איך האָב מיט דער צייט אַרויסגעטריבן אַלע פּאַליאַקן ביז איינעם. אַלע שטאַרקע, אַלע אונטערוועלט־מענטשן. דאָס ערשטע האָב איך אַריינגעלאָזט אין אַ דירה דאָס פּאַרפּאַלק (וואָס מיעטעק האָט מיך געבעטן). כ׳האָב זיי אָפּגעגעבן אַ וווינונג פון דריי צימערן אויפן פּערטן שטאָק. לובלין איז דעמלסט געווען די הויפּטשטאָט פון פּוילן. וואַרשע איז געווען ביים דייטש, אַטוואָצק ביי די רוסן, און די פּוילישע רעגירונג איז געזעסן אין לובלין. די פריש אָנגעקומענע יידן האָבן געהערט, אַז אויף קרול־לעשטשינסקע־גאַס קען מען קריגן אַ וווינונג ביי אַ ייד, זענען זיי געקומען צו מיר. האָב איך אָנגעהויבן אַריינלאָזן אין מיינע הייזער יידישע שכנים.

ביי אונדז איז געווען אַ ייד אַ מילנער, שלימאַק. ער איז געווען באַהאַלטן מיט זיין ווייב ביי אַ גוי. דער שלימאַק האָט דערווייל אָפּגענומען זיין מיל און ער האָט אָנגעהויבן צו פּאַרדינען געלט. ווען אַ ייד איז צו אים געקומען, האָט ער אים גלייך אַריינגענומען צו דער אַרבעט. די יידן, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט, האָבן דאָרט אויסגעגראָבן אַ גרוב: דער פּחד פּאַרן דייטש האָט זיי נישט געלאָזט צו רו.

אַ ביסל שפּעטער האָט מען אָפּגענומען פּרצעס הויז. אין געטאָ איז דאָרט געווען דער שפּיטאָל פּאַר טיפוס־קראַנקע. מ׳האָט דאָרט אַריינגעזעצט די פּריצן, וואָס זענען געקומען פון אוישוויץ. צווישן זיי 14־15יעריקע מיידלעך אין הילצערנע שיך. אַ מיידל פון פּערצן יאָר אויסגעמאָגערט, אויסגעצערט, האָט אויסגעזען זעכציק. מ׳האָט געשאַפן פּאַר זיי אַ קיך און מ׳האָט זיי געגעבן מיטאָגן. דערנאָך האָבן גענומען קומען טראַנספּאָרטן פון רוסלאַנד. יידן, נישט קיין לובלינער, האָבן אָרגאַניזירט אַ קהילה אויף דער ריבנע־גאַס. אויף קראַקאָווסקי־גאַס נומער 60 האָט מען אָפּגענומען אַ הויז און מ׳האָט דאָרט געעפנט אַ קינדערהיים פּאַר די קינדער, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן ביי גויים. ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבן פּולסירן אַ יידיש לעבן אין לובלין.

(דעם 12טן יולי 1944 האָט מיר די גויע אָנגעזאָגט, אַז די רוסן זענען געקומען, און דעם 27 יולי בין איך געקומען אין לובלין. באַלד האָב איך זיך געטראָפן מיט די פּאַרטיזאַנער).

דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט־געאַרבעט מיט די דייטשן. מ'האָט זיי אַרעסטירט. די דאָזיקע אַרעס־טאַנטן האָט מען באַשעפטיקט ביים אויפראַמען די שטאָט. זיי האָבן אַראָפּגענומען די צאַמען פון שטעכלדראָט, זיי האָבן באַזייטיקט די טויטע מענטשן און אַלע פּגרים. זיי האָבן פאַרשיט די גריבער.

איין מאָל האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַריינצוגיין אין קאָמיסאַריאַט, וווּ מיעטעק גרובער האָט געאַרבעט. שרייט צו מיר איינער פון אַהינטער די קראַטן: „שיע! שיע!" כ'קום צו נענטער. זיצט דאָרט אַ געוועזענער סערזשאַנט (דערנאָך האָט ער געאַרבעט אין געהיימ־פּאָליציי) און ער בעט מיך: „טו מיר אַ טובה, גיב מיר אַריין אַ פּערציקסטל בראָנפן". איך האָב נאָך געלעבט מיטן געפיל פון רחמנות. איך בין אַרויס אין דרויסן און כ'האָב געקויפט אַ פּערציקסטל בראָנפן און כ'האָב אים אַריינגעגעבן. האָט דאָס דערזען מיין אַ פּאַרטיזאַנער: „וואָס האָסטו געטאָן?" ער האָט מיך כמעט אָנגעהויבן שלאָגן: „ער זיצט פאַר אַרבעטן מיט די דייטשן, גייסטו אים אַריינברענגען בראָנפן?" זאָג איך: „קינדער, ס'איז נאָך נישט געענדיקט. ס'הייבט זיך ערשט אָן. מ'טאָר זיך נישט איינרייסן".

כ'האָב זיך גענומען אַרומקוקן. כ'קוק אָן מיין אייגענעם אומגליק, און כ'בין אַוועקגעגאַנגען אין שפּיטאָל. אין לובלין זענען געווען עטלעכע שפּיטעלער. איך בין אַוועק אין שפּיטאָל, וואָס איז געווען אין דער ישיבה. דאָרט האָט מיר אַ דאָקטאָר אַרומגעווישט און פאַר־באַנדאַזשירט די האַנט, און ער גיט מיך אַ פרעג: „פון וואַנען ביסטו?" און איך, נאַר, זאָג, אַז כ'בין אַ לובלינער. זאָגט ער: „דו האָסט וווּ צו ליגן. מיר נעמען נישט אַריין קיין לובלינער. אַהער קומען אַלע טאָג געראַנירטע. פאַר דיר האָבן מיר נישט קיין בעטל. דו ביסט שוין לאַנג געראַנירט. דיר וועט גאָרנישט געשען. גיי אַהיים שלאָפן און קום אַלע אין דער פרי אַהער, וועט מען דיר איבערבינדן. אַ בעטל

פּאַר אַ געראַנירטן סאָלדאַט, וואָס קומט פון פראַנט, איז נייטיקער ווי פאַר דיר".

פלעג איך גיין אַלע טאָג אין שפּיטאָל און מ'פלעגט מיר דאָרט איבערבינדן די האַנט. אָבער דאָס לעבן האָט שוין פאַרלאָרן דעם טעם. פריִער האָט מען געקעמפט פאַרן לעבן, פריִער האָט מען געוואָלט לעבן, נאָך אַ שעה לעבן, נאָך אַ שעה לעבן, כדי צו זען דעם דייטשס סוף. איצט האָב איך שוין דערלעבט דעם דייטשס סוף, אָבער כ'בין געוועזן עלנט ווי אַ שטיין. כ'האָב נישט קיין פרוי, כ'האָב נישט קיין קינד, כ'האָב נישט קיין ברודער, קיין שוועסטער. איז צו וואָס דאַרף איך לעבן? יידן, און אַפילו פּאָליאַקן, זענען צו מיר צוגעגאַנגען: „וואָס ביסטו אַזוי פאַרצווייפלט?". די גאַנצע צייט האָב איך דאָך געהאָפט, אַז ווער נישט איז פון מיין פאַמיליע וועט זיך ווייזן. געוועזן פאַלן ווען ס'זענען געקומען פון אוישוויץ פרויען, וואָס די מענער זענען געוועזן זיכער, אַז זיי זענען טויט. אָבער איך האָב נישט געהאַט אויף וועמען צו וואַרטן. מיינע נאָענטסטע האָט מען נישט אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ, נאָר קיין בעלזשעץ. דאָרט האָט מען זיי באַלד פאַרגאַזעוועט.

דאָ, אין לובלין, האָבן יידן באַלד אָנגעהויבן צו האַנדלען און צו וואַנדלען. איך האָב גאָרנישט געוואָלט טאָן. מיר איז נישט ניחא געוועזן דאָס לעבן. כ'האָב זיך נאָר אַרומגעדרייט מיטן געדאַנק נקמה צו נעמען אין שומאַנסקין, וואָס איז שולדיק געוועזן אין מיין פרויס טויט. יעדן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ באַרופענער און כ'האָב אים געזוכט. ווו זוכט מען אָבער? כ'בין געווען אין מאַגיסטראַט, זענען דאָרט נישט געווען קיין אַדרעסן פון די איינוווינער.

כ'האָב אָפּגענומען אין מאַגיסטראַט מיינע צוויי איינמעלדונגס־ביכער מיטן שטעמפּל. מ'האָט זיי מיר אָפּגעגעבן בתשואות חן, וואָרעם שטאָט־פּרעזידענט איז דאָרט געווען קאַדורי, מיינער אַ באַקאַנטער גוי, אַ שיכור. פריִער, פאַר דער מלחמה, איז ער געווען אַ „וואָזשני", אַ באַדינער, אַ שמש. מ'האָט ווידער געמוזט איינמעלדן יעדן איינעם, וואָס איז געקומען איבערנעכטיקן אַפילו איין נאַכט. אין צוויי דירות

האָב איך אַריינגענומען אומזיסט רוסישע מיליטערלייט. טיילווייז אויס מורא, ווייל יעדן טאָג האָט מען געהערט, אַז מ׳האָט געשאָסן אַ ייד. צווייטנס, איז מיר געוואָרן הימלעכער. זיי האָבן פאַרנאַכט געשפּילט און געטאַנצט, די גאַס איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע. קיין יידישע נשמה איז דאָרט נישט געווען, בלויז גויים. פאַר זיך האָב איך גע־נומען אַ דירה אויפן ערשטן שטאָק. כ׳האָב זי אויסגעמעבלירט מיטן מעבל פון דער עס־עס, און כ׳האָב אַריינגענומען צו מיר וווינען אַ רוסישן מאַיאָר. אָן געלט, אַ קלוגער גוי. אין דער אָפּיצינע האָב איך פאַרדונגען אַ דירה פיר יידישע פרויען, וואָס האָבן זיך אומגעקערט מיט קענקאַרטעס. זיי האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין. כ׳האָב גע־קענט זייערע מענער.

ס׳איז צו מיר געקומען אַ פאַמיליע פון גאַליציע. געהייסן האָבן זיי אויף די פוילישע פּאַפּירן קאָוואַלסקי. די פאַמיליע האָט איבערגע־לעבט די מלחמה אין לובלין גופא. זיינער אַ ברודער האָט אויך איבערגעלעבט די קריג. ער איז געווען אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק. כ׳האָב זיי פאַרדונגען אַ דירה אונטן, אין פּאַרטער. אַ פרוי מיט אַ מאַן און צוויי קינדער. זיי האָבן פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פאַבריק אין גאַליציע. כ׳האָב אויך זיי אַריינגענומען ס׳זאָל מיר זיין היימ־לעכער. זיי האָבן נאָך אַלץ געלעבט אויף די אַרישע פּאַפּירן. זיי האָבן נאָך מורא געהאַט צו זאָגן, אַז זיי זענען יידן. ס׳איז געקומען צו מיר דזשאָרדזש מייזלס (ער איז היינט אין קאַליפאָרניע), אַ פאַר־טיזאַנער. האָב איך אים געגעבן אַ דירה אָן געלט. כ׳האָב אים גע־ברענגט בעטן, קאָלדרעס און שעניקעס. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ שוסטער, האָב איך געזאָגט: „אַרבעט געזונטערהייט". ראובן ראָסעט איז געקומען צו מיר מיט זיין פאַמיליע און מיט סטעפען, האָב איך זיי געגעבן אַ דירה אויפן צווייטן שטאָק. און אַזוי געלאַסן האָבן זיך אָנגעפילט די דירות.

ס׳איז געקומען צו מיר פון הרובישאָוו חיים זעלצער מיט זיין פרוי, אַ לערערין (זיין ברודער איז אויך צוריקגעקומען, האָבן אים די אַקאָווצעס באַלד דערהרגעט), און האָט געבעטן ביי מיר אַ דירה.

האָב איך געזאָגט: „כ'וועל דיך אַריינגעמען צו זיך אין מיין איי־
גענער דירה אָן געלט. נאָר אויב כ'וועל זיך געפינען אַ פּאַסיקע
פרוי, בעט איך דיך, זאָלסט זיך באַלד אַרויסציִען. און אַזוי איז
טאַקע געווען.

איין מאָל, אַזוי ווי איך גיי, קומט מיר אַנטקעגן אַ פרוי מיט
אַ קינד ביי דער האַנט, אַ ליכטיקע פרוי. בלאָנד. אַן עכטע קריסטין.
דאָס קינד איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט. זי הייבט אָן מיט מיר צו
ריידן אין אַ פּערפעקטן פּויליש און זי דערציילט מיר, אַז זי זיצט
ביי שלימאַקן און אַז זי זוכט אַ וווינונג. זי פרעגט מיך (געהייסן
האָט זי צעשאַ) אפשר קען איך איר פאַרדינגען אַ צימער. ביי שלימאַקן
דאַרף זי שלאָפן מיט נאָך מענטשן אין צימער. „איך בין דאָך אַ פרוי"...
האָב איך איר געזאָגט: „כ'האָב די שענסטע דירה אויפן ערשטן
שטאָק. כ'בין איינער אַליין. אויב איר ווילט, קומט אַריין מיט מיר
וווינען. קיין געלט וועל איך ביי אייך נישט נעמען".

כ'האָב זי אַריינגענומען צו מיר. זי האָט געזאָגט, אַז איר מאַן
איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און זי ווייס נישט, צי ער לעבט. זי האָט
געשטאַמט פון אַ רייכער משפחה. איר טאַטע האָט פאַר דער מלחמה
געהאַט אַן אייגענעם גוט און אַ מאַגאַזין פון תבואה. זי האָט געהאַט
שוועסטער. איינע לעבט היינט אין ישראל. פאַר דער קריג האָט זי,
צעשאַ, געהאַט אַ פאַבריק אין קראָקע, וווּ מ'האָט געהובלעוועט ברעט־
טער פאַר סטאָליערס. איך האָב מיט איר גערעדט אָפענע דיבורים:
„קומט אייער מאַן צופאָרן, זאָל ער האָבן זיין פרוי און זיין קינד ביז
הונדערט און צוואַנציק יאָר. וועל איך ווייסן, אַז כ'האָב געטאָן אַ מיצווה.
אויב אָבער איר וועט געוויר ווערן, אַז אייער מאַן לעבט נישט, וואָלט
איך אייך געוואָלט פּראָפּאָנירן, איר זאָלט מיט מיר חתונה האָבן".
און די פרוי האָט ביי מיר געוווינט.

גייענדיק אַזוי אין איינעם אַ פאַרנאַכט אין גאַס, קומט מיר אַנט־
קעגן אַ ייד פון ריישע און ער ווענדט זיך צו מיר אין פּויליש: „ווו
קאָן מען דאָ איבערנעכטיקן? כ'בין נישט קיין היגער". זאָג איך:
„גייט אויף לעוואַרטאָווסקי גאַס. אויב איר וועט דאָרט נישט געפינען

קיין פלאַץ איבערצושלאָפן, וועט איר קומען צו מיר״. כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז דער ייִד האַנדלט מיט וואַלוטע. ער האָט געאַרבעט אין דער ריישער גמינע, און ער פלעגט אָפט קומען אין לובלין צוליב זיינע זייטיקע געשעפטן. מיר האָבן זיך איינגעלעבט ווי פריינד, און ווען ער פלעגט קומען קיין לובלין, פלעגט ער ביי מיר איבערנעכטיקן.

איין מאָל, אין גאַנצן צופעליק, כ׳טו אַ קוק: שומאַנסקי, דער מערדער פון מיין פרוי, שטייט לעבן קרייזגעריכט. אַנגעטאָן איז ער געווען ווי פאַר דער קריג. בין איך צוגעגאַנגען צו אַ פּאַרטיזאַנער און כ׳האָב אים געבעטן, ער זאָל אים לעגיטימירן ,און ער זאָל זיך דערוויסן ווו ער וווינט. אָבער ער זאָל אים נישט פאַרהאַלטן. שומאַנסקי האָט אים געזאָגט, אַז ער וווינט אויף דער לעגיאָנאָווע גאַס דעם און דעם נומער, לעבן פּאָלק. מיין שטימונג איז געווען אַ הפקרדיקע. כ׳האָב קיינעם נישט מיטגענומען און כ׳בין אַוועק צו אים. כ׳קום אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. זי, זיין ווייב, איז דאָ. אַ געפּלעפטע טוט זי אַ זאָג: „איר לעבט?״ זאָג איך: „ניין. כ׳לעב נישט״. כ׳קוק זיך אַרום אין שטוב און כ׳טרעף דאָרט אַלצדינג מיינס. אַפילו מיינע פּאָרטרעטן. מיין פּאָרטרעט און מיין ווייבס פּאָרטרעט. יעדעס פּיצל פון מיין וווינונג שטייט ביי איר. כ׳האָב זיך מיט כוח איינגעהאַלטן פון חלשן. נעם איך אַרויס דעם רעוואָלווער און כ׳לאָד אים אָן מיט איין האַנט, און ביי זיך טראַכט איך: וואָס טוט מען? ווי נעמט מען נקמה פאַר מיין בלוט? שטעלט זי זיך אַוועק אויף די קני און זי הייבט אָן צו וויינען. זי צלמט זיך און זאָגט צו מיר: „דו טאָרסט מיך נישט שיסן, ווייל איך בין שוואַנגער״. האָבן זיך מיר די הענט אַראָפּגעלאָזט — יידישע רחמנות. כ׳האָב זיך צעוויינט און כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, און כ׳בין געבליבן שטיין. אין דעם, זע איך, ס׳גייט אַ סערזשאַנט. זאָגט ער „עמך?״. זאָג איך: „יאָ. ביסט אַ ייִד?״ ענטפערט ער: „אַ ייִד״. זאָג איך: „שטיי אַ ווײַלע. כ׳וויל זיך מיט דיר באַראַטן. כ׳האָב דאָ אַ מעשה״ און כ׳דערצייל אים, וואָס מיר האָט געטראָפן. זאָגט ער: „כ׳פאָר פון מאָסקווע. באַרוּיק זיך. זיי נישט הפקר. וואָרעם דו וועסט באַצאָלן מיטן לעבן. לויף

נישט!" „איז וואָס זשע זאָל איך טאָן?" זאָגט ער: קום מיט מיר אַריין אין שטוב. כ'נעם אים אַריין אין שטוב, און די גויע מאַכט די זעלבע קונצן. זי וויינט, זי רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, זי ספּאַז־מירט. „ביסט גערעכט, אָבער שענק מיר דאָס לעבן". איך שטיי מיטן רעוואָלווער אין האַנט אָנגעצילט אויף איר. כ'דאַרף נאָר אַ צי טאָן דאָס צינגל. כ'האָב געוווּסט, אַז אויב כ'וועל זי שיסן, וועט מען מיר גאָרנישט טאָן. אָבער דער ייד האַלט מיך איין. אין דעם מאָמענט קומט אַריין איר מאַן. פאַלט ער אויך אַוועק אויף די קני: „ביסט גערעכט. דאָס אַלץ איז דיינס. וואָס קאָנסטו מער פאַרלאַנגען פון מיר? נעם דאָס אַלץ אַוועק צוריק. נעם דיר אַוועק אויך מיינס. אָבער האָב רחמנות. שענק מיר דאָס לעבן". זאָגט צו מיר דער סערזשאַנט: „קודם קום אַוועק. פאָלג מיך. כ'וועל מאָרגן קומען צו דיר. שיסן האָסטו צייט. אָבער מאַך נישט קיין גערודער. ביסט נישט איינער. ביסט נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער". ער האָט מיך אַוועקגעפירט אַהיים.

דערנאָך איז געקומען צו מיר שומאַנסקי. ער האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די קני. „ביסט גערעכט. נעם אַלץ צו, אָבער לאָז מיך לעבן". האָב איך אים געזאָגט: „כ'וועל זיין ביי דיר". כ'האָב גענומען אַ רוסישן זעלנער מיט אַ לאַסטמאַשין און כ'בין צוגעפאָרן צו שומאַנסקין. כ'האָב גענומען פון מיינע זאַכן נאָר דאָס, וואָס האָט מיר געקאָנט צו נוץ קומען און כ'בין אַוועקגעפאָרן.

נאָך דער מעשה האָב איך געזוכט דעם גוי שטשעטשינסקי, דעם אַרכיטעקט, וואָס האָט ביי מיר גענומען לעבן די דראָטן פון מיידאַנעק 3,000 זלאָטעס. פאַר דעם געלט האָט ער מיר געדאַרפט מאַכן אַ קענקאַרטע און אויסבויען אַ בונקער לעבן מיידאַנעק. אָבער ווען כ'בין געקומען צו אים מיטן עס־עס־מאַן, האָט ער מיר געגעבן צוויי פּעטש. כ'בין געוווּיר געוואָרן זיין אַדרעס און כ'בין אַוועק אַהין. ער האָט שוין אָבער נישט געלעבט. כ'האָב נאָר געטראָפן זיין פרוי. זי האָט מיך דעמלסט גוט באַהאַנדלט: ווען זי האָט דערהערט, אַז ער שלאָגט מיך, איז זי אַריינגעלאָפן און געזאָגט: „דו נעמסט

אַ טויטן מענטש און דו שלאָגסט אים?״ זי האָט מיר דעמלסט געגעבן אַ ברויט און האָט מיר אָנגעוווּנטשן.

מיינע נערוון האָבן זיך טיילווייז באַרויִקט.

צעשאַ מיט אירע עלטערן און שוועסטער האָבן פאַר דער קריג געוווינט אין זייער גוט. פאַר די דייטשן האָבן גויים צעשלעפּט פון גוט, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. בין איך מיט איר אַרומגעפאָרן 30 — 40 ק״מ אַ טאָג אויפצומאָנען דאָס, וואָס מ׳האָט צעראַבירט. דאָס פאָרן האָט געשמעקט מיט הפקר, וואָרעם אַלע טאָג האָט מען געהערט, אַז דאָ און דאָרט האָט מען דערהרגעט אַ ייד. מיר האָבן אָפּגענומען די זאַכן. די גויים האָבן אָפּגעגעבן. איין מאָל האָב איך אַראָפּגענומען פון אַ גויע צעשאַס שוועסטערס אַ פּאָקענעם מאַנטל אויף דער קראָקעווער פאַרשטאָט. די גויע איז געגאַנגען, און צעשאַ האָט זי דערקענט, און האָט געזאָגט: „דאָס איז זי״. בין איך צו־געגאַנגען צו דער גויע און כ׳האָב געזאָגט: „טו אויס!״, און זי האָט אויסגעטאָן. דערנאָך בין איך געפאָרן און כ׳האָב אָפּגענומען צעשאַס פאָטערס גוט. (אַ מאַיאָר האָט שוין דאָרט געוווינט) און כ׳האָב אים פאַרדונגען. דאָס געלט האָב איך איר אָוועקגעגעבן.

דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז איר טאַטע האָט געהאַט אויף דער און דער סטאַנציע אַ מאַגאַזין פון תבואה. דאָרט איז געווען אַ גע־פערלעך אָרט. סאַמע אַקאָווצעס. בין איך אַריינגעפאָרן צום גוי, וואָס האָט געהאַלטן דעם מאַגאַזין, און כ׳האָב אים באַוויזן אַ פּאַפּיר, „דער מאַגאַזין איז דיינער, די ערד איז אָבער מיינע. ווייסט וואָס? לאָמיר זיך צעטיילן מיטן מאַגאַזין. מיר וועלן אים צענעמען. דו וועסט נעמען אַ העלפט און איך וועל נעמען אַ העלפט״. דער סטאַ־ראָסטע האָט מיך אויך געבעטן: „קום דורך. זעסט דאָך, אַז דאָ זענען סאַמע אַקאָווצעס״. האָבן מיר צענומען דעם מאַגאַזין און אַ העלפט האָב איך אַריבערגעפירט אויף אַ רוסישער לאַסטמאַשין — האַלבע סלופּעס, האַלבע בעלקעס, אַ האַלבן דאַך — קיין לובלין, און צעשאַ איז געשטאַנען און האָט דאָס אַלץ פאַרקויפט.

דער ייד פון ריישע איז שטענדיק געקומען צו מיר. כ׳האָב

נישט געוווסט, אַז צווישן אים און צעשאַן האָט זיך אַריינגעכאַפּט עפּעס אַ ליבע. איך פלעג אַוועקגיין פון שטוב אין דער פרי און כ׳פלעג זיך אומקערן ביינאַכט. דער ייד האָט אָנגעהויבן קומען אַלע טאָג און זי, צעשאַ, איז מיטגעגאַנגען מיט אים.

איין מאָל זאָגט זי צו מיר, אַז זי פאַרט קיין קראָקע אָפּנעמען די פאַבריק. דאָס קינד לאָזט זי איבער ביי מיר. זאָג איך: „פאָר געזונטערהייט". זי איז דאָרט אָפּגעווען זעקס וואָכן, און איך האָב געהאַט דעם פליכט פון אַ טאַטן און אַ מאַמען. כ׳האָב דאָס קינד געבאָדן און אויסגעקעמט פאַרן שלאָף. אַ קלוג מיידעלע געווען. כ׳האָב געוואָלט צוגעוווינען דאָס קינד צו מיר. דערנאָך איז צעשאַ געקומען און האָט מיר געדאַנקט. זי איז געווען צופרידן, וואָס דאָס קינד זעט אויס גוט.

אַ ביסל שפּעטער זאָגט מיר צעשאַ, אַז זי מוז ווידער אַוועקפאָרן פאַרענדיקן מיט דער פאַבריק, און זי איז אַוועקגעפאָרן. פאַר דער צייט איז אויסגעפאַלן דעם קינדס אימענינעס. כ׳האָב פאַרבעטן נאָך קינדער און כ׳האָב דעם טאָג איינגעאָרדנט אַ גאַנצע שמחה. די פרוי קאָוואַלסקי, וואָס האָט געוווינט ביי מיר, האָט מיר צוגעהאָלפן צו־גרייטן אַלץ, וואָס ס׳האָט זיך געפאָדערט. דאָס מיידעלע האָט נישט געהאַט קיין פאָטער, די מוטער איז נישט געווען, האָב איך געמוזט זיין ביידע — אי טאַטע, אי מאַמע. כ׳האָב דאָס קינד אַלע טאָג גע־פירט אין שולע און אָפּגענומען פון שולע. ביינאַכט פלעג איך זי אַוועקטראָגן אויף די פּלייצעס צום בעט, און כ׳פלעג איר דערציילן אַ מעשהלע, זי זאָל אַנטשלאָפן ווערן.

אין אַכט וואָכן אַרום איז צעשאַ געקומען. זי האָט מיר ווידער געדאַנקט, וואָס דאָס מיידעלע זעט אַזוי גוט אויס, און זי זאָגט מיר, אַז זי האָט עפּעס אַ נייעס מיר צו דערציילן. וואָס פאַר אַ נייעס? זי גייט חתונה האָבן. בשעת מעשה בין איך פאַרשטומט געוואָרן. כ׳האָב זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צום קינד. דאָס קינד האָט מיך שוין כמעט גערופן טאַטע. כ׳האָב שוין געהאַט פאַרהיילט מיינע ראַנעס, מיין אומגליק. זאָגט זי נאָך אַ מאָל אויף פּויליש: „כ׳גיי

חתונה האָבן". זאָג איך: „ס'איז אַ צווייטער שונא אָנגעשטאַנען אויף מיר. איין רוצח האָט מיך שוין איין מאָל דערהרגעט, און דו גייסט מיך דערהרגענען אַ צווייטן מאָל. דו האָסט מיך אזוי אויסגענוצט! ביסט איין מאָל נישט געווען זעקס וואָכן לאַנג, ביסט אַ צווייטן מאָל נישט געווען אַכט וואָכן. איך האָב דיין קינד באַהאַנדלט ווי אַ טאַטע און ווי אַ מאַמע. פרעג די שכנים. פרעג דאָס קינד. דאָס קינד פלעגט אַריינלויפן צו מיר און בעטן געלט אויף אייזקרעם פאַר זיך און פאַר אירע חברטעס, און כ'האָב אַלע מאָל געגעבן. ווו איז דיין כאַראַקטער? ווו איז מענטשלעכקייט? וואָס האָב איך פאַר דיר נישט געטאָן? כ'האָב צוליב דיר נישט איין מאָל ריזיקירט מיטן לעבן".

דער אַמאָליקער סטרוזש פון מיינע הייזער איז געוואָרן, אַז איך לעב, איז ער צוריקגעקומען (זיין פרוי איז פאַר דער צייט געשטאָרבן. צוויי זין זענען אים געפאַלן אויפן פראָנט. איין זון איז לעבן געבליבן). האָט ער זיך אַריינגעצויגן צו מיר אין דער דירה, ווו ער האָט געוווינט פאַר דער מלחמה. ער איז געווען אַליין, און איך בין געווען אַליין.

האָב איך גענומען טראַכטן פון אַ תכלית. ווי לאַנג קען מען זיך אַזוי אַרומדרייען און גאָרנישט טאָן? די רוסן האָבן געקיניגט. זיי האָבן פאַרנומען וואַרשע. אין וואַרשע איז נישט געווען קיין פלייש. זענען געקומען די אָפיצערן פון אַכטן פאָלק (זיי זענען כמעט אַלע לעבן געבליבן): „וואָס זיצסטו? ווילסט נישט פאַרדינען קיין געלט? ס'איז דאָך נישטאָ קיין פלייש!"

די לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָט געהאַט מער עסן און מער פלייש פון אַלע וואָיעוואָדשאַפטן אין פוילן. די גויים, וואָס האָבן באַהאַלטן פון די דייטשן זייערע בהמות און זייערע חזירים, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרקויפן. כ'בין אַריינגעקומען אין שעכטהויז און כ'האָב דורך די רוסן גענומען שיקן פלייש קיין וואַרשע. די רוסן אַליין האָבן דאָך גאָרנישט געהאַט. אָבער זיי האָבן געוואָלט ווייזן, אַז זיי זאָרגן פאַרן פאָלק, האָבן זיי דורך מיין פאַרמיטלונג באַזאָרגט

וואַרשע מיט פלייש. אָט אַזוי האָב איך אָנגעהויבן געלאָסן צו האַנד־לען. כ׳האָב אויך אָפּגענומען מיין צווייט הויז און כ׳האָב אַריינ־גענומען שכנים, יידן און, טיילווייז, קריסטן.

ס׳איז כדאַי איבערצוגעבן וועגן נאָך אַן אינטערעסאַנטן ענין:

אין יאָר 1938 האָב איך געהאַט געקויפט אַ פּלאַץ אויף סנאָפּ־קאָווסקי־גאַס. ווען כ׳בין אַראָפּגעקומען אַהין נאָך דער קריג, האָב איך געטראָפן אַ קוזשניע אויפן פּלאַץ. אַרום דעם פּלאַץ איז אַלץ געווען פאַרבויט. גיי איך אַריין צום קאָוואַל און פרעג אים: „ווער ביסטו?" זאָגט ער: „איך בין אַ קאָוואַל, און די קוזשניע האָב איך געדונגען ביי דער באַלעבאָסטע". „ווער איז די באַלעבאָסטע?" ווייזט ער מיר, וווּ זי וווינט. גיי איך אַריין צו איר. קוקט זי מיך אָן: „שיע, דו לעבסט?" זאָג איך: „ניין. כ׳לעב נישט. ס׳דאַכט זיך דיר, ס׳חלומט זיך דיר". זאָגט זי: „דער פּלאַץ איז מיינער. כ׳האָב אים אָפּגעקויפט ביי דיין שוויגער. דו געדענקסט נישט, אַז כ׳האָב באַ־צאָלט דיין שוויגער?" זאָג איך: „איך געדענק, אַז דו האָסט באַצאָלט מיין שוויגער? האָסט פאַפּירן?" זאָגט זי: „כ׳האָב אַלצדינג". בין איך אַריין צום קאָוואַל און געזאָגט: „זאָלסט וויסן זיין, אַז איך בין דער באַלעבאָס. זי האָט דעם פּלאַץ צוגערויבט. זי האָט געמיינט, אַז איך לעב נישט". זאָגט ער: „מיר איז נישט קיין נפקא מינה. אויב ס׳איז דיינס, וועל איך דיר צאָלן דירה־געלט".

ביי מיר איז יעדע טראַנזאַקציע געווען דורכגעפירט אין היפּאָ־טעק. דער סערזשאַנט, ביי וועמען כ׳האָב געקויפט דעם פּלאַץ, האָט געוווינט דערלעבן. אַן אַרנטלעכער גוי. בין איך אַריין צו אים און געזאָגט: „זע, זעלמאַן, סמערדלאָווא זאָגט, אַז זי האָט געקויפט דעם פּלאַץ ביי מיין שוויגער. וועמען האָסטו פאַרקויפט?" זאָגט ער: „דעם פּלאַץ האָב איך פאַרקויפט דיר מיט דיין ווייב" און ער הייבט זיך אויף און גייט אַריין צו דער גויע: „שעמען מעגסטו זיך! דו ביסט אַ קריסטין? ווי קאָנסטו זאָגן, אַז דו האָסט עס געקויפט?"

איך בין אַוועק אין היפּאָטעק און כ׳האָב אַרויסגענומען אַ באַ־שטעטיקונג, אַז דער פּלאַץ איז פאַרשריבן אויף מיין נאָמען און

אויף מיין ווייבס נאָמען. מיט דער גויע איז אָבער אַ ביטערע מעשה, זי שרייט, אַז עס איז אירס.

דעמלסט איז אין פוילן געווען אַ מיניסטער זאַמערשטיין. ווען אַ ייד איז געקומען צו אים און געזאָגט, אַז דאָס און דאָס פאַרמעגן איז זיינס, האָט ער אים געגעבן אַ פאַפּיר, אַז מ׳זאָל דאָס פאַרמעגן אומקערן דעם ייד. האָט מיר זאַמערשטיין געדריקט די האַנט און געזאָגט: „דו ביסט דער ערשטער ייד, וואָס כ׳גיב אים אָפּ כבוד פאַרן אָפּנעמען דאָס, וואָס געהערט צו אים, אָן מיין הילף. כ׳דאַנק דיר זייער און זייער". כ׳האָב אים דערציילט די געשיכטע מיט דער גויע.. הקיצור, כ׳האָב אָנגעגעבן אין געריכט אויף דער גויע. האָט דאָס געריכט געזאָגט, אַז דער פסק־דין וועט אַרויסגעגעבן ווערן נאָך דעם ווי דאָס געריכט וועט אָנקוקן דעם פלאַץ, און איך מיט דער גויע וועלן זיין דערביי.

אַ געוויסן טאָג איז אַראָפּגעקומען דאָס געריכט. די גויע האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו צלמען זיך און שווערן: „דאָס איז מיינס". ביי דער קוזשניע זענען געשטאַנען פאַניעס, רוסישע זעלנער, און געקאָוועט פערד. די גויע איז צוגעגאַנגען צו זיי און געזאָגט, אַז ס׳איז געקומען אַ בורזשאַק, אַ ייד, און ער וויל ביי איר אַלצדינג צונעמען. די זעלנער האָבן אָנגעהויבן צו שרייען און צו יאַפּקעווען. כ׳האָב זיך נישט דערשראָקן. כ׳האָב אַרויסגענומען דעם אויסצוג פון היפּאָטעק און כ׳האָב געבערענגט דעם סערזשאַנט. זאָגט דאָס געריכט צו דער גויע: „טראָג זיך שוין אָפּ פון דאַנען! דער פלאַץ איז זיינער, נישט דיינער".

די גויע האָט געלעבט פון ציגן. זי האָט געהאַלטן ציגן און זי האָט פאַרקויפט זייער מילך. זי האָט געהאַט אַ סך געלט. אויף אי־בערמאָרגן, נאָכן פסק פון געריכט, קומט מען אַריין צו דער גויע, ערשט זי ליגט אַ דערשטיקטע. זענען אירע קינדער אַרויס מיט אַ געשריי: „שיע האָט דערשטיקט זייער מאַמע (דערשטיקט האָבן זי מסתמא די רוסישע זעלנער. זיי האָבן געזען, אַז זי האָט אַ סך געלט). „מ׳דאַרף אים אָפּראַמען!" די צייט איז דאָך געווען אַ הפקר־

דיקע. ווער האָט מיך נישט געקענט דערהרגענען? מ׳פלעגט דאָך יעדן טאָג הערן, אַז מ׳האָט געפונען אַ דערהרגעטן ייד.

איך האָב איבערגענומען דאָס גיין צום פּראָקוראָר נאָך אַ דער־לויבעניש מקבר צו זיין דערמאָרדעטע יידן. דאָס נייע הייליקע אָרט איז געווען צענומען און צעראַבירט. די מצבות אַרויסגעריסן, דער פּאַרקאַן צעבראָכן. דאָס אַלטע הייליקע אָרט האָט מען נישט גע־רירט. ווו מ׳זאָל נישט האָבן דערהרגעט אַ ייד, האָט מען אים געבראַנגט קיין לובלין. מ׳האָט געשאַפן אַ חברה קדישא. איך האָב זיך באַקאַנט מיטן פּראָקוראָר און מיר האָבן זיך באַפריינדעט. האָט ער מיר איין מאָל געזאָגט: „דערבאַרעם זיך, אַנטלויף! וואָרעם דו וועסט נישט לעבן. דאָס זענען נישט קיין פּאָליאַקן. דאָס זענען הפקר־יונגען״.

ווי געזאָגט, האָב איך אָנגעהויבן צו האַנדלען. כ׳בין אַריין אין טראַנס. געלט איז דאָך אַ יצר־הרע. ס׳געלט מאַכט פאַרגעסן אין אַלץ און אין אַלעמען. אַפילו אין טויט. כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט אַ מאַיאָר פון באַקו. קלוג ווי די וועלט. זאָגט ער: „כ׳וויל מיט דיר מאַכן שותפות״. זאָג איך: „און שטייערן ווער וועט צאָלן?״ זאָגט ער: „פייף זיך אויס אויף די שטייערן. דו גיב מיר צוואַנציק זלאָטעס פון קילאָ פלייש״. זאָג איך: „היינט ביסטו דאָ, וועסטו לייגן די פּאַפּירן פון אונטן. אַז דו וועסט אַוועקגיין, וועט מען לייגן די פּאַפּירן פון אויבן און ס׳וועט אויסגיין צו מיין קאָפּ. איך וועל די קונצן נישט מאַכן. שטייערן דאַרף מען צאָלן״. ביי די רוסן, ווען מען צאָלט נישט קיין שטייערן אין פּוילן, איז געפּערלעך.

דערווייל בין איך אַזוי אַריין אין טראַנס פון ביזנעס, אַז ס׳האָט מיר אויסגעפעלט געלט. ביים מיליטער צאָלט מען יעדע דעקאַדע געהאַלט. האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן מיר אויסלייען געלט פּאַרויס אויף אַ חודש. דעמלסט האָט אַ קאַסירער פון אַכטן פּאָלק, אַ פּאָליאַק, אַוודאי עפּעס באַגנבעט. איז אַראָפּגעקומען אַ קאָנטראָל פון מאָסקווע און מ׳האָט געפונען, אַז ס׳פעלט געלט. האָט ער גע־זאָגט, אַז דאָס געלט האָט ער מיר געבאָרגט. ביינאַכט קומען צו מיר

צווייַ מאַיאָרן און בעטן מיך כ׳זאָל זאָגן, אַז איך האָב גענומען ס׳געלט. זיי ווילן אים ראַטעווען פון געפאַר און זיי גיבן מיר ס׳געלט. זאָג איך: „ווי אַזוי קאָן איך דאָס זאָגן? אַז מ׳נעמט געלט, גיט מען דאָך אַן אונטערשריפט, אַז מ׳האָט גענומען אַן אַוואַנס אַזוי פיל און אַזוי פיל. כ׳קאָן דאָס נישט טאָן״. דעם קאַסירער האָט מען פאַרהאַלטן, און מ׳האָט אָנגעהויבן צו פאַרשן. די רוסן קענען דעם קונץ פון פאַרשן זייער גוט. זיי האָבן מיך גערופן. דער אויספאַרשער האָט באַלד דערקענט, אַז כ׳רייד נישט מיט קיין אָפן מויל, אַז כ׳האָב כלומרשט גענומען דאָס געלט.

די אָפיצערן האָבן מיך געבעטן, דאַכט זיך, כ׳זאָל אַוועקפאָרן אויף אַ פּאָר טעג. אַז כ׳וועל נישט זיין, וועט מען מיך נישט רופן, און דער עסק וועט אָפּגעלאָשן ווערן. איך האָב זיך אין די זאַכן נישט געוואָלט אַריינלאָזן. כ׳האָב קיינמאָל אַזוינע זאַכן נישט געטאָן. מיין נאָמען איז פאַר דער מלחמה געווען דער בעסטער. פאַר דער קריג האָב איך קיינמאָל נישט געבעטן קיין געלט פאָרויס. פאַרקערט, זיי פלעגן מיר צאָלן אַ חודש שפּעטער.

כ׳בין דעמלסט אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש אויף אַ פאָר טעג.

# צענטער קאַפּיטל

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויפצושטעלן מײַדאַנעק פון יענער זייט לובלין, וואָס פון דאָרט איז מען געפאָרן קיין איזשביצע, קיין זאַמאָשטש, קיין כעלם, ביז זי איז דערגאַנגען צום מיטן שטאָט, צום האַרץ פון לובלין.

איצט וויל איך כאַראַקטעריזירן ווי די זיסע שטאָט, די חסידישע שטאָט מיט אירע פופציק טויזנט יידן, האָט אויסגעזען ביי מיין צוריקקומען.

אַז אַ ייד איז אַריינגעקומען אין לובלין אין 1944, האָט ער געמיינט, אַז נאָר ער אַליין האָט איבערגעלעבט די מלחמה. אָבער אַז ס׳האָבן זיך געגומען באַוויזן נאָך יידישע נעז, האָט יעדן ייד אויסגעזען, ווי מ׳וואָלט געקומען פון יענער וועלט. מ׳האָט אָפט געהערט פרעגן מיט דערשטוינונג: „דו לעבסט?!"

ווען די פּאָליאַקן האָבן דערזען בלויז איין ייד, האָבן זיי געגומען טענהן: „זע, אַלע יידן לעבן. מ׳האָט קיינעם נישט דערהרגעט".

די פריש־געקומענע יידן זענען דאָס רוב געווען נישט קיין לובלינער, נאָר פון אַרום, פון דער סביבה. אַז איין ייד האָט דערזען אַ צווייטן ייד, האָט ער מורא געהאַט צו פרעגן: „ביסט אַ ייד?" מען פלעגט אַ זאָג טאָן קורץ: „עמך?" צו ביסלעך האָט מען אָפּ־געגומען גרוסן פון נאָך געראַטעוועטע יידן. יעדער צוריקגעקומענער האָט געהאַט צו דערציילן, ווען ער האָט געזען. יעדע שעה האָט מען זיך אַזוי אַרום דערוווּסט נייעס. דאָס בלייבן לעבן האָט אויסגעזען ווי אַ תחיית־המתים־זאַך. ס׳איז אָבער יעדן טאָג אויך אונטער־געגאַנגען די זון: די פּאָליאַקן האָבן פריִער געהאָלפן די דייטשן

אויסהרגענען יידן, איצט האָבן זיי געוואָלט איבערשטייגן די דייטשן. צום ביישפּיל: פּיאַסק איז געלעגן איין און צוואַנציק קילאָמעטער פון לובלין. האָבן דאָרט די פּאָליאַקן אַרויסגעהאָנגען אַ פּלאַקאַט: „יידן, פאַרלאָזט שוין די שטאָט! קיינער פון אייך וועט נישט בלייבן לעבן!"

אָבער די יידן האָבן נישט געגלייבט, אַז ס'קען אַזוינס געשען. דאָרט איז געווען איינער מרדכי האָניק. ער האָט געאַרבעט אין דער פּאָליציי. האָט ער זיך איינגערעדט, אַז דאָרט איז שוין דאָס אמתע לעבן. איז ער איין מאָל אַרויסגעגאַנגען אין מיטן טאָג אויפן מאַרק, האָט מען אים געשאָסן אין מויל אַריין. אַז מ'האָט אים געשאָסן, זענען די פּאָר יידן, וואָס זענען געווען אין פּיאַסק, געקומען צו לויפן קיין לובלין. אַזוי איז אויך געווען אין מיין ווייבס שטעטל, אין קאַרעוו. דאָרט איז געווען אַ קצב לוי, וואָס פלעגט מיר שיקן בהמות. האָב איך צו אים געטענהט: „לוי קום צופאָרן אין לובלין". האָט ער זיך נישט געאיילט, האָט מען אים דערשאָסן. איז אָנגעפאַלן אַ פחד אויף די יידן אין לובלין גופא.

מיט דער צייט האָבן די אַקאָווצעס אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער פּאָליציי. די אַר־בע (זיכערהייטסאַמט) האָט צוגעלאָזט צו דער דאָזיקער אַרבעט יעדן מסור, יעדן פאַרברעכער, יעדן גוי, וואָס האָט מיט־געאַרבעט מיט די דייטשן. איז זיי גרינג געווען אַריינצונאַרן יידן און דערשיסן זיי.

אַ ביסל שפּעטער האָט מען געהערט פון קעלצער פּאָגראָם. מיר האָבן דאָס נישט געקאָנט באַנעמען: אין סאַמע מיטן שטאָט זאָל אַזאַ זאַך געשען?! האָט אָנגעכאַפּט אַ שרעק יעדן ייד. אַזאַ ייד ווי איך האָט זיך אויך דערשראָקן. וואָס איז דאָ? נאָכן איבערלעבן היטלערן? נאָך דעם אַלעמען זאָלן מיר מורא האָבן פאַר די פּאָליאַקן?!

אין שטעטעלע גלוסק זענען געבליבן לעבן אַ פּאָר יידן. מענדל, אַ גלוסקער ייד, איז געקומען קיין לובלין (ווער האָט געטראַכט, אַז ער לעבט?), און ער האָט אָנגערופן נעמען פון נאָך לעבן־געבליבענע יידן. דערווייל זענען געקומען צו אונדז יידן פון פּיאַסק, פון וואָלאַ־

דאַווע, פון בארשוי, און זיי האָבן זיך באַזעצט אין לובלין. די געקומענע יידן האָבן אָנגעהויבן לויפֿן אין דער יידישער גמינע געוויר צו ווערן, ווער עס לעבט. ס׳זענען געקומען מיידלעך און פרויען. זאָגט צו מיר מענדל: „ווי לאַנג וועסטו אַרומגיין אַזוי פאַרטרויערט, פאַרצערט?״ ס׳איז צוגעקומען צו מיר אהרן גרינבערג (ער לעבט היינט אין ניו־יאָרק) און זאָגט: „וואָס שטייסטו? דו ווילסט גאָרנישט טאָן?״ זאָג איך: „כ׳וויל גאָרנישט טאָן, און כ׳וועל גאָרנישט טאָן. ס׳איז מיר נישט ניחא דאָס לעבן. פאַר וועמען זאָל איך טאָן?״

אַז כ׳בין געווען אַ פאַרטיזאַנער און ווען כ׳בין געלעגן ביים גוי, האָט זיך מיר געדוכט, אַז... האָב איך געהאַט אַ ווילן צו לעבן, כ׳האָב מיך מיט די ציין געהאַלטן ביים לעבן. די ווערעם האָבן מיך אויפגעגעסן, און איך האָב געזאָגט: איך מוז לעבן, כ׳בין געקומען אַהיים, כ׳קוק אָן דאָס לובלין, דאָס טשעכעוו, ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן... די שטאָט האָט געוויינט, קוקנדיק ווי די גויים האָבן זיך באַזעצט אין די יידישע הייזער און צוגערויבט זייער פאַרמעגן. די גויים זענען געווען פריי ביי די דייטשן, און איצט זענען זיי פריי אין פוילן ביי די רוסן. און אונדז איז פאַרוויסט יעדער ווינקל, יעדע גאַס איז פאַרוויינט, פאַרצאָרנט. כ׳קוק אָן זיך אַליין און כ׳פרעג זיך אַליין: דאָס ביסטו, דער דאָ געבוירענער? כ׳בין אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער. כ׳האָב נישט געוווסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. כ׳האָב פאַרגעסן דעם ווייטיק, די האַנט. כ׳האָב אין אַלעמען פאַרגעסן. כ׳האָב ממש געזוכט דעם טויט.

פרעגט מיך מענדל: „ווי לאַנג וועסטו זיך אַזוי אַרומדרייען? (ער איז געבליבן לעבן מיט צוויי קינדער, און דערנאָך האָט ער געפונען נאָך אַ טאָכטער אין דייטשלאַנד). לאָמיר אָנהייבן האַנדלען״. געוווינט האָט ער אין גלוסק. גלוסק איז געווען זייער קליין, אַ פיצל (פאַר דער מלחמה האָבן דאָרט געוווינט עטלעכע יידישע פאַמיליעס). ווען צו די געראַטעוועטע יידן איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די פּיאַסקער יידן און די ראַבּישויער יידן לעבן אין פחד, האָבן זיי מורא געהאַט צו לעבן אַפילו אין לובלין.

הכלל, כ׳האָב געמאַכט מיט מענדלען שותפות און מיר האָבן אָנגעהויבן האַנדלען. צו יענער צייט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יעדער ייִד, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב פאַר דער מלחמה, און דאָס געוועלב געפינט זיך אין פרעמדע הענט, זאָל מען עס צוריקגעבן דעם ייִד. איך בין פאַר דער מלחמה געווען אַ הורטאָווניק. כ׳האָב נישט געהאַט קיין געוועלב. נאָר ווען די שחיטה־גזירה איז איינגעפירט געוואָרן אין פוילן, האָב איך געדונגען אַ געשעפט אויף זאַמויסקי־גאַס נומער 43. אַז מ׳האָט פאַראָרדנט, אַז ייִדן זאָלן צוריקקריגן זייערע געשעפטן, בין איך אַרויף אין מאַגיסטראַט און געמאָלדן, אַז כ׳וויל צוריק מיין געוועלב. האָט מיר דער שטאָט־פּרעזידענט קאַדורי געזאָגט: „דיין געוועלב האָט פאַרנומען אַ קאָאָפּעראַטיוו, נאָר אויף לעוואַרטאָווסקי־גאַס האָבן די פּאָליאַקן נישט באַוויזן אויסצוענדיקן די האַלע (פאַר דער קריג זענען דאָרט געווען פופציק כשרע יאַטקעס און פופציק טריפה־יאַטקעס). ענדיק אויס די האַלע, וועסטו האָבן אַ געוועלב". האָב איך געברענגט מאַטעריאַל און כ׳האָב עס צורעכט־געמאַכט. מיר זענען דאָרט געווען עטלעכע שותפים.

דערווײַלע האָבן אָנגעהויבן קומען טראַנספּאָרטן פון רוסלאַנד. יעדן טאָג האָבן זיך באַוויזן פריש־אָנגעקומענע ייִדן, פרויען און מיידלעך. כ׳האָב געהערט, אַז ס׳זענען געקומען מיינע צוויי חברים, מיט וועלכע כ׳בין געווען אין רוסלאַנד (איינעמס אַ טאָכטער האָב איך אַמאָל אַהיימגעשיקט) — בן־ציון אַלטמאַן און הערש אַלטמאַן. כ׳האָב זיי באַלד אויפגעזוכט. אָנגעטאָן זענען זיי געווען ווי רוסישע סאָלדאַטן. כ׳האָב זיי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. כ׳האָב זיי געהאָלפן אַראָפּשאַרן די ווערעם פון זיך און כ׳האָב זיי געקויפט אָנטועכץ. זייערע בגדים האָב איך געהייסן פאַרברענען. פאַר דער מלחמה זענען זיי געווען פאַרמעגלעכע מענטשן. צו בן־ציונען האָב איך געזאָגט: „דו האָסט דאָך נישט וואָס צו טאָן. קום צו מיר אין יאַטקע און זיי אַ שותף גלייך מיט מיר. ביסט אַ באַלעבאָס. איך האָב עס אָנגענומען, נאָר כ׳האָב קיין צייט נישט. ס׳איז נישט פאַר מיר".

ביסלעכוויַיז האָט מען זיך אָנגעהויבן צו פֿאָרן. אַ יונגערמאַן, וואָס מ׳האָט אים דערהרגעט זיַין פֿרוי, האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל. שמואל, דער וואָס האָט געהאַט ליגן זיַין קינד אין אַ גריבל לעבן אונדזער לאַגער און די גויים האָבן עס דערהרגעט, איז גע־בליבן לעבן. האָט ער געוואָלט אָפּנעמען די מיל. די מיל האָט פֿאַר דער מלחמה געהערט צו זיַין פֿרויס פֿאָטער. האָט שמואל אַדאָפּטירט אַ קינד און ער האָט געזאָגט, אַז דאָס קינד האָט ער פֿון זיַין פֿרוי און ס׳איז זיַין שווערס איַיניקל. האָט ער די מיל אָפּגענומען. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידל און האָט מיט איר חתונה געהאַט. ווען זי איז געווען אין זעקסטן, צי אין זיבעטן חודש, איז צוריקגעקומען פֿון אוישוויץ שמואלס וויַיב. מיט מזל און ברכה — העשלס טאָכטער איז דאָ. זי קומט אַריַין אין שטוב טרעפֿט זי אַ ייִנגעלע און אַ שוואַנגערע פֿרוי. זי האָט נישט געוווּסט, אַז איר ייִנגעלע האָבן גויים דערהרגעט. האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז איר קינד. וואָס האָט שמואל געקענט טאָן? זיַין ערשטע פֿרוי איז די באַלעבאָסטע פֿון מיל. דאָס קינד לעבט נישט. דאָס מיידל שוואַנגערט. איי איז געוואָרן אַ גערודער! האָט מען גענומען אונטערהאַנדלען מיט שמואלס ניי וויַיב, וואָרעם ס׳האָט געקוועטשט די מיל. אַז שמואל וועט נישט נעמען זיַין ערשטע פֿרוי, וועט זי צונעמען די מיל. איז דאָך שמואל אויס מילנער. איז וואָס וועט זיַין מיטן אַדאָפּטירטן קינד? דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט באַצאָלט זיַין צווייטער פֿרוי, און זי האָט איַינגעשטימט צו נעמען אַ גט. שפּעטער האָבן שמואלן די פּאָליאַקן דערהרגעט.

יעקב גלאַטשטיין האָט געהאַט אַ ברודער מרכוס. אין דער ציַיט פֿון קריג האָט זיַין זון געלעבט אין אונטערגרונט. דעמלסט האָבן זיך די פּוילישע פּרויען צוגעטשעפּעט צו ייִדישע מענער. זיי האָבן זיי אויסבאַהאַלטן און האָבן זיי געהאָלפֿן איבערלעבן. יעקב האָט געלעבט אין אַמעריקע, און מרכוס איז ערב דער מלחמה, אין 1939, אַוועק־געפֿאָרן קיין אַמעריקע זען זיך מיטן ברודער. זיַין פֿאַמיליע האָט ער איבערגעלאָזט אין פּוילן. דערוויַילע איז אויסגעבראָכן די מלחמה, און

מרכוס איז פאַרבליבן אין אַמעריקע. מרכוס איז נאָך אַפילו היינט זייער אַ שיינער מאַן, און זיין זון איז געראָטן געווען אין אים. אַז דער זון איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער חתונה געהאַט מיט דער קריסטין, וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן, און זי האָט פאַרשוואַנגערט. ווען זי האָט גענומען גיין צו קינד, איז ער אַרויסגעלאָפן ביינאַכט זוכן אַן אַקושערקע. האָט מען אים דערהרגעט. איז זי געבליבן נעבעך מיט אַ קינד. דאָס איז געווען מרכוס אַן אייניקל. זיין פרוי מיט די קינדער האָבן די דייטשן דערשאָסן.

ביי מיר איז געווען אַ רוסישע דינסט. איז מיט דער צייט אַרויס אַ באַפעל, אַז די רוסישע בירגער מוזן זיך אומקערן קיין רוסלאַנד. מיין דינסט האָט געהאַט אין פוילן אַ שוועסטער. די רוסישע פּאָליציי האָט געזוכט ביי די יידן, צי זיי האַלטן נישט קיין רוסישע דינסטן. דאָס איז געווען פאַרבאָטן. זיי זענען אַ מאָל אַריינגעקומען אויך צו מיר, אָבער כ׳האָב זי פאַרמאַכט אין אַ שאַנק.

אַ גלוסקער ייד, אַ ביעזשעניעץ, איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און ער האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט מיין דינסטס שוועסטער. אַז די דייטשן האָבן פאַרנומען די געביטן, ווו דער ייד מיט דער קריסטין האָבן געוווינט, האָבן זיי געכאַפּט מענטשן און זיי האָבן זיי אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. האָט מען געכאַפּט אויך דעם ייד. זיין פרוי האָט געוווּסט, אַז אויב זי וועט נישט זיין, וועט מען אים מסרן, איז זי אים נאָכגעפאָרן. זיי האָבן דאָרט ביידע איבערגעלעבט, און נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין לובלין. אין לובלין האָט דער ייד איבערגעלאָזט זיין פרוי און ער האָט חתונה געהאַט מיט מרכוס שנור. האָט ער געטוישט איין גויע אויף אַ צווייטע גויע...

אַזעלכע דערשיינונגען זענען פאָרגעקומען אין לובלין זייער אָפט. מ׳האָט געקאָנט משוגע ווערן צוקוקנדיק זיך צו דעם.

איך האָב געאַרבעט מיט מענדלען שותפות. דערנאָך האָב איך אים נאָראַיעט אַ דירה אויף לעוואַרטאָווסקי־גאַס. כ׳קום איין מאָל אַרויף צו אים און כ׳טרעף דאָרט זיין טאָכטער, זיין זון און נאָך

עטלעכע מענטשן, צווישן זיי — אַ מיידל רבקהלע לערמאַן. פרעג איך מענדלען: „ווער איז זי?" זאָגט ער מיר, אַז זי איז פון קאָרעוו. „זי האָט איבערגעלעבט די קריג צוזאַמען מיט אונדז אין וואַלד. ווו מיר גייען, גייט זי מיט. זי איז עלנט ווי אַ שטיין. זי האָט איבערגעלעבט נאָך אַ טראַגעדיע: זי איז געווען אין וואַלד מיט אַ ברודער, און דער ברודער איז גערעגנירט געוואָרן. אַ יידישער פּאַר־טיזאַנער האָט מאַניפּולירט מיט אַ ביקס און נישט ווילנדיק האָט ער דערהרגעט עטלעכע יידן, און איר ברודער איז געלעגן אַזוי אונטער אַ בוים, ביז ער האָט געקריגן אַ גאַנגרענע און ער האָט מיט גרויס מאַטערניש אויסגעהויכט די נשמה. איר האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַוועק אין קאַלטיקאָווס פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג".

מענדל האָט מיר אויך דערציילט פון איר משפחה, פון וועמען זי שטאַמט. כ'האָב מיט איר ווייניק גערעדט. זי האָט געהאַט חבר־טאָרינס אין אירע יאָרן. (איינע ווױנט היינט אין קדימה, איינע אין ניו־יאָרק). אַז מ'האָט דערהרגעט מענדלען, איז זי געבליבן איינע אַליין. ווען כ'פלעג אָנקוקן איר פּנים, האָט מיר געשניטן דאָס האַרץ, וואָס יידישע קינדער זענען געוואָרן אַזוי פאַרוויסט. זי איז געגאַנגען אָן שיך. דער רעגן גיסט, און זי שטייט און קוקט מיך אָן. און איך קוק זי אָן. נעמט זי מיך אַריין אין אַ הויז אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט און זאָגט, אַז זי וויל מיך פרעגן אַן עצה. „וואָס פאַר אַן עצה?" זאָגט זי: „כ'האָב נישט קיין אויסוועג. אַזוי ווי איר זעט מיך, אַזאַ איז מיין לאַגע. מ'וויל מיר געבן אַרבעט אין או־בע". קוק איך זי אָן אַ געפּלעפּטער: „וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס די או־בע איז? קודם מוזט איר ווערן אַ מסור. און איר וועט דאָרט ווערן אויסגעלאָסן. דערפאַר וויל מען אייך אַריינגעמען, איר ווילט, אַז אייער זיידע און אייער טאַטע זאָלן נישט האָבן קיין רו אין קבר? איך זאָג — ניין! איר זאָלט זיך נישט דערוועגן גיין אין או־בע. די או־בע איז די רוסישע ענקאַוועדע. דאָס ערגסטע וואָס אויף דער וועלט. איך קען אייך פאַרלייגן נאָר איין זאַך. כ'פאַרלאַנג פון אייך גאָרנישט. כ'באָרג אייך פינף טויזנט זלאָטעס. קודם טוט אייך אָן אַ פּאָר שיך. גוואַלד, עס

שניידט דאָך אין האַרץ זעענדיק, ווי איר גייט אָנגעטאָן. טוט זיך אַ ביסל אָן. וועט איר חתונה האָבן, און איר וועט האָבן געלט, וועט איר מיר צוריקגעבן. וועט איר נישט האָבן — זייט מיר געזונט. כ׳קאָן נישט צוקוקן אייער פּיין. כ׳בין אַליין געווען אַ טאַטע״. זי וויל אָבער נישט נעמען קיין געלט. „איז וואָס וועט זיין? אַרבעטן אין אור־בע איז בעסער? אַלע אויסווורפן, אַלע שיקסעס זענען דאָרט. איך בין קעגן״. זי איז אַוועק צו אירע חברטאָרינס, און איך האָב מיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, זי האָט באַשלאָסן צו האַנדלען. דאָס ערשטע שטיקל סחורה האָט זי געבאָרגט און האָט עס אַרויסגעטראָגן אויפן מאַרק, אויפן „טאָלטשאָק״, האָט מען עס איר צוגעגנבעט. כ׳טו אַ קוק, זי גייט, זי שעמט זיך צו דערציילן, וואָס איר האָט פּאַסירט. זי בעט מיך, כ׳זאָל איר לייען אַ פּאָר זלאָטעס. קיין פינף טויזנט זלאָטעס וויל זי נישט נעמען. הכלל, זי האָט מיר אַרויסגעשטאמלט, אַז מ׳האָט איר צוגעגנבעט דאָס שטיקל סחורה, און זי וויל באַצאָלן פאַר דעם. זי האָט נישט קיין רו.

כ׳האָב איר געגעבן וויפל זי האָט געבעטן. געלעבט האָט זי ביי איר חברטאָרין, וואָס וווינט איצט אין קדימה. אברהם קאָרנבליטס פרוי. זי האָט איר נישט געלאָזט גיין האַנדלען, און האָט זי געהאַלטן ווי אַן אייגענע שוועסטער. איר חברטאָרין, וואָס געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, האָט זי אויך שיין באַהאַנדלט.

איך האָב גענומען טראַכטן ערנסטער וועגן איר: אפשר וואָלט דאָס געווען פּאַסיק פאַר מיר? ס׳איז אָבער אַ גרויסער חילוק אין די יאָרן. איר אָפּשטאַמונג איז זייער אַ גוטע, אָבער מ׳טאָר נישט כאַפּן. כ׳וויל נישט טאָן קיין נאַרישקייט. כ׳וויל איר אויך נישט טאָן קיין עוולה. כ׳וויל נישט טאָן אַזאַ זאַך, וואָס זאָל מיר שפּעטער פאַרדריסן. מיינע באַקאַנטע האָבן מיר נישט איין מאָל געזאָגט: „אפשר וועסטו חתונה האָבן מיט יאַנקען?״ דאָס מיידל האָט מען גערופן אין וואַלד — יאַנקאַ. האָב איך געענטפערט: „ווו, וואָס, ווען? ס׳פּאַסט נישט, ס׳איז אַ קרומע זאַך״. אַז איך האָב זיך צוגעקוקט, וואָס עס קומט פאַר מיט די מענער און מיט די פרויען, מיט די חתונות, מיט די שידוכים

און מיטן צעגיין זיך. האָב איך דאָס נישט געקאָנט איבערהאַלטן.

איין מאָל קומט צו מיר צו מיינער אַ חבר (היינט — אַ בוכהאַלטער אין אַמעריקע) און זאָגט: „טו מיר אַ טובה. כ׳האָב דאָ געטראָפן אַ יידישע פרוי, אַ מאַיאָר פון דער רוסישער אַרמיי. דו האָסט דאָך הייזער. לאָז זי איבערנעכטיקן". זאָג איך: „מהיכא תיתי" אַז מיין חבר איז אַוועק און די פרוי האָט אָנגעהויבן ריידן, איז מיר נישט געפעלן געוואָרן איר לשון. דעמאָלסט זענען נאָך געפלויגן דייטשע באָמבעס איבער לובלין. האָב איך איר געזאָגט: „איך שלאָף נישט אין שטוב, ווייל כ׳האָב מורא פאַר די באָמבעס, און כ׳בין אַוועקגעגאַנגען. אין דער פרי בין איך צוריקגעקומען. כ׳האָב נישט געוווּסט צי זי איז אַן אָרנטלעכער מענטש, צי נישט. כ׳האָב נישט געוואָלט גיין מיטן וועג, וואָס אַנדערע מענער זענען געגאַנגען.

כ׳בין דעמאָלסט קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע. ליג איך אַליין אין שטוב אין געהאַקטע צרות. אַ קאַליקע, מיט אַ צעהאַקטע האַנט. די היץ ברענט. איז מיר איינגעפאַלן רופן רבקהלען. זי איז זייער אַ גוטער מענטש. אפשר וועט זי מיר מיט עפּעס העלפן. כ׳האָב דאָך נישט, ווער ס׳זאָל מיר דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער. זי איז גלייך געקומען. און זי האָט מיר ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן. מאַלאַריע האַלט דאָך נישט אָן כסדר. די דאָזיקע קרענק איז אַ דורכגאַנגס־פּעריאָד. איז מיר בעסער געוואָרן. כ׳האָב זיך געפילט נענטער צו רבקהן ווי פריער.

מיין שותפס ווייבס מאַמע איז לעבן געבליבן אין וואַלד מיט דריי טעכטער. איינע פון זיי האָט געהאַט אַ חתן אין וואַלד. האָט די מאַמע געוואָלט, זי זאָל אָפּלאָזן דעם שידוך מיט איר חתן, און זי זאָל חתונה האָבן מיט מיר. פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַנדלט מיט זייער משפחה. האָב איך נישט געוואָלט אַריינקריכן אין קאַלכאויוון אַריין. זי ווייטער, מיין שותפס שוויגער, האָט אָנגעהויבן באַריידן דאָס מיידל, זי האָט אונטערגעפירט מעשהס. ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ לענגערע צייט. די נויט איז געווען גרויס. ביי רבקהס חברטאָרין איז די לאַגע געווען קריטיש.

מיט זיי האָט אויך געוווינט אַ פרוי פון גלוסק. האָט מען איר

מאַן חיימען (דאָס איז שוין געווען איר צווייטער מאַן) געשאָסן. איז די פרוי חוה געבליבן אַליין. ווען כ׳בין געווען אין שפּיטאָל, כ׳געדענק נישט גענוי צוליב וואָס, ערשט חוה איז דאָ, פרעג איך זי: „וואָס מאַכט יאַנקע? זאָגט זי: „גלייבט מיר, איר וואָלט זיך גאַרנישט אָפּגענאַרט, ווען איר וואָלט געווען מיט איר צוזאַמען". זאָג איך: „איך וואָלט זיך זיכער נישט אָפּגענאַרט. צי זי וואָלט זיך נישט אָפּגענאַרט?" זאָגט חוה: „כ׳וועל מיט איר ריידן".

מ׳דאַרף דאָך זאָגן דעם אמת: כ׳האָב מורא געהאַט, מיר זאָלן זיך נישט דאַרפן גטן. זי האָט אפשר קיין ברירה נישט געהאַט. הקיצור מיר האָבן ביידע באַשלאָסן חתונה צו האָבן. די חתונה איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1945. קיין רב וואָס זאָל געבן חופה וקידושין איז, צום באַדויערן, נישט געווען. האָב איך געטראָפן אַ ייד פון לעווערטאָוו, ער האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן די שולן און די בתי מדרשים, ווייל שולן און בתי־מדרשים זענען געוואָרן אַן איבע־ריקע זאַך. די חתונה איז געווען אַ נאַרמאַלע. מיר האָבן פאַרבעטן יידן. דער לעווערטאָווער האָט געגעבן חופה וקידושין און אַ כתובה. מיר האָבן אפילו חתונה געהאַט אויך לויטן פוילישן געזעץ, וואָרעם די קאָמוניסטן האָבן געפאָדערט מ׳זאָל ברענגען עדות, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין מאַן, און אַז מיין פרוי לעבט נישט. ביי דער צערעמאָניע איז דער באַאַמטער אַריינגעקומען אין אַ רויטן לאַמפּאַס, און, חוץ די בייגעלייגטע דאָקומענטן, האָבן מיר געדאַרפט שווערן, אַז די דאָקו־מענטן זענען ראַיעלע.

רבקהלע איז אַריינגעקומען צו מיר ווייַנען. זי האָט באַלד גענומען טענהן, אַז מיר טאָרן נישט בלייבן אין פוילן, אַז מען מוז אַנטלויפן פון פוילן. איך בין געקומען אַ צעבראָכענער מענטש. ווו וועל איך לויפן? ווידער גיין וואַלגערן זיך? און דאָ פאַרדין איך געלט! כ׳אָרדן אייַן מיינע דירות. און זי האָט געטענהט: „געדענק, דו וועסט נישט לעבן". איר פּחד איז געווען אַ גערעכטער. פאַרוואָס? ווייל כ׳האָב אַלע טאָג גענומען אַ פערד און וואָגן, כ׳האָב גענומען אַ זאַק מיט געלט

און כ'בין אַראָפּגעפּאָרן אין שעכטהויז אַריין. כ'בין געווען איין ייד צווישן אַ ים גויים. כ'האָב דאָרט איינגעקויפט אַ סך סחורה. כ'האָב נאָך געהאַט מוט צוצוגיין צו אַ גוי און אַרויסנעמען פון זיין בוזעם אַ שטיק געגנבעט פליש, כאָטש כ'האָב שטענדיק געהערט, אַז מ'שיסט און מ'הרגעט יידן. איך בין געווען אַזוי פאַנאַטיש פאַרקאָכט, אַז כ'האָב פאַרגעסן בשעת מעשה, ווו איך בין אין דער וועלט. אין הויז זענען מיר דאָך נישט געווען אַליין. ס'זענען ביי מיר געווען לאָקאַטאָרן און די רוסן. אין שעכטהויז בין איך דאָך אָבער געווען איין ייד צווישן אַזוי פיל אַנטיסעמיטן! איז זי געווען גערעכט רבקהלע. אָבער וועלכער מאַן האָרכט דאָס אַזוי שנעל זיין ווייב? כ'האָב געמיינט, אַז כ'בין דער זעלבער וואָס פאַר דער קריג. כ'האָב אָנגעהויבן צו פאַרגעסן ווער די פּאָליאַקן זענען.

דאָך האָבן מיר אָנגעהויבן קלערן פון פאָרן. די פּאָליציי, וואָס האָט פריער געאַרבעט מיט די דייטשן, מיט די רוסן, און איצט מיט די פּאָליאַקן, האָט זיך געפירט אַזוי: אַז אַ ייד פלעגט גיין אַוועקפאָרן, האָט מען אים צוגעפילעוועט, און ווען ער איז צוגעקומען צו דער באַן, האָט מען אים געגעבן אַ רוף, און מ'האָט אים באַזוכט. אַז מ'האָט ביי אים געפונען וואַלוטע אָדער אַנדערע ווערטזאַכן, האָט מען אַלץ צוגענומען. דאָס האָב איך געזען מיט די אייגענע אויגן. דאָס האָט אָפּגעהאַלטן יידן פון פאָרן, וואָרעם אַז אַ ייד האָט געמאַכט אַ פאָר פונט אָדער אַ פּאָר דאָלער, האָט מען זיי ביי אים צוגענומען.

דערווייל האָט פּאַסירט אין לובלין אַזאַ מעשה:

שמעון טייערשטיינען, אַ פריזירער פון פיאסק, האָט מען געהאַט איינגעזעצט אין לובלינער קרימינאַל. ער האָט געהאַט אַ פרוי, אַן אַקושערקע, און אַ קינד. אין קרימינאַל האָט ער אויך געאַרבעט אַלס פריזירער. ווען די דייטשן זענען געקומען, האָט מען זאַשען מיטן קינד געבראַכט אין געטאָ. ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז געקומען קיין לובלין מאַליק, דער דירעקטאָר פון שאדלערס פאַבריק פון שניטסחורה. ער איז באַלד אַוועקגעפאָרן צו זיינע באַקאַנטע אין אָטוואָצק. ער האָט דאָרט אָפּגעזוכט אַ גויע, וואָס האָט

געמאַכט אַ בונקער פאַר אים. מאַליק האָט געשיקט נאָך זאָשען מיטן קינד, און זיי האָבן אַלע דריי איבערגעלעבט די מלחמה ביי דער גויע אין בונקער. געזאָגט האָט מען, אַז ווען די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן פון לובלין, האָבן זיי אויסגעקאָפּעט אַ גרוב לעבן קרימינאַל, און זיי האָבן אויסגעשאָסן אַלע אַרעסטירטע. און אַ גוי איז געקומען זאָגן עדות, אַז ער האָט געזען ווי מ׳האָט שמעונען געשאָסן. נאָך דער מלחמה האָבן זיך אומגעקערט קיין לובלין דער מאַליק מיט זאָשען מיט איר קינד. זיי פלעגן אָפט גיין מיט בלומען צום אָרט, ווו שמעון איז דערשאָסן געוואָרן.

ווען די רוסן האָבן פאַרנומען לאָדזש, איז מאַליק צוגעפאָרן צו זיינע באַקאַנטע פון דער פאַבריק. אַז די דאָרטיקע קאָמוניסטן האָבן דערהערט, אַז מאַליק איז געווען דער דירעקטאָר פון דער שניט־פאַבריק, האָבן זיי אים אויפגעכאַפּט מיטביידע הענט; נאַ דיר אַ וווינונג פון דריי־פיר צימערן און ווער ווידער דירעקטאָר פון דער פאַבריק. מאַליק האָט מסתמא געטראַכט חתונה צו האָבן מיט זאָשען. דעמלסט איז די פילעוווער בריק, וואָס פירט איבער דער ווייסל, געווען אויפגעריסן. האָט מען דאָך נישט געקאָנט אַריבערפאָרן די בריק, האָט מען זיך געמוזט אַריבערשיפן. אַז מאַליק איז געפאָרן פון לאָדזש קיין לובלין, האָט ער אויף דער לאָטקע געכאַפּט אַ האַרצאַטאַק און איז געשטאָרבן. צו קבורה האָט מען אים געברענגט אין לובלין.

ס׳גייט פאַרביי אַ קורצע צייט, קומט אָן שימעלע פון אוישוויץ. אָנגעקומען, איז ער אַריין אין געוועלב פון אַ פּיאַסקער גוי. „דאָס ביסטו, שימעלע? מ׳האָט דאָך דיך געשאָסן!״ זאָגט שימעלע: „איך בין עס. דער פריזירער פון פּיאַסק״. זאָגט דער גוי: „אוי, שימעלע, דיין ווייב זאָשע לעבט דאָ. כ׳האָב זי געזען אין לובלין. דיין קינד לעבט אויך!״ הקיצור, שימעלע, דער מת, האָט געטראָפן דאָס ווייב מיטן קינד.

אַזעלכע פאַקטן זענען געשען נאָך דער מלחמה אין לובלין. דאָס פלעגט איבערדרייען די געדערעם מיטן לעבן, מיט דער נשמה. אַ סך,

אַ סך האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון חתונה האָבן, טאָמער וועלן זיך נאָך צוריקקערן די פאַרלוירענע.

און מיין פרוי האָט נישט אויפגעהערט צו מאָנען מיר זאָלן אַוועקפאָרן, אַנטלויפן פון פוילן. כ׳האָב זי נישט געהאָרכט. כ׳בין דאָך געוואָרן אַזאַ גרויסער סוחר, מיט דעם, מיט יענעם, מיטן מיליטער!

אָבער זי האָט אַזוי לאַנג געמאָנט, ביז מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך וועל דערווײַלע בלייבן, און זי וועט מיטנעמען אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן, און וועט אַוועקפאָרן קיין שטשעטשין. אין שטשעטשין זענען געווען מיינע אַמאָליקע לאָקאַטאָרן, טאַקע פון אַ־קאַ, פון די גרעסטע אַקאָוצעס. דער פּאַוולאָווסקי, וואָס האָט מיך אַריינגענומען אין פאַבריק, וווינט היינט אין שטשעטשין מיט זיין שוועסטער און מיט אירע קינדער. רבקה האָט לכתחילה נישט געוואָלט פאָרן אַליין. איך האָב נישט געקאָנט פאָרן, ווייל ווי גאָר כ׳האָב אָנגעהויבן האַנדלען, האָב איך אויף יעדן מסחר אַרויסגענומען אַ פּאַטענט. האָט מיך די או־בע גענומען אויפן אויג, און מ׳האָט אָנגעהויבן צו קאָפּען אונטער מיר.

מיין פרוי איז סוף כל סוף אַוועקגעפאָרן. האָב איך שוין נישט געקאָנט בלייבן אַליין, און כ׳האָב גענומען טראַכטן פון פאָרן. ווי טאָר אַ ייד איבערלאָזן עטלעכע הייזער אויף הפקר? האָב איך גענומען זוכן אַ גוי, וואָס זאָל ווערן אַדמיניסטראַטאָר פון די הייזער.

ערשט מ׳רופט מיך אין שטייעראַמט און מ׳זאָגט מיר, אַז כ׳בין שולדיק אַ סך געלט. זאָג איך: „איך בין שולדיק געלט? פאַרקערט, מיר קומט נאָך אַ רעשט פון פאַר דער קריג. ווי אַזוי קען איך זיין שולדיק, ווען איך צאָל אַלע שטייערן?״ אין פוילן האָט מען געצאָלט אומזאַצשטייער, הכנסה־שטייער און פאַרמעגן־שטייער. איך בין געווען באַפרייט פון הכנסה־שטייער, ווייל כ׳האָב געבויט מיין הויז אין 1929, בין איך באַפרייט געווען פון דעם שטייער פופצן יאָר. אַזאַ געזעץ איז געווען אין פוילן. בין איך פּטור געווען פון דעם שטייער ביז 1944. אַז די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין 1939, איז מיר אַרויסגעקומען געלט פון דער רעגירונג. און איצט אין נייעם פוילן האָב איך

פאַר אַלץ געצאָלט, איז ווי אַזוי קען איך קומען שטייער? ענטפערט מיר דער באַאַמטער, אַז מ׳האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט אַ שטייער פון אַ מיליאָן זלאָטעס. דער עניין, זאָגט ער, איז אַוועק קיין וואַרשע.

איך האָב די הייזער נישט געוואָלט פאַרקויפן. אַז מיקאָליטשיק איז געווען, האָב איך געמיינט, אַז כ׳וועל נאָך באַקומען פאַר זיי אַ גוטן פּרייז. פּאָליאַקן האָבן זיי געוואָלט קויפן. אָבער ווי האָב איך געקאָנט איבערלאָזן אַ פאַרמעגן פון אַ מילאָן זלאָטעס און זיי זאָלן עס צונעמען? איך קאָן דאָס נישט טאָן. איך מוז זיי דערוויזן, אַז כ׳בין זיי קיין גראָשן נישט שולדיק.

דערווײַלע האָב איך געזוכט אַ גוי, וואָס זאָל איבערנעמען מיין דירה און ער זאָל אַכטונג געבן אויף די הייזער. איז אָבער דעמלסט געווען אַ מעשה מיט צוטיילן דירות. מ׳האָט נישט געקאָנט סתם איבערגעבן אַ דירה. דער וואָס האָט געוואָלט, מ׳זאָל אים צוטיילן אַ געוויסע דירה, האָט געמוזט גיין אין מאַגיסטראַט און אויספועלן מ׳זאָל אים דערלויבן פאַרנעמען די דירה.

דעם טייל הויז, וואָס איז געווען דורכגעשאָסן, האָב איך נישט געהאָט קיין געלט צו רעמאָנטירן. אַז ס׳איז געקומען צו מיר אַ גוי דינגען אַ דירה, האָב איך אים געזאָגט: גיב מיר דירה־געלט פאַר אַ יאָר פאָרויס, וועל איך קויפן מאַטעריאַל און כ׳וועל דיר צוגרייטן די דירה. איז געקומען איין גוי און נאָך אַ גוי. זיי האָבן באַצאָלט פאַר אַ יאָר פאָרויס און כ׳האָב אויסגעלאַדעוועט פאַר זיי דירות. ס׳איז דיער שווער געווען צו קריגן צעמענט, זאַמד, ציגל. כ׳האָב דעם צערויִנירטן טייל הויז אָפּגעבויט.

אַז די אור־בע האָט געזוכט פאַר מיר אַ גרוב, האָט זי שוין צוגע־שטעלט פאַלשע עדות. איך בין אַוועק אין מאַגיסטראַט (מיין פרוי איז שוין געווען אין שטשעטשין) נאָך אַ דערלויבעניש איבערצוגעבן מיין דירה אַ געוויסן גוי, ווייל כ׳וויל אַוועקפאָרן. האָט מען מיר צוגעשטעלט אַן אַקט, אַז ווען כ׳האָב געבעטן די דערלויבעניש, האָב איך אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע, כדי צו געבן דעם באַאַמטן אַ לאַפּוּוקע (שוחד). און מ׳האָט אָפּגעזוכט די גויע, וואָס האָט מיר

באצאָלט דירה־געלט פאַר אַ יאָר פאָרויס, און כ׳האָב כלומרשט ביי איר גענומען געלט פאַרן דערלויבן איר אַריינגיין אין דער דירה. מ׳האָט צונויפגעשטעלט אַ באַשולדיקונגס־אַקט.

די גוים האָבן אין שטשעטשין אויפגענומען מיין פרוי מיט אָפענע הענט, ווייל כ׳האָב מיט זיי געלעבט אין ברודערשאַפט. דאָרט איז דאַך געווען פּאַוולאָווסקי, וואָס אַ דאַנק אים לעב איך הײַנט.

זיי האָבן אָבער געפרעגט, ווו איך בין. „ווו איז דער באַלעבאָס?" און איך האָב זיך געפּאַרעט ביי די הייזער. כ׳האָב געשריבן מיין פרוי, אַז אונדזער דירה איז שוין כמעט איבערגעגעבן. זי זיצט דאָרט און וואַרט, און איך שרייב, אַז כ׳וועל קומען מאָרגן, איבערמאָרגן. כ׳האָב געפונען נאָך אַן אויסרייד: מ׳נעמט אַראָפּ יידן פון די באַנען און מ׳שיסט זיי. דאָס איז טאַקע געווען אמת. האָבן זיי געשיקט נאָך מיר אַ שליח פון שטשעטשין — די פּרעזעסין פון דער א־קא, אויב זי וועט זיצן לעבן מיר, וועט מען מיר גאָרנישט טאָן. אָבער איך האָב אָפּגעלייגט מיין קומען פון טאָג אויף טאָג.

דערווײַלע איז פּאַוולאָווסקי געגאַנגען חתונה האָבן. האָט ער געזאָגט, אַז אָן מיר מאַכט ער נישט קיין חתונה. ער וועט נישט גיין אין קלויסטער, אויב איך וועל נישט זיין דערביי. דער גלח איז שוין געזעסן ביי אים אין שטוב און מ׳האָט געוואַרט אויף מיר. כ׳האָב דערליידיקט מיט דער דירה, און דער גוי האָט שוין געהאַלטן ביים אַריינציִען זיך אין איר.

גייענדיק אין גאַס, קומט צו צו מיר אַ יונגער שייגעץ (כ׳האָב געהאַט ביי זיך אַ קליינעם רעוואָלווער) און זאָגט: „דו הייסט גאָלד־בערג?" זאָג איך: „יאָ". זאָגט ער: „דו ביסט אַרעסטירט". קוק איך אים אָן: איך? איך בין אַרעסטירט? איך בין דאָ דער גאַנצער מאַכער, אַ פּאַרטיזאַנער, אַן אינוואַליד... „דו מוזט שוין גיין מיט מיר". אין דער ערשטער רגע האָב איך זיך געוואָלט אַ כאַפּ טאָן פאַרן רעוואָל־ווער, נאָר כ׳האָב זיך באַהערשט. דער שייגעץ האָט מיך אַריינגעפירט אין פּאָליציי. אין פּאָליציי האָט מען מיר געזאָגט, אַז כ׳וועל מוזן גיין אויף ספּאָקאָינע־גאַס. אין ריכטיקן שעכטהויז אַריין.

ס׳איז דעמאָלסט געווען אַ געשיכטע, וואָס מ׳האָט מיט אַ ביוון פאַרדעקט: חוץ דעם וואָס מ׳האָט דערהרגעט יידן, האָט מען אַלע טאָג אויך אַרעסטירט יידן, אַזוי אַז אין לובלינער קרימינאַל איז געווען אַ קאַמער בלויז פון יידן. הערשל זילבערג האָט פאַר דער מלחמה געהאַט דעם יום־טובדיקן בראָנפּן, דעם פינף און נײַנציקער. האָט מען זיין זון איינגעזעצט אין לובלינער תפיסה. איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ פאַבריק פון מאַרמעלאַד, האָט מען איינגעזעצט, ווייל מ׳האָט געפונען אַ מויז אין מאַרמעלאַד (ער איז געשטאָרבן אין ישראל). יידן זענען געזעסן אַן אַ פאַרוואָס און אַן אַ פאַרוועך.

אַז מ׳האָט מיך אַריינגענומען אין דעם קאָמיסאַריאַט, האָב איך געזען, אַז כ׳בין באַגראַבן. און דאָ זענען שוין אין שטאָט כמעט קיין יידן נישטאָ. מ׳איז זיך צעלאָפן פון פחד.

ביינאַכט האָט מען מיך אָוועקגעשיקט צו דער אור־בע. איך האָב בשעת מעשה נישט געוווּסט, וווּהין מ׳שיקט מיך. ווען מ׳האָט מיך געבראַכט אַהין, גייט מיר אַנטקעגן אַ פּאָליאַקל: „אַ גאָלדבערג! קענסט מיך, צי דו קענסט מיך נישט? איך בין געווען דער בריוו־טרעגער אויף דיין גאַס". זאָג איך: „יאָ, כ׳קען דיך". פרעגט ער: „ווו איז דיין פרוי?, וווּ איז דיין טאָכטער? וווּ איז דיין שוויגער? (און ער לאָכט מיר אין פּנים אַריין) דו וועסט דאָ אַ ביסל זיצן". זאָג איך: „אַז דו ביסט יאָ אַ באַקאַנטער, אפשר קענסטו מיר זאָגן, וואָס איך טו דאָ?" זאָגט ער: „עס וועט דיר גאָרנישט געשען".

ביינאַכט האָט מען מיך אַ נעם געטאָן אויף אַ פאַרהער. אַז דאָס האַרץ האָט נישט געפּלאַצט, שטעקט אין מיר אַ גוואַלדיקע גבורה. אַזעלכע שווינדלערייען! אַזעלכע ליגנס און אויסטראַכטענישן! גיי איך צו צום בריוטרעגער און זאָג: „אַז דו קענסט מיך יאָ, ווייסטו אַז איך האָב צוויי הייזער. שענק איך אייך אַוועק מיינע הייזער און לאָז מיך אַרויס". זאָגט ער: „די הייזער זענען במילא אונדזערע, מיר דאַרפן דאָס געלט".

מיין פרוי איז נישטאָ. כ׳האָב קיינעם נישט. קיינער ווייסט נישט,

ווו כ׳בין אַהינגעקומען... כ׳לייג אין דאָס, כ׳לייג אין יענץ, כ׳האָב אַלע פּאַפּירן. כ׳בין גאָרנישט שולדיק. „זיץ אַ ביסל״.

כ׳בין אָפּגעזעסן אַ פּאָר טעג. זיי האָבן פון מיר אַרויסגעצויגן ס׳בלוט. כ׳בין גראָ געוואָרן אין איין שעה. עסן האָב איך נישט געקענט. כ׳האָב כמעט געפאַסט. דערנאָך זאָגט מיר אָן דער בריוטרעגער (אַלץ מיט אַ געלעכטערל) אַ בשורה: „מאָרגן אין דער פרי גייסטו אַריבער אין קרימינאַל״. קיין גראָשן האָב איך נישט, ווייל מיין פרוי האָט אַלץ מיטגענומען. כ׳וועל דאַרפן בעטלען. טויזנט פּראָצענט!

ווען מ׳האָט מיך געפירט אין תפיסה, האָט אַ פרוי, איידל, (זי וווינט איצט אין ראשון־לציון) מיר געגעבן אין האַנט אַריין אַ צוויי קילאָ ווורשט. האָב איך איר געגעבן מיין פרויס אַדרעס און געבעטן, זי זאָל מיר טאָן אַ טובה, און צו וויסן געבן מיין פרוי, וואָס מיט מיר טוט זיך. זי האָט באַלד אַוועקגעשיקט אַ קאַרטל צו מיין פרוי.

כ׳בין דאָרט אָפּגעזעסן אַ פּאָר חדשים. דאָרט איז איינגעפירט געווען אַזוי ווי אין קאַרטוז־בערעזע: ווי נאָר מ׳איז אַריינגעקומען, האָט מען אָנגעהויבן שלאָגן אַ שעה צייט מכות רצח. די שלעגער זענען געווען רוסן. זיי האָבן אונטערגעהאַקט די לונגען. מיך האָט מען געגעבן אַ וואָרף אַריין אין אַ קאַמער מיט ניין און ניינציק אַקאָווצעס, און מ׳האָט באַלד אָנגעהויבן מיט די ערשטע קלעפּ. איז געגעבן אַ שפּרונג אַרויס אַ יונגער שייגעץ — „שיעלע?!״ ער איז געווען קאָמענדאַנט פון דער גאַנצער צעליע, דער הויפּטשלעגער. „פּאַרוואָס ביסטו דאָ? אַ ייד?!״ ער האָט אָפּגערוקט די שלעגער. „זאָל גאָט היטן דעם, וואָס וועט וואַגן אַ פינגער אַרויפצולייגן אויף אים״. די שלעגער זענען אַוועק, און איך האָב מיך אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט. הונדערט מאַן זענען מיר געלעגן אויף דר׳ערד, און ביינאַכט, אַז איינער האָט זיך איבערגעקערט, האָבן זיך געמוזט איבערדרייען אַלע איבע־ריקע. כ׳בין געווען איין ייד צווישן ניין און ניינציק אַקאָווצעס. יעדע מינוט איז צוגעקומען צו מיר אַן אַקאָוויעץ, ער האָט אויפגעהויבן זיין העמד און געזאָגט: „דו ביסט אַ ייד. דיין ברודער איז דער ריכטער. דיין ברודער איז דער פּראָקוראָר. דיין ברודער איז דער

# עלפטער קאַפּיטל

ס׳איז באַוווּסט, אַז די לובלינער תּפֿיסה האָט זיך געפֿונען אין אַ געוועזענעם שלאָס, און אירע אינעווייניקסטע צימערן זענען דער־ריבער געווען נישט ווי אין אַ תּפֿיסה, נאָר ווי אין אַ שלאָס. דער בנין האָט געהאַט אַ קיילעכדיקן טורעם. אַז מ׳איז געגאַנגען אַרויף מיט די שטיגן, האָט זיך דער קאָפּ פֿאַרדרייט. די ווענט זענען געווען אַזוי גראָב, אַז מיט שווערע האַרמאַטן האָט מען זיי נישט געקאָנט דורכהאַקן. די פֿענצטערלעך זענען געווען זייער קליין. פֿון די ווענט האָט שטענדיק גערונען. די שווערסטע פֿאַרברעכער האָט מען אַריינ־געזעצט אין טורעם. איך בין אַריינגעוואָרפֿן געוואָרן אַהין. מיר זענען געווען הונדערט פּערזאָן, מערסטנס גויים, וואָס מ׳האָט פֿאַרדעכטיקט, אַז זיי זענען קעגנער פֿון קאָמוניזם. דאָרט האָט מען כּסדר געשלאָגן. ביינאַכט פֿלעגט מען אַ טייל פֿון די אַרעסטירטע אַוועקשיקן אַרבעטן אין די קוילנגרובן, וואָס מ׳האָט פֿאַרנומען ביי די דייטשן.

ווי כ׳האָב שוין דערציילט, האָט מיך געראַטעוועט פֿון קלעפּ אַ שייגעץ. ער האָט מיך געהייסן אַוועקלייגן זיך אין אַ זייט וואָרעם מ׳וועט מיר אונטערהאַקן די זייטן. ווען מ׳האָט זיך געקליבן שלאָפֿן גיין, איז נישט געווען ווו צו לייגן זיך. אין דער קאַמער איז געווען פּלאַץ פֿאַר אַ פּאָר און צוואַנציק מענטשן, נישט פֿאַר הונדערט. האָט דער קאָמענדאַנט דיריגירט ווי אַזוי צו לייגן זיך. מ׳האָט זיך אויס־געלייגט ווי הערינג אין אַ פֿאַס. די שטיוול מיטן היטל האָט מען אַרויסגעשטעלט אין קאָרידאָר. אין די אָפּצאַסן פֿון די שטיוול האָב איך געהאַט גאָלד, און אין מאַרינאַרקע האָט מיר אַ שניידער איינ־גענייט אין וואַטע דאָלאַרן.

אַז מ׳האָט אונדז אויפֿגעוועקט אין דער פֿרי, האָב איך נישט

געפונען מיין ווורשט. וואָס טוט מען? ריידן האָב איך מורא, און נישט ריידן האָב איך אויך מורא. ווען כ׳בין אַריין אין צעליע, האָב איך געוואָלט, ווי ס׳פירט זיך, אַוועקגעבן די ווורשט דעם קאָמענ־דאַנט, דעם שייגעץ. האָט ער נישט געוואָלט נעמען: „האַלט פאַר זיך. כ׳האָב אייגענע״. אין דער פרי האָב איך אים געזאָגט, אַז מ׳האָט מיר צוגעגנבעט די ווורשט. האָט ער זיך צעקאָכט: „וואָס? כ׳וועל געפינען. זיי רויִק״. זאָג איך: „לאָז שוין אָפּ. כ׳וויל במילא נישט עסן. כ׳בין אויף געהאַקטע צרות. כ׳קאָן נישט עסן״. און ער גיט זיך אַ שטעל אויף און זאָגט: „איך באַפעל מ׳זאָל אָפּגעבן דעם ייד די צוויי קילאָ ווורשט״. קיינער רופט זיך נישט אָפּ. זאָגט ער: „איך וואָרן צום צווייטן און צום דריטן מאָל, מ׳זאָל אָפּגעבן די ווורשט דעם ייד!״ קיינער רופט זיך נישט אָפּ. האָט מען אָנגעהויבן צו הרגענען. וואָס הייסט הרגענען! בלוט איז גערונען פון אַלע זייטן. דערנאָך האָט ער אַרויסגעקראַצט פון אונטער די נעגל ביי יעדן אַרעסטאַנט: ער האָט געזוכט סימנים פון ווורשט. דערנאָך האָט ער יעדערן געהייסן גיין אין אוביקאַציע, און ער איז מיטגעגאַנגען: אפשר וועט ער דאָרט עפּעס דערקענען. איך בין געשטאַנען און כ׳האָב געציטערט. די ווורשט האָט מען נישט געפונען. אַזוי האָט אויסגעזען מיין אַריינגיין אין קרימינאַל.

איך האָב דאָך געהאַט נאָך אַ צרה: כ׳בין געזעסן מיט וואַלוטע. אַז מ׳וועט ביי מיר געפינען וואַלוטע, בין איך אַ פאַרלוירענער.

דעם ערשטן מאַי האָט מען אָנגעזאָגט, אַז מ׳גייט יעדן איינעם רעווידירן. מ׳נעמט מיך אַריין אין אַ צעליע און מ׳טוט מיך אויס נאַקעט, ווי די מאַמע האָט מיך געבוירן, און מ׳זוכט ביי מיר אין די געדערעם, אין די קישקעס, אין בויך און מ׳לאַכט. איך שטיי. כ׳האָב געוווּסט, אַז אויב מ׳וועט ביי מיר געפינען איין דאָלאַר, וועל איך שוין נישט אָנקוקן די ליכטיקע שיין. מ׳האָט גאָרנישט געפונען און מ׳האָט מיך צוריק אַריינגעפירט אין קאַמער. קיין שעניק צום שלאָפן האָב איך נישט געהאַט. כ׳בין געלעגן אויפן צעמענט. די דושנעקייט איז געווען גרויס. פון די ווענט האָט גערונען. עסן האָט

מען יאָ געגעבן. אָבער מ׳האָט געהאַלטן אין איין שלאָגן. מיך נישט. חוץ די ערשטע קלעפּ, וואָס כ׳האָב געכאַפּט ביים סאַמע אַריינגיין.

מ׳האָט מיך אָנגעהויבן צו פאַרשן. פון מיין פרוי האָב איך גאָר־נישט געוווּסט. דערוויילע האָט מען גענומען אַריינפירן נאָך יידן. ווענט האָבן אויערן. האָט מען געזאָגט, אַז מיין ווייב איז אַוועקגעפאָרן און זי וועט שוין נישט צוריקקומען. „ער וועט פאַרפוילט ווערן אין קרימינאַל. ער האָט קיינעם נישט״.

איין מאָל האָט מען אונדז געהייסן גיין אין באָד, ווייל מיר זענען פאַרלייזיקט. איז דאָך ווידער חושך — די מאַרינאַרקע וועט מען דאָך אויספּאַרען, וועט אַ סוף קומען אויף מיינע דאָלאַרן. די פּאַרע וועט דאָך זיי אויפפרעסן. וואָס טוט מען? אויב כ׳וועל נישט אַוועקגעבן די מאַרינאַרקע אויסצופּאַרען, וועט דאָך גלייך פאַלן אויף מיר אַ פאַר־דאַכט... אַזוי ווי כ׳גיי אין באָד, פאַלט אויף מיר אַרויף אַ גוי און הייבט מיך אָן צו קושן: „דו דערקענסט מיך נישט? זאָגט ער, איך בין דאָך דער סערזשאַנט פון אַכטן פּאָלק. איך בין מאַרטינאָווסקי״. קוק איך אים אָן: „דו ביסט מאַרטינאָווסקי?״ זאָגט ער: „שזיוניו, וואָס טוסטו דאָ? איך האָב באַקומען צוואַנציק יאָר. כ׳האָב געאַרבעט מיט די דייטשן. אָבער דו? איך בין דאָ דער אויפזעער פון באָד״. זאָג איך: „אויב דו ביסט דער אויפזעער פון באָד, ווייל איך דיך עפּעס בעטן. כ׳טראָג, ווי דו זעסט, אַ מאַרינאַרקע. אַז מ׳וועט זי אַריינגעמען אויספּאַרען, וועט פון איר ווערן אַ תל. בעט איך דיך: נעם זי אַריין צו זיך אין שטוב. וועל איך וויסן, אַז אויב מ׳וועט מיך באַפרייען, וועל איך האָבן וואָס אָנצוטאָן״. זאָגט ער: „ביסט גערעכט. גיב אַהער די מאַרינאַרקע״. ער האָט אַריינגענומען די מאַרינאַרקע צו זיך אין שטוב. איך האָב מיך אויסגעפּאַרעט און אַרויסגייענדיק האָט ער זי מיר דערלאַנגט צוריק, און ער האָט געפרעגט: „אפשר ווילסטו עפּעס עסן?״ הכלל, ער האָט מיר עפּעס געגעבן.

איין מאָל האָט מען געמאָלדן אויפן אַפּעל, אַז מען צעוואַרפט דעם טורעם. כ׳האָב אויך געהערט ריידן, אַז מיך וועט מען אַריבער־פירן צו די יידן. און מ׳פירט מיך טאַקע אַרויף צו דער פערטער

אָפּטיילונג. כ׳גיב אַ קוק: אַ חדר! אַ מנין! מ׳דאַוונט מנחה־מעריב. סאַמע יידן!! ס׳איז דאָ דער, ס׳איז דאָ יענער. די יידן האָבן דאָ געוווּסט, אַז איך זיץ אין טורעם. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דער שייגעץ האָט זיי געשלאָגן. אײנער האָט מיר געוויזן סימנים פון זיינע קלעפּ אויף די פיס, אַ צווייטער — אויף די הענט.

אין דער פערטער אָפּטיילונג פלעגט מען אין דער פרי אַרויס־לאָזן אויפן קאָרידאָר, כדי צו גיין אין אוביקאַציע. גייענדיק אַהין, פאַלט צו מיר צו אַ באַוואַקסענער גוי: „דאָס ביסטו, שיע?" זאָג איך: „יאָ". זאָגט ער: „דו ביסט דאָך מיין באַלעבאָס. איך וווין דאָך ביי דיר. מיין ווייב וווינט דאָך נאָך ביי דיר. כ׳האָב געקריגן פינף און צוואַנציק יאָר". כ׳קוק אים אָן: „כ׳ווייס נישט, ווער דו ביסט". זאָגט ער: „איך ווייס יאָ ווער דו ביסט. זאָג מיר, וואָס דאַרפסטו?" מיינע הויזן זענען געווען אין גאַנצן אויפגעריסן, פון קראַק אָן. זאָג איך: „זע, איך גיי מיט אָפענע הויזן. שאַף מיר אַ נאָדל־פאָדעם, כ׳זאָל זיי קענען פאַרנייען". זאָגט ער: „גיי געזונטערהייט. אין צען מינוט אַרום האָסטו אַ נאָדל מיט אַ פאָדעם. נאַ דיר ברויט, נאַ דיר עסן, איך בין דאָ דער קאָמענדאַנט פון דער צעליע". אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָב איך שוין געהאַט אַ נאָדל־פאָדעם.

ליגנדיק ביינאַכט האָב איך געטראַכט, ווי אַזוי זאָל איך אַרויס־נעמען די דאָלאַרן פון דער מאַרינאַרקע. כ׳האָב געהערט, אַז מיין ווייב איז שוין דאָ, און אַז זי סטאַרעט זיך צו זען זיך מיט מיר. בין איך ביינאַכט געלעגן און שטילינקערהייט, מיין שכן זאָל נישט דערהערן, האָב איך געדלובעט אינעם אונטערשלאַק פון דער מאַרי־נאַרקע, ביז כ׳האָב אויפגעטרענט און כ׳האָב אַרויסגענומען די דאָלאַרן. כ׳האָב זיי איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר און געהאַלטן אין קעשענע. כ׳האָב געטראַכט, אַז אויב זי וועט קומען זען זיך מיט מיר, וועל איך אפשר קענען פּטור ווערן פון דער וואַלוטע. כ׳מוז איר אַוועקגעבן די דאָלאַרן אָדער די מאַרינאַרקע, אַנישט בין איך אומ־גליקלעך.

אין אַ געוויסן טאָג רופט מען מיך אַרויס: „אַ זעונג!". כ׳קום

אַרויס — שטייט אַ פּאָליציאַנט צווישן מיר און מיין פרוי: ער וויל הערן, וואָס מ׳רעדט. כ׳קוק אויף מיין פרוי און טראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם „ממזר", פון דער וואַלוטע. כ׳צעקוש זיך מיט איר און דערביי האָב איך איר אַרויסגעגעבן אַלצדינג, וואָס כ׳האָב געהאַט ביי זיך, און דער פּאָליציאַנט האָט נישט באַמערקט. מיין פרוי איז צוריק אַדורך בשלום. מ׳האָט זי נישט רעווידירט. בין איך שוין געבליבן זיצן אין קרימינאַל רויִק.

מיט אונדז איז געזעסן צדוק הערשל זילבערס זון. ער איז געווען קאָמענדאַנט פון קאַמער. מיר האָבן געדאַוונט מנחה־מעריב. מ׳האָט אויך געדאַוונט שחרית. דער צדוק האָט געהאַט פּראָטעקציע אין וואַרשע. זיין ווייב האָט אָנגעשלאָגן נישט בלויז אין או־בע פון לובלין. צדוקן האָט מען חושד געווען, אַז ער האָט געקויפט קוקורוזע און האָט דאָס געברענט ביים מאַכן ביר. ער האָט געהאַט אַ ברויערײ, וווּ מ׳האָט געמאַכט ביר, בראָנפן און זעקס און ניינציקער ספּירט. דעמלסט איז שווער געווען צו קריגן האָלץ. האָט זיך אַ מאָל אַ רוסישער מאַיאָר אַרומגעפירט מיט אַ מאַשין קוקורוזע. האָט דאָס צדוק ביי אים אָפּגעקויפט. די קוקורוזע איז שוין געווען ווערמדיק און צוגעפוילט. האָט דאָס צדוק געברענט אָנשטאָט האָלץ. אַ ביסל שפּעטער איז ער באַפרייט געוואָרן און איך בין געוואָרן קאָמענדאַנט פון קאַמער.

כ׳האָב שוין געוווּסט, אַז ס׳דערנענטערט זיך מיין פּראָצעס. מיין פרוי האָט גענומען צוויי באַרימטע אַדוואָקאַטן. איינער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (זי איז צו אים דערגאַנגען דורך פּראָטעקציע), און דער צווייטער איז געווען אַן אָנהענגער פון יושר.

מיין ווייב האָט זיך גענומען נאָכפרעגן, ווער ס׳איז דער נאַטשאַלניק פון דער תפיסה. איז דאָס געווען אַ ייד. קומט ער איין מאָל אַריין צו מיר אין צעליע (אַלע שטעלן זיך אויף) און פרעגט מיך: „האָסט אַ שעניק?" זאָג איך: „ניין". „וועסט קריגן באַלד אַ שעניק". כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז מיין פרוי האָט אים איבערגעקויפט.

ווען מײַן סטרוזש איז געקומען צו מיר, איז זײַן זון אַוועקגעפֿאָרן קיין שטשעטשין. (דעמלסט זענען אַ סך פּאָליאַקן געפֿאָרן צו די פֿאַרנומענע דײַטשע געביטן). ער איז געווען אַן אינזשעניער. אַ געוועזענער אַקאָוויעץ. ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין שטשעטשינער שטאָטראַט און ער האָט אַראָפּגענומען זײַן טאַטן. מײַן פֿרוי איז געווען בײַ זיי.

מ'האָט צוגעגרייט דעם פּראָצעס. די אַדוואָקאַטן האָבן געזאָגט, אַז ס'איז אַ שווערער ענין. די אָר־בע האָט צוגעשטעלט פֿאַלשע עדות. מײַן סטרוזש איז געקומען צום פּראָצעס עדות זאָגן.

צום פּראָצעס האָט מען מיך געפֿירט אין בגדים פֿון אַן אַרעסטאַנט. די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן מיך באַגלייט, זענען געגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. געפֿירט האָט מען מיך איבערן מיטן גאָס, ווי דעם גרעסטן פֿאַרברעכער. די בלוזע האָט געהאַט זייער לאַנגע אַרבל. די הויזן, אָן אַ פּאַסיק, האָבן זיך געשלעפּט אויף דר'ערד. אַז מיר זענען געקומען אין געריכט אַרײַן, האָט מען מיר געהייסן זיצן. די עדות האָבן מיר געקוקט אין פּנים אַרײַן און האָבן אָפּגעזאָגט ווער כ'בין געווען און וואָס כ'האָב אָפּגעטאָן. מײַן ווײַב האָט זיך אויסגעסטאַרעט בײַם דאָקטאָר פֿון קרימינאַל אַ באַשטעטיקונג, אַז צוליב דער לאַגע פֿון מײַן האַנט, טאָר איך נישט זיצן אין תּפֿיסה. אַז כ'קום צו גיין צו אים אַלע טאָג מיט די ראַנעס, און אין תּפֿיסה קען מען מיר מיט גאָרנישט העלפֿן. דער גענעראַל פֿון די פּאַרטיזאַנער האָט עדות געזאָגט, אַז איך בין געווען פֿון די בעסטע פּאַרטיזאַנער. דער פּראָקוראָר האָט געפֿאָדערט, מ'זאָל מיך פֿאַראורטיילן אויף פֿופֿצן יאָר, ווײַל אויב אַ מענטש, כאָטש אַ פּאַרטיזאַנער, כאָטש אַ ייד, כאָטש אַ פּאַטריאָט פֿון פֿאַר דער מלחמה, קען אָפּטאָן אַזעלכע זאַכן, קומט אים אַמווייניקסטנס פֿופֿצן יאָר. די אַדוואָקאַטן האָבן גערעדט. קיין סך גוטע עדות האָב איך נישט געהאַט. איינער האָט געזאָגט, אַז ווען כ'בין געקומען צו אים פּועלן, ער זאָל מיר דערלויבן איבערצוגעבן עמיצן מײַן דירה, האָב איך אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין בוזעם... „ער האָט דיך געוואָלט איבערקויפֿן?" זאָגט ער: „ניין, ער האָט נאָר געוואָלט אַרויסנעמען געלט". די גויע, וואָס מ'האָט אָנגעשטעלט, האָט

געזאָגט, אַז זי האָט מיר געגעבן פיר טויזנט זלאָטעס בלויז פאַרן דערלויבן איר אַריינצוגיין אין דירה.

הקיצור, מ׳האָט מיך פאַרמישפּט אויף דריי יאָר תפיסה. אַ האַלב יאָר האָט מען אָראָפּגערעכנט, ווייל פאַר דער צייט איז געווען אַן אַמנעסטיע, און צוויי אַ האַלבן יאָר דאַרף איך אָפּזיצן. אַלע נאַכט פלעגט מען דאָך שיקן אַרעסטאַנטן צו די קוילנגרובן. ווי וועל איך דאָס קענען אויסהאַלטן? די האַנט פּוילט מיר, דער קערפּער פּוילט פון די קוילן, וואָס מ׳האָט נאָך נישט אַרויסגענומען. כ׳האָב נאָך געהאַט אויף דער האַנט די שמאַטע. האָב איך געבעטן דעם פּראָקוראָר, ער זאָל מיר דערלויבן זאָגן מיין ווייב די לעצטע פּאָר ווערטער. האָט ער דערלויבט. האָב איך געזאָגט: „ווו וועסטו אויף מיר וואַרטן צוויי מיט אַ האַלב יאָר? ס׳איז נישט פאַר דיר. נאַר, כ׳בעט דיך, ווו דו זאָלסט נישט זיין, שיק מיר אַלע מאָל צו אַ פּעקל. אפשר וועל איך קאָנען איבערלעבן". כ׳האָב זיך געזעגנט מיט איר און מ׳האָט מיך צוריקגעפירט אין קרימינאַל אַריין. די יידן אין קרימינאַל האָבן געזאָגט: „דריטהאַלבן יאָר? ס׳איז נאָך צו דערליידן".

דער ריכטער פון מיין פּראָצעס איז געווען טשערניאַק. זיין משפחה האָב איך גוט געקענט. ביים פּראָצעס האָב איך אים נישט דערקענט, און ער האָט מיך נישט דערקענט. איז ביי אונדז געווען אָפּאַטאָווסקי, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ לעגאַלע ביוראָ צו האַנדלען מיט וואַלוטע. נאָך דער מלחמה האָט ער ווידער געהאַנדלט מיט וואַלוטע אין לובלין. ער האָט געקענט אַלע פּאָליאַקן. מיין פרוי האָט אים דערציילט פון מיין משפּט, אַז מיך דערוואַרט אַ שווערער פּראָצעס. האָט ער געזאָגט: „לאַכט זיך אויס! פאַרוואָס? פאַרוואָן? ער האָט עפּעס געטאָן?" נאָכן פּראָצעס איז מיין פרוי אַוועק צו אים: „איר האָט זיך דאָך אויסגעלאַכט פון דעם. וואָס וועט איר איצט זאָגן? איר זייט דאָך אַ חבר!" ער איז געבליבן אַ געפּלעפּטער: „וואָס?! ווער איז געווען דער ריכטער?" זאָגט זי: „טשערניאַק". איז ער געבליבן טויט. „טשערניאַק?" טשערניאַק איז געלעגן ביי אים אין קעשענע. ער האָט אים געסמט. טשערניאַק האָט געקויפט

ביי אים וואַלוטע. איין מאָל איז מיין פרוי אַריינגעגאַנגען צו אָפּאָ־טאָווסקין און זי האָט דאָרט געטראָפן טשערניאַקן. האָט איר אָפּאָטאָווסקי געהייסן גיין אַהיים און קומען מאָרגן. צו מאָרגנס האָט איר אָפּאָטאָווסקי געזאָגט, אַז ער פּלאַנירט עפּעס און ער וועט שוין מיט אים ריידן.

דערוויילע האָט זיך מיין פרוי דערוווּסט, אַז דער פּראָקוראָר, מיין בעסטער פריינד, איז געוואָרן פּראָקוראָר אין אַפּעלאַציע־געריכט. דאַרף מען אָנגעבן אַ ביטע אין אַפּעלאַציע־געריכט, און דער פּראָקו־ראָר וועט מיר זיכער העלפן. איז מיין פרוי אַוועק צו אָפּאָטאָווסקין און זי האָט אים דערציילט פון איר פּלאַן. האָט ער איר געזאָגט, אַז מ׳דאַרף אָנגעבן אַ ביטע צום זעלבן געריכט און בעטן, מ׳זאָל מיך אַרויסלאָזן אויף קויציע, ווייל כ׳בין קראַנק און כ׳טאָר נישט זיצן אין תּפיסה, און דער טשערניאַק וועט מיך אַרויסלאָזן אויף קויציע. „גרייט צו אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס פאַר טשערניאַקן און אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס אויף קויציע. אָבער קיינער טאָר פון דעם נישט וויסן. די אַדוואָקאַטן אויך נישט".

אַז מיין ווייב האָט געבעטן די אַדוואָקאַטן, זיי זאָלן אָנגעבן די ביטע צום זעלבן געריכט, האָבן זיי נישט געוואָלט. אָנגעבן אַ ביטע, האָבן זיי געזאָגט, דאַרף מען צום אַפּעלאַציע־געריכט. מיין פרוי האָט זיך אָבער איינגעעשפּאַרט: „וואָס גייט אייך אָן? ס׳קאָן זיין, אַז מ׳וועט אים אַרויסלאָזן אויף קויציע". זי האָט דאָך זיי נישט געטאָרט אַנט־פּלעקן דעם סוד. דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט די ביטע אָנגעגעבן, און דער זעלבער טשערניאַק האָט געפּסקנט מ׳זאָל מיך אַרויסלאָזן אויף קויציע, נאָכן איינצאָלן אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס.

מיין פרוי איז באַלד געלאָפן איינצאָלן, ווייל דאָס איז געווען שבת, און זונטאָג איז דאָך די באַנק געשלאָסן, האָט זי מורא געהאַט, די אַנ־בעו זאָל זיך נישט אַריינמישן און נישט דערלאָזן מ׳זאָל מיך אַרויסלאָזן. קיין פּויליש געלט האָט זי נישט געהאַט. האָט זי געטראָפן אַ געוויסן אהרן רובינשטיין (ער וווינט היינט אין חיפה) און זי האָט אים געבעטן, ער זאָל איר לייען געלט. האָט ער איר געליען. איז זי

געלאָפן און אין דער לעצטער רגע באַוויזן איינצוזאַלן דאָס געלט. פון דאָרט איז זי געלאָפן אין פּאָליציי מיט דער באַשטעטיקונג פון באַנק, אַז דאָס פערטל מיליאָן קויציע איז איינגעצאָלטן געוואָרן.

דערווײַלע האָב איך געהערט, מ׳שרייט פון אונטן: „גאָלדבערג! גאָלדבערג!!" כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָס רופט מען מיך אַרויס אַוועקצושיקן ערגעץ אין אַ תפיסה. האָב איך זיך געזעגנט מיט מײַנע באַקאַנטע און כ׳בין אַרײַן אין קאַנצעלאַריע. פרעג איך: „וווּהין שיקט מען מיך?" זאָגט מען מיר: „דו גייסט אַרויס אויף דער פרײַ". האָב איך געמיינט, אַז מ׳מאַכט פון מיך חוזק: „וואָס? איך — אויף דער פרײַ? ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט מען דאָך מיך פאַרמישפּט"... „רייד זיך נישט אָן — ענטפערט מען מיר — גייסט באַלד אַרויס". ס׳דויערט נישט קיין רגע, און מ׳פירט מיך אַרויס פון טויער.

כ׳קום אַרויס, זע איך — מײַן ווײַב שטייט. קוק איך זי אָן. איז דאָס מעגלעך, אַז כ׳בין פרײַ?... זאָג איך: „מײַן ווײַב, דו האָסט געטאָן פאַר מיר מער ווי אַ מענטש איז בכוח צו טאָן. כ׳האָב נישט געקאָנט גלייבן, אַז כ׳וועל ווען נישט איז אין מײַן לעבן זײַן פרײַ. נאָר וואָס דו האָסט — אַ פערד, אַ קו, אַ ציג, אַן עראָפּלאַן, וואָס עס זאָל נישט זײַן, לאָמיר באַלד אַנטלויפן פון דאַנען. כ׳וויל נישט זײַן אין לובלין. אַז כ׳קוק אָן אַ היטל פון אַ פּאָליציאַנט, שטאַרב איך. כ׳האָב מורא פאַר די ליכטיקע שײַן.

כ׳בין דאַכט זיך, גלייך צו מאָרגנס אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. (די שטאָט איז חרוב, וואָס וועל איך טאָן אין וואַרשע?). כ׳האָב שוין נישט געטראַכט פון די אַקאָוועצעס, וואָס נעמען אַראָפּ יידן פון די באַנען און דערהרגען זיי. כ׳האָב נישט געטראַכט פון טויט. דער טויט איז מיר געווען ליבער, ווי דאָס זיצן ביי די פּאָליאַקן אין קרי־מינאַל. ווען מען מיך אַראָפּנעמען פון באַן, איז אַלץ בעסער ווי גע־פּייניקט צו ווערן פון זיי, וואָרעם זיי האָבן געפּייניקט אין קרימינאַל ערגער ווי די היטלעריסטן. מײַן פרוי איז געבליבן אין לובלין, און איך האָב זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין טשעטשין. אין טשעטשין

בין איך אַוועק צום יידישן קאָמיטעט. כ׳האָב דאָרט געטראָפן יידן און אויך באַקאַנטע יידן. די מערהייט זענען געווען צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד. געוווינט האָב איך ביי מיינע באַקאַנטע פּאָליאַקן, אָבער כ׳האָב מורא געהאַט יעדע מינוט, אַז מ׳רופט מיך צוריק.

מיין ווייב האָט זיך געשראָקן אומצוקערן זיך קיין שטשעטשין צוליבן געלט, וואָס זי האָט געהאַט ביי זיך. האָט זי אַ טייל געלט איבערגעלאָזט ביי אַ סטרוזש, אַ טייל ביי איין לאַקאַטאָר, אַ טייל ביי אַ צווייטן לאַקאַטאָר. איידער זי איז געפאָרן ראַטעווען מיך, האָט זי דאָס פּוילישע געלט איבערגעפירט פון שטשעטשינער באַנק צום לובלינער באַנק. ווי נאָר זי איז געקומען קיין לובלין, האָט מען זי גענומען אין אָר־בע אויף אַ פאַרהער: „פאַרוואָס ביסטו אַוועקגעפאָרן קיין שטשעטשין פאַר דיין מאַן? האָסט אַוודאי אַוועקגעפירט וואַלוטע, ווייל דו האָסט דאָך חתונה געהאַט מיט אים צוליב זיין געלט״. אָבער זי האָט זיך אַרויסגעדרייט.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין פרוי רבקה:

— אויב איר פרעגט, — וואָס האָט אונדז פאַרבונדן, צוויי אומגליקלעכע מענטשן נאָכן חורבן, איז די תשובה אַ פּשוטע: דער אומגליק. זעט אויס, אַז עס קען עקזיסטירן אויך אַזאַ גערופענע: חורבן־ליבע, ווען צוויי מענטשן טרעפן זיך, און מ׳דערפילט די טיפע איינזאַמקייט, וואָס שרייט בייטאָג און ביינאַכט און לאָזט נישט צורו. אַזאַ ליבע האָט זיך פאַרבונדן צווישן מיר און רבקה׳ן, איך אַ סך עלטער פון איר, און זי אַ שיינע יונגע פרוי, וואָס האָט זיכער געקענט בויען איר לעבן מיט עמיצן אַנדערש. אַוודאי — אַן אונטערשייד אין יאָרן. אויך אַן אונטערשייד אין אינטעלעקטועלן באַנעמען עניניס. אויך אַן אונטערשייד אין סביבה, זי אַ טאָכטער פון יחוסדיקן שטאַם, און איך פון די פּשוטע יידן, וועלכע האָבן געבויט זייער לעבן מיט די פינף פינגער.

און אַט זעט: שוין עטלעכע און דרייסיק יאָר צוזאַמען — און דער בונד צווישן אונדז — אַ ריינער. ממש — אַ ליכטיקער. אַ סך כבוד

האָב איך פאַר מיין פרוי וועלכע איז אויסגעשטאַנען אַ סך נסיונות און אויסגעהאַלטן אַלע עקזאַמענעס.

זעט אויס אַז דער חורבן האָט אונדז אויסגעברענט אין אײן פייער. און דער חורבן האָט פאַרחתמעט אונדזער לעבן.

מיין פרוי שטאַמט פון קאָרעוו. פון קאָרעוו שטאַמען אויך די שרייבער: שולשטיין, גראָסמאַן. און ווי איך ווייס, — אַ גאַר בכובדיקע משפחה. אַ רייכע משפחה.

מיין פרוי האָט געגלויבט אַז איר ברודער לעבט נאָך, און דאָס האָט איר געגעבן כוח און האָפענונג אויף ווייטער. זי האָט געלעבט מיט אַ געוויסער משפחה וואָס האָט איר דערנענטערט און זיך פאַר־נומען מיט איר, און דורך דער משפחה האָבן מיר זיך באַקענט. די משפחה האָט געשטאַמט פון גלוסק, — אַ שטעטל לעבן לובלין. פון איינעם אַ יידן, אַ גביר פון טשעכעוו, האָט מיין פרוי געהערט צום ערשטן מאָל מיין נאָמען. רבקה איז געווען אַ טייל פון דער גלוסקער משפּחה, פון דעם מאַן, וועלכער האָט געבויט פונדאַסניי זיין לעבן מיט אַ טאָכטער און אַ זון. דער מאַן פון גלוסק איז דערהרגעט געוואָרן. רבקה האָט זיך דערוווסט אַז אויך איר ברודער איז אומ־געקומען, און איך שיע גאָלדבערג אַ שותף צום גלוסקער מאַן, בין ווייטער אָנגעגאַנגען מיט די געשעפטן און געזוכט אַ וועג צו בויען מיין לעבן פונדאַסניי, ווייל דער מאָרגן פאָדערט זיינס און טראָגט דעם וואָס כ׳האָב זיך געפילט צעבראָכן, האָב איך געזוכט מיין המשך. זעט אויס אַז אויך רבקה, מיין צוקונפטיקע פרוי, האָט אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו איר מאָרגן, צו באַנייען איר לעבן. אַ פאַרמאַטערטע, מידע פרוי, אָבער נאָך גאַנץ יונג האָט זי זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן איר מידקייט.

רבקה פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז איר גלויבן אין מענטש איז חרוב געוואָרן און זי האָט מורא געקריגן פאַר מענטשן. אַלץ לויפט נאָך געלד, און פאַר געלד איז גרייט איינער דעם אַנדערן צו הרגענען. געטראַכט האָט זי אַנשליסן זיך אין אַ קיבוץ וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן, אָבער גוטע פריינד האָבן איר אָפּגערעדט. קיין פּאַך האָט

רבקה נישט געהאַט און דאָס האָט איר באַשוווערט צו זוכן אַרבעט און עקזיסטירן, נישט אָנקומענדיק צו פרעמדע מענטשן. מ׳האָט איר אויך פאַרגעלייגט צו אַרבעטן אין או. ב., דער אַזוי גערופענער נ.ק.וו.ד. אָבער אַ מסור זיין האָט זי נישט געוואָלט. אַזאַ סאָרט אַרבעט איז איר נישט געפעלן געוואָרן, טראָץ איר שווערע לאַגע.

רבקה איז קראַנק געוואָרן און איך בין איר געקומען באַזוכן. כ׳האָב איר צוגעזאָגט הילף, און דעם אמת זאָגנדיק, טראָץ די אונ־טערשיידן צווישן אונדז האָב איך געטראַכט פון איר. זי איז מיר געפעלן געווען. כ׳האָב געזען איר איידלקייט און דאָס האָט מיך גענומען. לעבן מיט איר אָן אַ חופה, — האָב איך נישט געוואָלט, און אויך דער געדאַנק איז געווען ווייט פון איר. מיר זענען נאָענט געוואָרן און עפּעס האָט אונדז אונטערגעזאָגט, אַז מיר קענען זיין צוזאַמען און בויען אונדזער לעבן צוזאַמען. און אַזוי האָבן מיר חתונה געהאַט. ביידע — מיט אַ סך ספקות. אָבער מיט אַ סך גלויבן

נאָר די צייטן זענען נאָך געווען אומרויקע. די אויגן פון די שונאים זענען נאָך געווען אָפן אויף די לעבן־געבליבענע יידן. און פּלוצלינג האָט מען געפונען אַ סירחה אין מיינע געשעפטן און איך בין אַרעסטירט געוואָרן.

און דאָ הויבט זיך אָן אַ יסורים־וועג פון אַ יונגער פרוי וואָס האָט אַרויסגעוויזן ממש מסירת נפש כדי מיך צו באַפרייען. איך זאָג: מסירת נפש, ווייל נישט יעדע פרוי איז געווען אין יענע טעג מסוגל אַרויסצווייזן אַזויפיל געטריישאַפט און עקשנות. ווייל סוף כל סוף האָט דאָך יעדע פרוי מורא געהאַט, טאָמער קומט צוריק די ערשטע פרוי. אפשר האָט איר דער חורבן אויסגעמיטן. אפשר וועלן זיי זיך טרעפן צוריק און דאַן וועט דער קרבן זיין די נייע פרוי. איך האָב מיין רבקה׳ן געזאָגט קלאָרע ווערטער: אויב מיין ערשטע פרוי איז לעבן געבליבן און וועט אָנקומען, וועט זי פאַרבלייבן מיין פרוי, אָבער דיר, רבקה וועל איך אַרויסהעלפן מיט אַלץ און וועל דיך נישט מפקיר זיין. איך בין נישט קיין לאָבוז און איך וועל זיך פירן ווי אַ מענטש דאַרף זיך פירן.

די פּרשה ווי אַזוי מײַן פרוי רבקה האָט געטאָן אַלץ און איבער די כוחות, כדי מיך צו באַפרייען, איז כדאַי זי זאָל פאַרשריבן ווערן. עס זענען אַריבער נאָך עטלעכע מאָנאַטן פון אונדזער הייראַטן און איך האָב זיך דערזען צווישן די קראַטן פון אַ טורמע. איך האָב געוואָלט בויען אַן אייגן ווינקל נאָך אַזויפיל צרות און איך האָב זיך געפונען פּלוצלינג צווישן שיכורים, גנבים, פאַרגוואַלדיקער און כל־ערליי אויסוואורפן. כ׳האָב געצווייפלט אַפילו צי מײַן רבקה וועט עפּעס טאָן פאַר מיר, נאָר איך האָב דערזען אַ ליכטיקייט אין מענטשן און זי האָט מיט מסירת נפש אָנגעהויבן אַרבעטן מ׳זאָל מיך באַפרייען. אַ געוויסע משפחה האָט איר געבראַכט די ידיעה אַז איך בין אַרעסטירט, און זי איז גלייך אָנגעקומען קיין לובלין, מיט אַביסל אָפּגעשפּאַרטע געלט: זלאָטעס און דאָלאַרן. אַ באַקאַנטער קריסט האָט רבקה׳ן גלייך אויפגענומען. די יידישע לובלין איז אויסגעקוילעט געוואָרן. געבליבן אַ הייפל יידן, אָנגעקומענע פון דער גאַרער וועלט. לובלין האָט געלעבט אין פּאַניק. אַ סך פון די פאַרבליבענע זענען אַוועק אין די פאַרנומענע געביטן. געבליבן רעשטלעך. רבקה׳ן איז נאָר פאַרבליבן אין לובלין איינער: איר מאַן אין טורמע. זי האָט אויסגעפונען די גרעסטע אַדוואָקאַטן, מ׳האָט אויך איר אָנגעהויבן פאַרשן וועגן מײַנע געשעפטן. זי האָט זיך נישט באַנוגנט מיט איין אַדוואָקאַט. זי האָט געוווסט, אַז איך בין אַ פאַרוווּנדעטער, און די טורמע באַדינגונגען קענען מיך ענדיקן. אַ חברטאַרין אַ קאָמוניסטקע האָט איר אַ מאָל געזאָגט: אויב דיין מאַן זיצט, איז אַ סימן אַז ער דאַרף זיצן. אין דער קאָמוניסטישער אָרדענונג אַרעסטירט מען נישט סתם קיין מענטשן. אָבער רבקה האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. איך קען דאָ נישט אויסרעכענען אַלע מעשים און ספּעקולאַציעס וואָס זי האָט געטאָן, כדי מיך צו באַפרייען.

זי האָט געפילט אַז דער גלאַטער וועג טויג נישט, און זי האָט פּרובירט אויך מיט אומלעגאַלע מיטלען מיך באַפרייען, אָבער אין טאָג פון דער ספּראַווע — איז דער פּסק־דין געווען: דריי יאָר טורמע. דער פּראָקוראָר האָט געפאָדערט 15 יאָר.

ווען איך האָב זיך געטראָפן אין טאָג פון דער ספּראַוּוע מיט מיין פרוי האָב איך געפילט: איך בין אַלט געוואָרן. כ׳בין אַ מאַן פון הונדערט יאָר.

מיט טרערן אין די אויגן דערמאָן איך היינט יענע טעג, ווען רבקה האָט זיך ווייטער איינגעשפּאַנט פירן מיין ספּראַוּוע אין „אָפּע־לאַצינעם סאָנד", און פּרובירן אַרויסנעמען מיך אויף קויציע. זי איז אַוועק צו אַ ציווילן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט געוווּסט אַז דער שופט פון „אָפּעלאַצינעם סאָנד" איז מיין פריינד. מ׳האָט איר געגעבן האָפע־נונגען אַז ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו באַפרייען מיך. און טראָץ דעם וואָס די צייטונגען האָבן געהעצט קעגן ייד גאָלדבערג, האָט זי דער־לאַנגט אַן אַפּעלאַציע, באַצאָלט אַ פערטל מיליאָן זלאָטעס און איך בין באַפרייט געוואָרן אויף קויציע. אין דער לעצטער מינוט האָט זי די סומע אויפגעקלאַפּט און באַצאָלט אין באַנק פּאָלסקי, און פרייטיק ביינאַכט, צוויי טעג נאָך דער אַפּעלאַציע, בין איך געווען אויף דער פריי.

איך דערצייל עס היינט אין פריידן. אָבער, ביז היינט קען איך זיך נישט אָפּוווּנדערן פון רבקה׳ס מסירת נפש מיך צו באַפרייען. פון איר געטריישאַפט. איידלקייט און גוטסקייט. ווייל סוף כל סוף, אַז איך מאַך היינט מיין חשבון, טראַכט איך: קיין פילם אַרטיסט בין איך נישט געווען — נאָר זעט אויס אַז אויך זי האָט דערזען אין מיר אַן אָרענטלעכן מענטש, אַ ייד וואָס וויל העלפן און העלפט, אַ ייד וואָס וויל אַרויסהעלפן יידישע נשמות פון גויישע הענט, און אונדזער צוזאַמענלעבן האָט באַשטעטיקט, אַז איידלקייט און אָרנטלעכקייט אין לעבן איז נישט קיין איבעריקע זאַך.

יאָ, כ׳האָב פאַרגעסן צו דערציילן: נאָך דער באַפרייונג האָט דער גענעראַל פון די פּאַרטיזאַנער צונויפגערופן זיינע קעמפער און גע־זאָגט: „קלייבט זיך יעדער איינער אויס אַ טיטול לויט זיין בילדונג". דער וואָס האָט געלערנט, איז געוואָרן אַ לייטענאַנט, אַ צווייטער איז געוואָרן אַן אונטעראָפיצער. יאַנעק, וואָס איז געלעגן מיט מיר אין גרוב, איז געוואָרן אַן אונטעראָפיצער אין פּאָליציי. אַז דער גענעראַל

איז צוגעקומען צו מיר, האָב איך געזאָגט: „כ'בין געווען אַ קצב און כ'וועל בלייבן אַ קצב, כ'טו נישט אָן קיין מונדיר פאַר קיין מיליאָן אפילו, ווייל ס'איז נאָך נישט געענדיקט מיט די פּאָליאַקן". מיינע חברים זענען אַריינגעטראָטן אין פּאָליציי. די גויע, וואָס איז געווען פאַרליבט אין יאַנעקן, האָט איבערגעלאָזט איר מאַן און איז געקומען צו לויפן. זי איז אַריין אַרבעטן אין פּאָליציי צוליב יאַנעקן. יאַנעק האָט זיך געדונגען אַ דירה, נישט ווייט פון מיר, פאַר זיך מיט דער גויע. אַ געוויסן טאָג איז ער אַנטלאָפן קיין איטאַליע און איז דאָרט אַריינגעטראָטן אין אַ קיבוץ. ער האָט געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל. אַז ער איז אַנטלאָפן, פלעגט די גויע קומען צו מיר וויינען: „וואָס האָט ער מיר געטאָן? כ'האָב איבערגעלאָזט מיין מאַן מיט מיין גאַנצן פאַרמעגן. איצט איז ער אַוועק, און איך שוואַנגער פון אים". הקיצור, יאַנעק איז אָפּגעווען אַ שטיקל צייט אין איטאַליע און איז צוריקגעקומען צו איר.

אין שטשעטשין האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן פון אַוועקפאָרן. כ'בין אַלע טאָג געפאָרן צום יידישן קאָמיטעט זוכן אַ קאָנטאַקט צום אַנטלויפן וואָס שנעלער. וואָרעם ס'האָבן מיר געציטערט הענט און פיס. האָב איך זיך פאַרבונדן מיט מאַכערס. מיט איין מאַכער, מיט אַ צווייטן, מיט אַ דריטן. הכלל, כ'האָב געפונען אַ רוסישן קאַפּיטאַן, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער וויל כך וכך. ער וועט מיך אַריינלייגן אין אַ טאַנק פון בענזין און ער וועט מיך אַריבערפירן צו דער אַמעריקאַנער זאָנע. כ'האָב באַצאָלט. די צייט איז געווען אַ הפקרדיקע. ער האָט דאָך געקענט נעמען דאָס געלט, און אַריינפירן מיך נישט צו דער אַמעריקאַנער זאָנע, נאָר צו די רוסן. ווער האָט געקאָנט זיין זיכער? ווען מ'זאָל מיך כאַפּן, וועל איך שוין נישט זען די ליכטיקע שיין פאַר די אויגן. הכלל, דער קאַפּיטאַן האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין בערלין און ער האָט מיר געוויזן געגנוי ווי צו גיין צו דער אַמעריקאַנער זאָנע, צום לאַגער שלאַכטנזעע. „כאַפּ זיך אַראָפּ אַהין וואָס שנעלער און גיי, ווי כ'האָב דיר אָנגעוויזן".

כ'בין אַריינגעקומען אין לאַגער אין בערלין. האָב איך ערשט

דערפילט, אַז איך לעב. אין לאַגער זענען דעמאָלסט געווען ווייניקער פון פיר טויזנט יידן. דירעקטאָר פון לאַגער איז געווען אַן אַמעריקאַנער ייד פישביין, אַ געוועזענער אדוואָקאַט. אין לאַגער איז געווען די אַמע־ריקאַנער פּאָליציי. קיין רוס און קיין דייטש האָבן נישט געטאָרט אַריינגיין אין לאַגער. די פּאָליציי איז געווען אַ יידישע. איך בין שוין געווען כשר. קיינער האָט מיך נישט געטאָרט רירן.

פון מיינע הייזער האָב איך שוין אין גאַנצן נישט געטראַכט. מיין פרוי איז געווען גליקלעך, ווען זי האָט זיך דערוווסט, אַז כ׳בין שוין אין בערלין. זי האָט זיך אויך גענומען גרייטן צום פאָרן. זי האָט נאָך געהאַט ביי זיך אַ פּאָר דאָלאַר. ביים שמוגלען די גרענעץ האָט מען געכאַפּט די גאַנצע גרופּע. איך האָב שוין אין בערלין געהערט פון דעם דורכפאַל. ווי אַזוי האָב איך זיך דערוווסט? יידן האָבן גלייך גענומען האַנדלען דורך דער פּאַרמיטלונג פון די רוסן. אַז די רוסן זענען געפאָרן פון פּאָטסדאַם, פון דער רוסישער זאָנע, קיין שטשע־טשין, האָבן זיי געמוזט דורכפאָרן שלאַכטנזעע, וואָס ליגט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. האָבן זיך די יידן פאַרבונדן מיט די רוסן צוליבן שמוגל. אַזוי אַרום איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה וועגן דער פאַר־האַלטענער גרופּע.

צו יענער צייט האָט אונדז געגעבן עסן די אונר״א. איין מאָל אין טאָג האָט מען געקריגן אַ טעלער זופּ מיט אַ שטיקל ברויט. פאַר קינדער האָט מען געגעבן אויך אַ ביסל קאַקאַאָ און אַ שטיקל שאָקאָלאַד. ווען מ׳איז אַריינגעקומען אין לאַגער, האָט מען געקריגן אַן איינ־שפּריצונג קעגן טיפוס. האָב איך גלייך באַקומען איין און פערציק גראַד היץ. כ׳האָב נישט באַקומען קיין צימער, ווייל כ׳בין געווען איינער אַליין, אָן אַ פרוי. האָט מען מיך געשיקט ווױנען מיט נאָך אַ ייד. ווי נאָר כ׳האָב געעפנט די טיר אַריינצוגיין אין צימער, האָט מען מיך נישט אַריינגעלאָזט: „נישטאָ קיין פּלאַץ״. כ׳האָב אָבער געהאַט באַקאַנטע, בין איך ביי זיי געשלאָפן. געשלאָפן איז מען אויף מיליטערישע בעטלעך.

מיין פרוי איז אָפּגעזעסן אַ לענגערע צייט און מ׳האָט ביי איר

אַלץ צוגענומען, אפילו די כתובה. דערנאָך איז זי געקומען צו מיר. אַז מיין פרוי איז געקומען צו מיר, האָב איך באַקומען אַ דירה.

די לאַגע אין בערלין האָט אויסגעזען אַזוי:

מ׳האָט באַלד געעפנט אַ קינדערהיים. שלאַכטנזעע איז געווען אַ דורכגאַנגסלאַגער. אַרום דעם לאַגער איז געווען די רוסישע זאָנע, געווען פאַלן, ווען יידן זענען געגאַנגען אין קינאָ, האָבן זיי די רוסן פאַרנומען און פאַרשיקט קיין סיביר. די פראַנצויזן זענען געווען קעגן די רוסן צו שוואַך. אַז די רוסן האָבן געוואָלט, האָבן זיי געכאַפּט יידן פון דער פראַנצויזישער זאָנע. אָבער פאַר די אַמעריקאַנער האָבן זיי געהאַט רעספּעקט.

אַז אין פראַנצויזישן לאַגער זענען אָנגעקומען יידן און האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן פאָרן קיין מערב, האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין שלאַכטנזעע. פון שלאַכטנזעע זענען אַלע טאָג אָפּגעגאַנגען צוויי־דריי לאַסטמאַשינען מיט יידן און מ׳האָט זיי אַראָפּגעלאָזט אין מערב־דייטשלאַנד. אַ סך יידן זענען אַריבער קיין מערב־דייטשלאַנד אויס פּחד פאַר די רוסן, אַ סך יידן זענען באַלד געפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין בערלינער לאַגער האָט זיך געשאַפן אַ לעבן ווי אין אַ קליין שטעטל. ס׳ערשטע האָט מען אָרגאַניזירט אַ ראַבינאַט, דערנאָך — אַן אייגן געריכט. דער הויפּטדירעקטאָר איז געווען, ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, פישביין, און זיין פאַרטרעטער איז געווען אַ ווילנער ייד שוואַרצבערג אַ גאַנץ אינטעליגענטער ייד. יעדן אָנקלאַג האָט ער דערליידיקט. אָבער די יידן, וואָס זענען געקומען פון דער פראַנצויזישער זאָנע, האָט ער נישט געלאָזט בלייבן אין שלאַכטנזעע.

ביילין — נישט ווייט פון בערלין — איז געווען אַ גאָלדגרוב: די רוסן האָבן דאָרט געעפנט אַ געוועלב און זיי האָבן געקויפט ווערט־זאַכן: גאָלד, זילבער, ברילִיאַנטן, קרישטאָל, געפעס און וואַלוטע. דירעקטאָר איז דאָרט געווען אַ רוסישער ייד פון מאָסקווע, וואָס האָט גערעדט אַ גוטן ייִדיש. האָט ער געזאָגט: „אַלע יידן וועלן דאָ האָבן פרנסה, נאָר זייט מענטשן״. במילא איז שלאַכטנזעע געווען דער פלאַץ, ווו יידן האָבן גענומען מאַכן געלט.

די רוסן האָבן קאָנפיסקירט די דייטשע ציגאַרעטן־פאַבריקן, און זיי האָבן אויסגעאַרבעט ציגאַרעטן. די יידן האָבן זיי אָפּגעקויפט פאַר דאָלאַרן. די יידן האָבן די ציגאַרעטן פאַרקויפט די דייטשן. אַ דייטש האָט דעמאָלסט פאַר אַ ציגאַרעט, פאַר אַ גראַם קאַווע, פאַר אַ שטיקל חזיר, אַוועקגעגעבן דאָס רינגעלע פון פינגער, דעם גאָלדענעם זייגער, די גאָלדענע קייט. אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט דער לאַגער אין שלאַכטנ־זעע. אין טעמפעלהאָוו (דער פליפלאַץ) זענען געווען נאָך דריי טויזנט יידן. צוזאַמען מיט אונדזער לאַגער — זיבן טויזנט יידן.

אַז די יידן פון מערב־דייטשלאַנד האָבן זיך דערוווּסט, אַז מ׳קען אַריינשמוגלען זאַכן, האָבן זיי זיך פאַרבונדן מיט בערלין, ווייל אין בערלין איז יעדער ייד געווען כשר. שוואַרצבערג האָט פראַטעזשירט יידן, און ער האָט נישט אַריינגעלאָזט קיין פרעמדן פאָליציאַנט אין לאַגער, חוץ די אַמעריקאַנער פאָליציי, וואָס האָט געהאַט רעכט צו פאַרשן. וואָס האָט זי געפאַרשט? קאָמוניסטן.

אַז אַ ייד איז געקומען פון מינכען צי פון פראַנקפורט און האָט געבראַנגט אַ פעקל סחורה, איז ער איבערגעשלאָפן אין בערלין. צו מאָרגנס האָט ער עס פאַרקויפט און ער איז צוריקגעפאָרן. אַז אַ ייד איז אַריינגעפאָרן אין שלאַכטנזעע, האָט ער שוין געוואָלט בלייבן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט האָבן פרנסה. אַזוי ווי איך בין געקומען פון פוילן, האָט מען מיר צו מאָרגנס געזאָגט: „פאַק זיך איין. דו פאָרסט אַוועק״. הכלל, דורך פראָטעקציע, מ׳האָט מיך איבער־געלאָזן.

אין לאַגער האָבן אָנגעהויבן צו פלאַקערן קאָנפליקטן, ווייל עס זענען געקומען יידן פון סיביר, אוזבעקיסטאַן, טאַשקענט, מיידאַנעק, אוישוויץ, אַלע מיני טיפּן, און האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און גענומען האַנדלען. איז דער האַנדל געוואָרן נישט כשר. צום ביישפיל: דייטשלאַנד האָט אויסגעאַרבעט פלאַסטיק־מאַנטלען. האָט מען זיי איבערגעשמוגלט קיין פוילן. אין פוילן איז נאָך געווען, וואָס צו עסן. האָבן יידן געפירט פון דאָרט חזירפלייש, קאַווע. דאָס איז געווען אַ פאַרמעגן. יידן האָבן דאָס געקויפט, און די רוסן האָבן דאָס

אַריינגעפירט. איך אַליין האָב מיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ מין שמוגל: כ׳בין איין מאָל געזעסן אין דרויסן. קומט אָן אַ טאַקסי און פאַרהאַלט זיך לעבן מיר. אין טאַקסי איז געזעסן אַ טונקעלער שאָפער און אַ רוסישער קאַפּיטאַן. שטעקט דער שאָפער אַרויס דעם קאָפּ און פרעגט מיך אויף רוסיש: „ביסט אַ ייד?" זאָג איך: „יאָ. וואָס ווילסטו?" פרעגט ער: „האָסט נישט קיין קונה אויף חזיר?" זאָג איך: „כ׳בין אַליין אַ קונה". זאָגט דער שאָפער: „כ׳בין אַ ייד. כ׳הייס איצקאָוויטש. כ׳קום פון רוסלאַנד. כ׳בין דעם קאַפּיטאַנס שאָפער. כ׳האָב דאָ הונדערט קילאָ חזיר פעטס". „וויפל ווילסטו?" זאָגט ער — כך וכך. זאָג איך: „כ׳נעם זיי". מאַכט ער: „אָבער יעדן טאָג וועל איך דיר ברענגען". און ער האָט טאַקע געברענגט יעדן טאָג, און יידן האָבן דאָס ביי מיר אָפּגעקויפט. האָב איך איין מאָל געזאָגט: „איצקאָוויטש, וואָס דאַרפסטו זיך פאַרען מיט חזיר? וואַלוטע איז דאָך אַ בעסערע זאַך". זאָגט ער: „ווי קום איך צו וואַלוטע?" זאָג איך: „וועמען קענסטו אין שטשעטשין? וועל איך דיך שוין באַזאָרגן". פרעגט ער מיך: „פון וואַנען זייט איר"? זאָג איך: פון לובלין". זאָגט ער: „כ׳האָב אַ שכן אַ לובלינער, וואַלערשטיין". „מנחם וואַלערשטיין?" זאָגט ער: „יאָ. ער איז מיט זעקס זין. ער האַנדלט מיט וואַלוטע". זאָג איך: „זאָג מנחמען, אַז שיע גאָלדבערג פון טשעכעוו איז דאָ. וויפל כ׳וועל הייסן געבן, וועט ער דיר געבן (דאָס זענען די וואַלערשטיינס, וואָס אריק שרון האָט ביי זיי אָפּגעקויפט די פאַרם).

אַז מנחם האָט דערהערט, אַז איך בין דאָ, האָט ער געזאָגט צו איצקאָוויטשן: „וויפל געלט דו ווילסט, גיב איך דיר". און אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן צו האַנדלען. מ׳דאַרף אונטערשטרייכן, אַז נישט נאָר יידן האָבן געשמוגלט, נאָר אַלע בירגער וועלכע האָבן געזוכט אַ שטיקל קיום און געוואָלט איבערקומען די שווערע טעג.

דערנאָך האָבן זיך אין בערלין געגומען אַנטוויקלען די מיסיעס. יעדע קאָמוניסטיש לאַנד האָט געהאַט זיין מיסיע. איז געווען אַן אונגאַרישע מיסיע, אַ טשעכישע מיסיע, אַ פוילישע מיסיע און אַן בולגאַרישע מיסיע. אַ טאַקסי פון אַ מיסיע האָט קיין דייטש נישט

געטאָרט פאַרהאַלטן. די פוילישע מיליץ האָט איבערגעקערט גאַנץ בערלין מיט דער הילף פון יידן. אַז ס'איז דאָ מסחר און ס'איז דאָ ריווח, זענען דאָ קאָנפליקטן. האָבן מיר דאָך געהאַט אַן אייגענעם געריכט, און וואָס דאָס געריכט האָט געפּסקנט, האָט מען געמוזט אויספירן. טאָמער ניט, האָט אים די יידישע פּאָליציי פאַרטריבן פון לאַגער. חוץ דעם איז געווען אַ ראַבינאַט פון דריי רבנים. איין רב, פרידמאַן, איז געווען פון גאַליציע. זיינע איידעמס זענען געווען שמוגלערס, ווייל צו אַן אַנדער בכבודיקע פּרנסה האָט מען נישט געקענט דערגיין. דער רב האָט מיך באַקענט און ער האָט געזאָגט: „כ'וויל איר זאָלט זיין ביי יעדע דין־תורה". איך האָב די ענינים ליב געהאַט. נאָך פאַר דער מלחמה, אַז כ'האָב געהאַט צייט, פלעג איך אַריין אין געריכט און אָפּזיצן דאָרט אַ פּאָר שעה. קיין גרויסער געלערנטער בין איך נישט געווען, אָבער כ'האָב אַריינגעכאַפּט פּראַקטיק פון אַלערליי קאָנפליקטן, וואָס דאָס געריכט האָט באַהאַנדלט.

האָב איך אָנגעהויבן פירן דין־תורהס. פלעג איך אָפּזיצן גאַנצע נעכט. נישט גענומען חלילה, קיין גראָשן. כ'האָב געוווּסט, אַז מ'איז גרייט אויף אַלדאָס בייזן. ס'איז נישט געגאַנגען אין קיין פּופּציק פונט. ס'איז געווען אַ מעשה פון גראָבע סומעס, פון הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן. כ'האָב אויסגעגליכן די ווילדסטע חיות. אַ צווייטן מאָל איז געקומען דער, וואָס האָט פאַרשפּילט, און האָט מיך גענומען אַלס בורר. מ'האָט אַמאָל באַצאָלט פאַר אַ בילעט, צו ברענגען מיך פון פראַנקפורט אויף אַן עראָפּלאַן קיין בערלין, כ'זאָל קומען אויסגלייכן אַ דין־תורה.

פרידמאַנס איידעם האָט צוגענומען אַ שותּף פון זאַמאָשטש, אברהם שוויענטי. דעם שותּף האָט מען שפּעטער אַרעסטירט אין שטשעטשין. דעם רבס איידעם האָט איבערגענומען די מיליץ פון טשעכיע, און ער האָט געמאַכט אַ סך געלט. ווען דער שותּף איז געקומען, האָט אים דעם רבס איידעם אָפּגעשטופּט. איז געקומען צו מיר דער רב פרידמאַן און ער האָט מיך געבעטן, כ'זאָל פירן די דין־תורה. „איך קען דאָך דאָס נישט טאָן — האָט ער געזאָגט — ווייל די בוררות איז מיט מיין איידעם. איר וועט שוין אַזוי אויסגלייכן,

אַז ביידע וועלן זיין צופרידן".

פון וואָס האָב איך געלעבט? מיר זענען געווען פיר שותפים. אַזוי ווי דער לאַגער האָט נישט געהאַט קיין פלייש, קיין מילך, קיין סמעטענע, האָב איך אָנגעהויבן אַרומפאָרן צו די דייטשע פויערים, וואָס האָבן געהאַט קי, און כ'פלעג ביי זיי איינקויפן פוטער, קעז, סמעטענע און ברענגען אין לאַגער. שפּעטער האָבן מיר גענומען האַנדלען מיט פלייש. אַ קו האָט מען געקויפט אין דער רוסישער זאָנע און מ'האָט זי אַריבערגעפירט צו דער פראַנצויזישער זאָנע. דאָרט האָט מען זי אַריינגעשטעלט אין אַ מעבלמאַשין און מ'האָט זי געבּרענגט קיין שפּאַנדאו. מ'האָט זי געשאָכטן, און דאָס פלייש האָט מען אַריינגעברענגט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. ביים טויער פון דער זאָנע האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ יידישער פּאָליציאַנט: „גיב מיר דריי טויזנט מאַרק, אַ נישט וועל איך דיך נישט דורכלאָזן. דו פאַרדינסט, גיב מיר אויך צו פאַרדינען". טייל מאָל זענען געווען אַזעלכע מאָמענטן, ווען אפילו פאַר דריי טויזנט מאַרק האָט מען אויך נישט געקענט דורכפאָרן, ווייל פישביין איז געווען אין לאַגער און די אַמעריקאַנער פּאָליציי האָט זיך אַרומגעדרייט. וואָס האָבן מיר געטאָן אין אַזאַ פאַל? כ'האָב געהאַט אַ געזונטן שותף באַריס (איין זאָנע איז געווען אָפּגעצאַמט פון דער צווייטער מיט אַ פּאַרקן). האָב איך געזאָגט: „באַריס, וואַרף אַריבער דאָס פלייש אויף יענער זייט פּאַרקן". ער האָט אַריבערגעוואָרפן דאָס פלייש און דעם שאָפער האָבן מיר געהייסן אַוועקפאָרן.

מיר פלעגן נאָך אַפילו אָפּטאָן אַזעלכע זאַכן: דאָרט איז געווען אַ וואַלד גרונעוואַלד. אַז מיר האָבן דאָרט געדאַרפט דורכפאָרן, האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ דייטשער פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ פענדעלע: „האַלט!" האָבן מיר דעם פּאָליציאַנט אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעוואָרפן אין מאַשין און אַוועקגעפאָרן. פאַרן לאַגער האָבן מיר אָפּגעשטעלט די מאַשין, אַראָפּגעוואָרפן דעם פּאָליציאַנט און דאָס פלייש האָבן מיר אַריינגעפירט אין לאַגער. דער דייטש האָט דאָך אין לאַגער נישט געטאָרט אַריינגיין.

# צוועלפטער קאַפּיטל

ווען כ׳בין אַריינגעקומען אין בערלין, בין איך געווען קראַנק און צעבראָכן פון קאָמוניסטישן רעזשים. די א״קא האָט יעדן טאָג געשאָסן אַ ייד, צוויי, און אַ מאָל דריי יידן. דער פּאָגראָם אין קעלץ און דאָס אַראָפּנעמען יידן פון די באַנען און זיי דערשיסן, איז געווען אַ מיטל אין קאַמף פון דער א״קא קעגן דער רעגירונג, קעגן דעם רעזשים פון דער קאָמוניסטישער רעגירונג.

כ׳בין אַריין אין בערלין אַ קאַליקע, מיט דער פוילנדיקער האַנט, מיט דער שמאַטע, וואָס האָט זי פּאַרוויקלט. דער אייטער און דאָס בלוט האָט נישט אויפגעהערט צו רינען. אַלע טאָג פלעגן מיר צופאַלן פרישע אָנצינדונגען. אין בערלינער לאַגער שלאַכטנזעע איז געווען אַ שפּיטאָלעכל מיט אַ דאָקטאָר און מיט אַ שוועסטער, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפן. האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן אַ דאָקטאָר אין בערלין גופא. די שטאָט איז גרויס. כ׳האָב דעמלסט געהאַט צרות מיט מיין ווייב. מ׳האָט איר געדאַרפט אַרויסרייסן אַ צאָן. בין איך געגאַנגען צו אַ פּראָפעסאָר, האָט ער געפּאָדערט גאָלד. מ׳האָט דעם צאָן אַרויסגענומען, און מיין פרוי איז קראַנק געוואָרן. האָט זיך דער פּראָפעסאָר דערשראָקן און ער איז געקומען צולויפן זען, וואָס זי מאַכט.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין בערלין געפינט זיך אַ מיליטערישער שפּיטאָל. דער שפּיטאָל האָט זיך געפונען טיף־טיף אונטער דער ערד. דער שעף פון שפּיטאָל האָט באַטראַכט מיין האַנט און האָט געזאָגט, אַז מ׳קען גאָרנישט טאָן, ווייל כ׳באַקום כסדר היץ, ווייל דאָס אייטער פון האַנט גייט אַרום איבערן גאַנצן קערפּער. ס׳פוילט אינעווייניק. „ווען ער וועט קריגן גרויסע היץ — האָט דער פּראָ־

פּעסאָר געזאָגט צו מיין ווייב — זאָלט איר אים גלייך ברענגען אַהער, און מיר וועלן אים אָפּערירן און דאָס שמוץ אויסשניידן".

דער פּראָפּעסאָר האָט מיך אַרומגעפירט איבערן שפּיטאָל און האָט מיר באַוויזן געראַנירטע דייטשן, אָן הענט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וועט אויסשניידן פלייש פון געזונטן טייל פון מיין האַנט און וועט עס צונייען צו די אָפענע ווונדן, און די האַנט וועט זיך פאַר־היילן. ער האָט מיר געוויזן די געראַנירטע זעלנער, אויף וועלכע ער האָט דורכגעפירט אַזעלכע אָפּעראַציעס. איך האָב אָבער מורא געהאַט.

אַ געוויסן טאָג האָב איך געכאַפּט גרויסע היץ, האָט מיך מיין ווייב שנעל אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. דער שעף איז אין שפּיטאָל נישט געווען, נאָר זיין פאַרטרעטער. האָבן מיר נישט געהאַט קיין ברירה. האָט ער מיך אָפּערירט. שפּעטער־צו האָט ער מיר געהייסן אָנטאָן אַ הענטשקע, כ'האָב אָבער נישט געקאָנט. ביים אָנטאָן איז דער ווייטיק פאַרגאַנגען צום האַרץ. צו ביסלעך איז מיר בעסער געוואָרן. כ'האָב שוין נישט געהאַט קיין היץ. ס'האָט זיך אַלץ פאַר־היילט.

אין לאַגער איז נישט געווען וואָס צו טאָן. האָט מען זיך אַרומ־געדרייט אַהין און אַהער. האָבן מיר געהערט ידיעות פון ארץ ישראל (דאָס איז דאָך געווען פאַר דער אַנטשטייונג פון דער מדינה), פון די צרות וואָס ענגלאַנד טוט אָן די יידן. מיר האָבן געהערט פון ציפּערן. מיר האָבן געוווּסט פון אַלצדינג. איך האָב געוווינט אין 42טן בלאָק. אין אים און אין 43טן בלאָק איז געווען די צענטראַלע. דאָרט זענען מיר געשטאַנען און מ'האָט געשמועסט. ס'זענען געווען סכסוכים צווישן יידן, און גאָר אָפט. מ'האָט זיך געדאַרפט היטן פאַר דער אַמעריקאַנער מאַכט. זי האָט נישט געטאָרט וויסן ,אַז ס'זענען פאַראַן סכסוכים צווישן יידן. ס'איז געווען, ווי כ'האָב שוין געזאָגט, אַן אייגן געריכט און אַ ראַבינאַט. דאָס געריכט האָט שטענדיק גע־קוועטשט מ'זאָל גיין מיט אַ דין־תורה צום ראַבינאַט.

אין לאַגער האָט זיך אויך געפירט אַ קולטורעלע אַרבעט. ס'זענען

טײלמאַל געקומען זרובבל און אַנדערע דעלעגאַנטן, און זײ האָבן אױפגעקלערט די לאַגע, און זײ האָבן אונדז באַרויִקט. און דאָ אַרום זיצן אַלע אויף די וואַליזקעס. ווי לאַנג וועט מען וואַרטן? קיין מלוכה לאָזט נישט אַריין קיין ייִדן. שוועדן האָט, דאַכט זיך, יאָ אַרייַנגעלאָזט אַ פּאָר הונדערט ייִדן. אָבער די גאַנצע וועלט איז פאַרמאַכט, פאַר־שלאָסן. קיינער וויל אונדז נישט האָבן. אָפיציעל האָט קיין שום מדינה אונדז נישט געוואָלט אויפנעמען, און אומאָפיציעל האָבן מיר זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט. אַז אַ ייִד האָט געוואָלט גיין אין בערלין, האָט ער געדאַרפט אַרויסנעמען אַן אונרא־לעגיטימאַציע. אַן דעם האָט מען אים געקאָנט פאַרהאַלטן. זענען מיר געזעסן און געוואַרט. ס׳זענען געווען געציילטע פאַלן, ווען אַ ייִד האָט באַקומען אַן אַרויספאָדערונג פון אַמעריקע און איז אַוועקגעפאָרן.

אין שלאַכטנזעע איז געווען אַ ייִד, וואָס האָט אַנגעגעבן אַ ביטע צום אַמעריקאַנער קאָנסול, אַז ער וויל פאָרן קיין אַמעריקע. האָט מען אים איינגעלאַדן אין קאָנסולאַט. האָט ער דאָרט גערעדט אויף פּויליש און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף און פון פאַך איז ער אַן ערדאַרבעטער. ער וויל נישט וווינען אין קיין שטאָט, נאָר אויפן דאָרף. האָט מען אים אויפגעכאַפּט מיט ביידע הענט, און ער האָט באַלד געקריגן אַ וויזע קיין אַמעריקע.

כ׳האָב אויך געטראָפן ייִדן, וואָס זענען געפאָרן קיין אַמעריקע און זענען צוריקגעקומען. ס׳איז זיי נישט געפעלן דאָס לאַנד. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אונדזער בלאָק (די בלאָקן האָבן זיך גע־פונען אין געוועזענע קאַזאַרמעס) איז געווען אַ ייִדיש מיידל. האָט זי געקריגן אַן אַרויספאָדערונג פון אַמעריקע. אין דעם זעלבן בלאָק האָבן געוווינט צוויי ברידער לעשטשינאָווסקי פון פּיעטרקאָוו. ביידע גבירים. איינער האָט איבערגעלעבט די מלחמה מיט זיין פרוי און קינד. דער צווייטער האָט פאַרלוירן זיין פרוי. דאָס מיידל האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצופאָרן. בײנאַכט האָבן מיר געהערט, אַז ס׳קומט פאָר אַ חתונה אין בלאָק; יאַנקל לעשטשינאָווסקי האָט חתונה מיט דעם

מיידל. ער האָט געהאַט געלט און ער האָט מורא געהאַט דאָס צו האַלטן, האָט ער געפרעגט אונדזער בלאָק־פאַרוואַלטערין, צי זי איז גרייט חתונה צו האָבן מיט אים. פריִער האָט ער מיט איר קיין מאָל נישט גערעדט. „אויב דו וועסט מיט מיר חתונה האָבן, וועל איך דיר גע־טרויען דאָס פעקל, וואָס איך פאַרמאָג״. הכלל, מ׳האָט פאַרבעטן יידן, וואָס האָבן געוווינט אין אונדזער בלאָק, און מ׳האָט געשטעלט אַ חופה. זונטיק האָבן זיי זיך צערעדט, און מאָנטיק ביינאַכט האָבן זיי חתונה געהאַט, און די זעלבע נאַכט זענען זיי אַוועקגעפאָרן.

דערנאָך האָבן זיך פאַרשפרייט ווערסיעס, אַז רוסלאַנד וויל פאַר־נעמען בערלין. פאַקטיש איז די אַמעריקאַנער זאָנע געווען אַרומ־גערינגלט מיט דערפער און שטעטלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער רוסישער זאָנע, אָבער אין האַרץ פון בערלין זענען געווען פיר באַ־זונדערע זאָנעס. אין בערלין גופא האָט מען לייכט געקענט פאַר־בלאָנדזשען פון איין זאָנע צו דער צווייטער, ווייל די זאָנעס זענען נישט געווען אָפּגעצאַמט איינע פון דער אַנדערער. האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן אַ קריג צווישן רוסלאַנד און אירע שכנים אין בערלין: אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך.

אַ געוויסן טאָג האָט שוואַרצבערג צונויפגערופן אַלע יידן פון לאַגער און ער האָט זיי געזאָגט, אַז רוסלאַנד גייט מאַכן אַ בלאָקאַדע אויף בערלין. דעריבער האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג צוזאַמען מיט פּישביינען באַשלאָסן אַריבערצופירן דעם לאַגער פון שלאַכטנזעע און פון טעמפּעלאָוו, זיבן טויזנט יידן. זענען מיר געוואָרן זייער אומרויִק: מיר האָבן נישט געוווסט וווהין מ׳וועט אונדז אַוועקפירן. די רוסן האָבן באַלד פאַרמאַכט אַלע וועגן. זיי האָבן נישט אַריינגעלאָזט קיין עסן קיין בערלין. האָבן די אַמעריקאַנער אַלץ געבראַנגט מיט עראָ־פּלאַנען. אַפילו שטיינקוילן צום הייצן האָבן די אַמעריקאַנער געבראַנגט מיט עראָפּלאַנען.

איין מאָל זענען געקומען פּישביין מיט שוואַרצבערגן און האָבן אַזוי געזאָגט: „די לאַגע איז אַזאַ: ווער ס׳וויל בלייבן דאָ, זאָל בלייבן. נישט אויף אונדזער אחריות.. ווער ס׳וויל דאָ נישט בלייבן, וועט מען

אים אַוועקפירן מיט אַן עראָפּלאַן אויף מערב". וווהין — ווייס מען נישט. ווידער שלעפּן זיך. יעדער איינער פון אונדז האָט אַנגעגעבן, אין וועלכן לאַנד ער האָט קרובים. אין דער צייט, וואָס מיר וועלן נישט זיין, קענען דאָך אָנקומען אַרויספאָדערונגען. וועט דאָך אַלץ גיין פאַרלוירן. איך אַליין האָב אָנגעגעבן פריינד אין אויסטראַליע און אַרגענטינע. כ'האָב געשיקט בריוו קיין ישראל. פאַר דער צייט, וואָס מיר זענען געזעסן אין לאַגער, האָט זיך יעדערער געהאַט עפּעס אָנגעלעבט. גיי, פאַר ווידער. אַז מיין ווייב האָט דערהערט די מעשה, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט דאָ פאַר קיין פאַל נישט בלייבן. זי פאָרט. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק ווידער צו שלעפּן זיך. אַ מענטש פאַרגעסט דאָך, וואָס ס'איז געווען.

הקיצור, מ'האָט צוגעשטעלט עראָפּלאַנען און מיר פאָרן. וווהין פאָרט מען? מ'ווייס נישט. געברענגט האָט מען אונדז קיין פראַנק־פורט אויפן מיין. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין באַנען און מ'האָט אונדז צעשיקט אין פאַרשיידענע ערטער. ס'זענען געווען צווישן אונדז יידן, וואָס האָבן זיך גענומען בונטעווען: „ווו וועט מען ווידער גיין?!" זיי האָבן נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון די באַנען. מיט מיר זענען געפאָרן צוויי שותפים — יוזשעק גאָלדמאַן און באַריס. מיר האָבן אויך נישט געוואָלט אַראָפּגיין פון באַן. איז געקומען די אַמע־ריקאַנער פּאָליציי און האָט אונדז אַראָפּגענומען מיט כוח.

מ'האָט אונדז אַריינגעפירט אין לאַגער לייפּהיים, לעבן אולם. קיין דירה איז נישטאָ. נישטאָ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, ווו אַוועק־צושטעלן די וואַליזקע. די יידן, וואָס מיר האָבן דאָרט געטראָפן, האָבן אונדז אָנגעקוקט נישט פריינדלעך. פריער איז דאָרט געשטאַנען אַ גאַרניזאָן קאַוואַלעריע. האָט מען פון די שטאַלן געמאַכט שטובן. באַריס איז געווען איינער אַליין, אָבער יוזשעק האָט געהאַט אַ פרוי מיט אַ קינד. גייען מיר צוזאַמען זוכן אַ דירה. האָב איך געהערט, אַז דאָ געפינט זיך אַן אינוואַלידן פאַראיין. בין איך אַהין אַריין און געזאָגט: „אַן אינוואַליד בין איך, אַ קאַליקע בין איך, וועל איך שלאָפן אין דרויסן?" האָט מען מיר געענטפערט: „מירן זען צו שאַפן

אַ דירה". הכלל, מ'האָט געפונען אַ שטאַל און מ'האָט מיך מיט מיין פרוי און מיט מיינע שותפים אַריינגעפירט אַהין. געשלאָפן זענען מיר אויף דר'ערד.

אולם איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ דייטשלאַנד. אין אולם האָבן זיך באַזעצט דעגענערירטע יידן, צווישן זיי אויך נישט קיין סימפּאַטישע טיפּן. טראַכט איך מיר — כ'וועל צוגיין אָנקוקן דאָס אולם מיט די אייגענע אויגן. האָב איך דאָרט געטראָפן אַ לאַנדסמאַן, וואָס ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, איז ער אויף מיר אַרויפגעפאַלן מיט אַ פרייד: „דו לעבסט?!" ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט באַקומען אַ גרוס פון אונדזער אַ טשעכעווער מאַריע. זי לעבט אין ניו־יאָרק לעבן יחיאלן. יחיאל איז אַ סטאָליער, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט ביי מיר. זאָג איך: „גיב מיר מאַריעס אַדרעס, כ'וועל איר אָנשרייבן אַ בריוו. זי וויס דאָך נישט, אַז איך לעב".

אין דער צייט איז אין מינכען געזעסן דער דזשאָינט און דער האַיאַס און האָבן געגעבן אַפידייוויטן. דעמלסט איז שוין געווען לייכטער אָנצוקומען אין אַמעריקע. מ'האָט נאָר קיין קאָמוניסטן נישט אַריינגעלאָזט. אין לאַגער האָב איך נישט געוואָלט בלייבן, קיין אַמעריקע האָב איך אויך נישט געוואָלט פאָרן. דאַרף מען זיך, טראַכט איך, אַראָפּכאַפּן קיין מינכען, זען וואָס דאָרט טוט זיך. אָבער קודם האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו מיינע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, צו די צוויי ברידער אַלטמאַן, די בעקערס. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ גרויסע בעקעריי. דער יינגערער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט מיר אין חדר. אַז ער וועט דערהערן, אַז איך לעב... כ'האָב אויך אָנגעשריבן אַ בריוו צו מאַריען, די אַלטמאַנס שוועסטער. די ברידער האָבן זי אַראָפּגענומען קיין אַמעריקע אין 1939 מיט דער לעצטער שיף.

איך בין אַ ייד, וואָס קען נישט אַרומגיין ליידיק. צו מיין פאַך האָט מען מיך אין לייפּהיים נישט צוגעלאָזט. דאָרט זענען שוין געווען קצבים פון פריִער, וואָס האָבן שוין געקענט דעם קונץ און זיי האָבן געקענט די דייטשן. זיצנדיק איין מאָל אין דרויסן, קומט צו אַ מענטש

און פרעגט: „איר ווינט דאָ?" זאָג איך: „יאָ". דערציילט ער מיר, אַז ס׳איז דאָ אַ געשעפט איבערצונעמען: צושטעלן כשר פלייש פאַרן לאַגער. די דייטשע רעגירונג טיילט צו ספּעציעל בהמות פאַר יידן. זאָג איך: „אַדרבא". דאָס איז אַ לעגאַלע זאַך, נישט קיין שוואַרץ־האַנדל. כ׳בין מיט דעם ייד אַוועקגעפאָרן קיין פירט. דאָס געשעפט איז איינגעשטאַנען ביי אַ גאַליציאַנער ייד, אַ שוחט, עוזר האַלענדער, און זיין שותף קרא, אַ נידעריקער ייד פון קאַרפּאַטן־רוס. כ׳בין אַריין אין געשעפט און כ׳האָב געזאָגט, נאָך וואָס כ׳בין געקומען. זאָגט מיר עוזר, אַז זיין שותף קרא פאָרט אַוועק קיין האָנדוראַס. „יע, מיר האָבן טאַקע ס׳געשעפט, אָבער מיר האָבן דאָ אַ רב, און נישט יעדערן וועט ער אָנטרויען כשרע שחיטה. איר גייט אין בלויזן קאָפּ, אַן אַ קאַפּעליוש". כ׳האָב זיך אויסגעפרעגט וועגן פּרטים. דערוויס איך זיך, אַז מ׳דאַרף שעכטן צוויי בהמות אַ וואָך, מ׳דאַרף זיי אַליין האַקן און אַליין טרייבערן. דעם הינטערשטן טייל דאַרף מען פאַרקויפן, און דער רב טרעט נישט אָפּ קיין טריט. האָב איך געזען, אַז פון דעם געשעפט וועט גאָרנישט זיין. בין איך אַהיימגעפאָרן קיין לייפּהיים, און כ׳האָב דערציילט מיין ווייב פון דעם גאַנצן ענין. פאַרן אַוועקפאָרן האָט מיר דער האַלענדער געזאָגט, אַז אויב כ׳בין אַ קצב, זאָל איך קומען — אפשר וועט זיך עפּעס לאָזן מאַכן.

אין פירט האָט דער רב אָפּגענומען אַן אַלטן מושב־זקנים פון פאַר היטלערס צייטן, און האָט אַריינגענומען אַהין יעדן ייד, וואָס האָט געוואָלט לערנען. דעם רבס אַ פּלימעניצע האָט חתונה געהאַט מיט איינעם איטשע און זיי האָבן דאָרט געעפנט אַ כשרע קיך. צום רב זענען געקומען יידן פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, יונגע און עלטערע, און מ׳האָט דאָרט געלערנט טאָג און נאַכט. דער רב האָט אַלעמען געשטיצט. דער רב איז געווען אַ פּערזענלעכקייט, און די אַמעריקאַנער מאַכט האָט זיך צו אים באַצויגן מיט דרך־ארץ. יידן וואָס מ׳האָט געכאַפּט ביי אַ נישט כשרער שטיקל אַרבעט, איז ער געגאַנגען סטאַרען זיך פאַר זיי, ער האָט פּשוט מקריב געווען זיין לעבן. אַז מ׳האָט אַריינגעזעצט אַ ייד אין קרימינאַל, איז ער געגאַנגען

אים באַזוכן, און ער האָט אַזוי לאַנג געקאָפּעט, ביז ער האָט אים אַרויסגענומען. אַז מ׳האָט געהערט, אַז ס׳גרייט זיך אַ רעוויזיע, האָבן אַלע יידן אַריינגעטראָגן זייערע פאַרמעגנס צום רב. געהייסן האָט דער רב שפּיראָ, אַ גאַליציאַנער. זיינס אַ ברודער איז געווען מאַיאָר אין צה״ל און איז געפאַלן. דער רב האָט נישט געהאַט קיין פרוי. זיין פּלימעניצע, זיין שוועסטערס טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט איטשען, האָט געהאַט קינדער. דער רב האָט געמאַכט אַ מיקווה, און יידישע פרויען פלעגן קומען פון זייער ווייט טובל זיין זיך. געהייצט די מיקווה האָט אַ דייטש וועבער. אַז כ׳האָב אים גערופן, ער זאָל עפּעס טאָן פאַר מיר, האָט ער מיר נישט איין מאָל געענט־פערט: „כ׳האַבע קיינע צייט, איך הייצע די מיקווה״. דער רב פלעגט דורכפירן אַ גט צווישן פאָרפעלקער פון דייטשלאַנד און פון פראַנק־רייך, וואָס קיין אַנדער רב האָט זיי נישט געקאָנט צעגטן. קיין געלט פאַר אַ גט האָט ער נישט גענומען. אין יענער צייט איז נישט געווען קיין וווּנדער, וואָס ס׳קומען פאָר אַזוי פיל גטן. ס׳האָבן דאָך חתונה געהאַט צווישן זיך מענטשן פון פאַרשיידענע קרייזן, פון פאַרשיידענע לענדער, יעדערער מיט דער פירונג פון זיין היים, מיט זיינע געוווינ־הייטן. אַן עלטערער מאַן האָט גענומען אַ יונגע פרוי, דער מאַן איז פון אַ שיינעם יחוס און זי פון אַן איינפאַכן יחוס, און פאַרקערט. האָבן אַ סך פאָרן נאָך דער חתונה נישט געשטימט צווישן זיך. אַז אַ פּאָר איז געקומען צום רב גטן זיך, האָט ער זיי קודם אַריינגעפירט אין אַ קאַמער און ער האָט זיי פאַרשלאָסן אויף אַ פּאָר שעה. דערנאָך האָט ער זיי אַריינגערופן צו זיך און ער האָט זיי גענומען אויספרעגן, פאַרוואָס זיי ווילן זיך גטן. אויסגעפרעגט, האָט ער זיי געהייסן פאָרן אַהיים און קומען אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל. ס׳זענען געווען אַ סך פאַלן, ווען דער רב האָט שלום געמאַכט צווישן פאָרפעלקער, און זיי האָבן אים שפּעטער געדאַנקט. געווען פאַלן, ווען מ׳איז זיך געקומען גטן, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין פּרנסה. אין אַזאַ פאַל האָט דער רב געזאָגט: „בלייבט איבער דאָ, איך וועל אייך געבן פּרנסה״. כ׳האָב אַפילו אין אַמעריקע געטראָפן עטלעכע פאָרפעלקער,

וואָס דער רב האָט דערפֿירט, זיי זאָלן זיך איבערבעטן, און זיי האָבן געלעבט צופֿרידן.

אָבער וואָס שייך שחיטה — זאָל גאָט אָפּהיטן! ער האָט נישט געטרויט קיין שוחט, דעם חלף האָט ער געמוזט בודק זיין. אַז כ'בין געקומען צום צווייטן מאָל פֿון לייפּהיים, האָב איך געמוזט לאַנג וואַרטן. איך וואַרט און וואַרט. ס'ווערט שפּעט, און כ'האָב נישט ווו איבערצושלאָפֿן. פֿרעגט מיך אייער: „וואָס זיצט איר?" זאָג איך: „וואָס זאָל איך טאָן? כ'ווייס נישט וווהין צו גיין". ווייזט ער מיר אָן אויף אַ דירה: „אין דער דירה שלאָפֿן אַ פּאָר יונגע לייט. אפשר וועט איר ביי זיי קענען איבערנעכטיקן אויף דר'ערד". דער רב איז, דאַכט זיך, נישט געווען אין דער היים. עפּעס צו עסן האָב איך מיט־גענומען פֿון שטוב. כ'האָב געדאַרפֿט וואַרטן אויפֿן רב, ער זאָל זאָגן, צי מ'קאָן מיר אָנטרויען די שחיטה.

אַזוי ווי כ'זיץ ביי די יונגע לייט, קומט אַריין אַ יונגער מאַן, אַ ביסל אַ צעפּלויגענער. „שלום עליכם אַ ייד! (ער איז געקומען פֿון לערנען) פֿון וואַנען איז אַ ייד?" זאָג איך: „פֿון לובלין". טוט ער זיך אַ כאַפּ: „פֿון לובלין זייט איר? נישט ווייט פֿון לובלין האָב איך געהאַט אַ ברודער, ער איז געווען אַן איידעם פֿון קאַרעוו". ווער איך שוין ביי מיר שטייפֿער: „ווער איז געווען אייער ברודערס שווער? און ווי האָט געהייסן אייער ברודערס פֿרוי? כ'האָב אַ ביסעלע גע־קאַנט קאַרעוו". זאָגט ער: „מיין ברודערס שווער איז געווען ישראל קאַזשעטשאַנסקי". פֿרעג איך: „קאַזשעטשאַנסקי? ווי האָט געהייסן אייער ברודער? און פֿון וואַנען זייט איר?" זאָגט ער: „איך בין פֿון גריצע, לעבן וואַרשע". זאָג איך: „איר הייסט מאָטל. איר האָט נישט געהאַט אַ מאָל אַ ברודערל יאָסעלע, וואָס איז געווען אין לובלינער געטאָ?" גיט ער אַ שפּרונג אויף און הייבט כמעט אָן צו וויינען: „פֿון וואַנען ווייסט איר? פֿון וואַנען ווייסט איר?!" זאָג איך: „כ'וועל אייך זאָגן פֿון וואַנען איך ווייס, ר' מאָטל. ישראל קאַזשעטשאַנסקיס אייניקל איז געווען מיין פֿרוי. אייער ברודערס ווייב האָט געהייסן אַזוי

און אַזוי, און מיין פרויס מוטער האָט געהייסן אסתרל". דער יונגער־מאַן האָט שיעור נישט געחלשט. ער וויינט. ער פאַרגייט זיך. אַז ער האָט זיך עטוואָס באַרויִקט, האָט ער געזאָגט: „אויב אַזוי שלאָפט איר דאָ, און איר וועט שוין האָבן די שחיטה. איך בין דעם רבס רעכטע האַנט. אַז אייער פרוי איז געווען ישראל קאָזשעטשאַנסקיס אייניקל, מעגט איר שוין האָבן דריי שחיטות. אפשר זייט איר הונ־געריק?" זאָג איך: „ניין, כ'בין שוין זאַט". דער יונגערמאַן איז געזעסן און גערעדט מיט מיר כמעט ביז אין דער פרי. זיין ברודער יאָסעלע האָב איך געקענט פון מיין ווייבס דערציילונגען פון געטאָ, פון זיין קראַנקהייט. פון זיין עלטערן ברודער האָב איך גאָרנישט געוווּסט.

אין דער פרי איז מאָטל אַריין צום רב און האָט אים געזאָגט, אַז מ'קען מיר אָנטרויען די שחיטה, און אַז ער ווייס, ווער איך בין. האָט מיך דער רב אַריינגערופן און האָט מיך געפרעגט: „איר זייט אַ לובלינער? האָט איר געקענט דעם רב פון דער ישיבה? זאָג איך: „יאָ, הרב שפּיראָ". כ'האָב אים דערציילט, ווי אַזוי כ'האָב אים באַ־קענט. כ'פלעג אַ מאָל געבן פלייש דער ישיבה. ביי אַ שאלה האָט נישט איין מאָל הרב קליאַטשקין געפסקנט און געזאָגט: „ברענג צוואַנציק קילאָ פלייש פאַר דער ישיבה. די קו איז כשר". פלעג איך אַרויפטראָגן צוואַנציק קילאָ גוט פלייש אין ישיבה, און הרב שפּיראָ פלעגט מיך אויספרעגן, פון וואַנען דאָס פלייש איז. כ'האָב דעם רב גוט געקענט. כ'בין געווען אויף זיין לוויה". און כ'האָב אים דערציילט, אַז אויף הרב שפּיראָס לוויה האָבן זיך באַלקאָנען אָפּגעריסן פון די הייזער — אַזוי פיל מענטשן האָבן זיך אויף זיי אָנגעשטופּט, כדי אָנצוקוקן די לוויה. דער פּוילישער גענעראַל איז געווען אויף דער לוויה.

הכלל, דער רב האָט מיר איבערגעגעבן די שחיטה. בין איך צוריקגעקומען קיין לייפּהיים אַ צופרידענער. דאַרף מען זיך דאָך איבערצייִען קיין פירט. קראָ מיט האָלענדערן האָבן פאַרנומען זעקס צימערן. אַז קראָ איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך איבערגענומען דריי

צימערן, און מיר האָבן געוווינט מיט האָלענדערן צוזאַמען. ווען מאָטל האָט געהערט אַז מיר קומען, האָט ער זיך אָנגעבאָטן עסן ביי אונדז. ער האָט מיך געפרעגט, צי ביי מיר איז שטרענג כשר. האָב איך אים געזאָגט, אַז מ׳קען מאַכן שטרענג כשר. האָבן מיר איינגעפירט אין שטוב כשרות, נישט ווייניקער ווי ביים רב, און מאָטל האָט ביי אונדז געגעסן (היינט איז ער אין אַמעריקע). אָט אַזוי האָב איך אָנגעהויבן צו פירן אַ כשרן האַנדל, מיט אַ בוכהאַלטער אין שטוב און מיט אַ הויפּטבוכהאַלטער, אונטער דעם שטענדיקן קאָנטראָל פון רב.

דער רב האָט געהאַט מאָדנע איינפאַלן: אַז ער האָט באַגעגנט אין גאַס אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע, האָט ער אים אַ רוף געטאָן: „קום נאָר אַהער!״ דער יונגערמאַן איז גלייך צוגעגאַנגען — מ׳האָט געהאַט פאַרן רב גרויס דרך־ארץ. „גיב מיר אַ גמילות חסד״. „וויפל דאַרפט איר, רבי?״ האָט דער רב געענטפערט: „קיין געלט דאַרף איך נישט. איך וויל דו זאָלסט לייגן תפילין די וואָך. פון דעם זונטיק ביזן צווייטן זונטיק זאָלסטו לייגן תפילין. גיסט מיר דיין וואָרט?״ „יאָ, רבי״. מיך האָט ער איין מאָל געטראָפן, „קום נאָר אַהער, שיע, כ׳וויל נישט זאָלסט גיין מיטן בלויזן קאָפּ. ביסט אַ כשרער קצב. גיב מיר דיין וואָרט, אַז דו וועסט טראָגן אַ קאַפּעליוש. ס׳פּאַסט נישט״. האָב איך געזאָגט: „רבי, אַז איר פאַרלאַנגט, וועל איך אָנטאָן אַ קאַפּעליוש״. ער האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דער שחיטה. טאָמער איז טריף געוואָרן אַ בהמה, האָט ער געפאָדערט ביי דער אַמעריקאַנער מאַכט אַ צווייטע אויף איר אָרט. און מ׳האָט טאַקע געגעבן. מיט אַזאַ כבוד האָבן זיך צו אים באַצויגן סיי די אַמעריקאַנער מאַכט און סיי די דייטשע מאַכט.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה אין קאָרייע. האָב איך געזאָגט צו מיין פרוי: „כ׳האָב מורא פאַר די רוסן. זיי און די פּאָליאַקן האָבן מיר אָנגעטאָן צרות ווי די דייטשן אין מיידאַנעק. טאָמער ברעכט דאָ אויס אַ ליאַדע קאָנפליקט, האָבן מיר דאָ מאָרגן די רוסן, און פירט ווערט ווי נירנבערג״. האָבן מיר גענומען טראַכטן וועגן פאָרן קיין קאַנאַדע אָדער אויסטראַליע, ווייל אין די צוויי לענדער

איז אָנגעגאַנגען מיין פאַך. האָב איך זיך געבייטיקט אין אַן ענגלישער וויזע. דער אַנטיסעמיטיזם ביי די ענגלענדער איז געווען גרויס. מיט דער וויזע האָבן זיי מיך אָפּגעפּייניקט פערצן מאָנאַטן.

אין קאַנאַדע איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן אברהם לערמאַן. זיין אומגעקומענע שוועסטער האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען וואָס מיין פרוי. האָט ער אָנגעגעבן, אַז מיין פרוי איז זיין שוועסטער, און ער האָט אונדז אַרויסגעשיקט אַן אַפּידייוויט. איז אָנגעקומען פון דער ענגלישער מאַכט אַ מעלדונג, אַז זי האָט מורא, כ׳זאָל נישט פאַלן צו לאַסט דער רעגירונג. דעריבער פאָדערט זי מ׳זאָל איינלייגן אין קאַנאַדע אַ הויז פאַר מיר. האָב איך דאָס געשריבן לערמאַנען (ער האָט מיך אַפילו נישט געקענט). לערמאַן האָט פאַרמאָגט אַ הייזקע, האָט ער זי איינגעלייגט אַלס גאַראַנטיע פאַר מיר. האָט מען אונדז גערופן צו אַ קאָמיסיע איין מאָל און נאָך אַ מאָל. זעכציק פאַליאַקן זענען דורכגעגאַנגען, פופציק אוקראַינער זענען דורכגעגאַנגען. איין ייד האָט מען אָפּגעוואָרפן. נאָך אַלע קאָפּדרייעניש, נאָכן איינלייגן דאָס הויז — מ׳האָט געפונען, אַז ביי מיין פרוי איז עפּעס מיט דער לונג. דערנאָך איז אָנגעקומען אַ צעטל, אַז כ׳בין נישט געווונטשן פאַרן קאַנאַדישן פאָלק.

פריער האָט מען אונדז געזאָגט, אַז ווי נאָר מ׳וועט איינלייגן אַ הויז אַלס גאַראַנטיע, וועלן מיר באַלד קענען אַרויספאָרן קיין קאַנאַדע. האָבן מיר אַלץ איינגעפּאַקט און מיר האָבן געוואַרט אויף דער וויזע. האָבן אונדז דייטשן געמסרט. אין אַ געוויסן טאָג איז אַריינגעקומען צו אונדז די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי און מ׳האָט אָנגעהויבן צו מאַכן אַ רעוויזיע. האָב איך געזאָגט: „כ׳וועל נישט לאָזן מאַכן קיין רעוויזיע אָן אַ פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע. כ׳ווייס נישט, ווער איר זייט. איך בין אַ קאַצעטניק און כ׳האָב זיך שוין גענוג אָנגעליטן". האָט מען אַריינגערופן דעם וויצע־פּרעזידענט פון דער יידישער געמיינדע ראָזענטאַלן, און מ׳האָט אָנגעהויבן מיט דער רעוויזיע. אַזוי ווי ראָזענטאַל איז געשטאַנען, האָב איך אים אַריינ־געוואָרפן עפּעס אין קעשענע. כ׳האָב געוווסט, אַז אים וועט מען נישט

באַזוכן. מיין פרוי האָט זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט. האָט זי זיך צעשריען: „מ׳האָט מיך שוין באַזוכט נאַקעט! איר האָט שוין גענוג געמאַכט פון אונדז אַ תל. גענוג שוין מיט היטלערן!" די דייטשן האָבן זיך דערפילט אַ ביסל אומבאַקוועם. האָבן זיי דערזען מיין פּערסישן דיוואַן, וואָס איז געלעגן צונויפגעדרייט און איינגעבונדן. האָבן זיי געמיינט, אַז דאָרט מוז זיין מי יודע וואָס באַהאַלטן. האָבן זיי אים אויפגעמאַכט און אויסגעשפּרייט. „אָט האָסטו!" האָב איך געזאָגט. זענען זיי געבליבן שטיין. זיי האָבן זיך געריכט, אַז דאָרט ליגט וואַלוטע. הכלל, זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און זענען אַוועקגעגאַנגען. וויפל געזונט, וויפל בלוט, וויפל לעבן מיר האָבן דעמלסט פאַרלוירן, איז נישט צו באַשרייבן. נאָך אַלע גיהינומס, וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען — נאַ דיר אַ מעשה מיט אַ רעוויזיע! אַז מ׳האָט אונדז אָפּגעלאָזט, האָב איך געזאָגט צו מיין ווייב: „כ׳האָב מורא פאַר די רוסן. אַז זיי וועלן געווויר ווערן, אַז איך בין אַ לובלינער, בין איך פאַרטיק. די רוסן זענען דאָך געווען הינטער דער וואַנט, ביי נירנבערג.

מיר האָבן געהאַט ליגן אַן אַפידייוויט פון אַמעריקע. האָבן מיר אים גענומען און מיר זענען אַוועק צום אַמעריקאַנער קאָנסול. דעם אַפידייוויט האָב איך געקריגן פון מיין לאַנדסמאַן יחיאל טשאַרלע, זאָל ער געזונט זיין. ער האָט דאָרט אויסגעאַרבעט דעם אַפידייוויט ביי אַ קצב, און ער האָט אים מיר צוגעשיקט. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן באַקומען די וויזע. אַז כ׳האָב געקריגן די וויזע, האָב איך זיך אַ ביסל באַרויקט. אין דייטשלאַנד בין איך דעמלסט געווען אויס מענטש. די ערד האָט אונטער מיר געברענט. כ׳האָב זיך געפילט ווי אַ פאַרפאַלגטע חיה. די לעצטע רעוויזיע האָט מיך ממש דערהרגעט. זי האָט מיר דערמאָנט, ווי מ׳האָט מיך באַזוכט אין מיידאַנעק און די פּאַליאַקן אין קרימינאַל.

די וויזע האָבן מיר געקריגן אין 1950 יום־טובים־צייט. געפאָרן זענען מיר מיט אַן אַלטע מיליטערישע שיף. קיין עסן האָט מען נישט געגעבן. אָבער ווער האָט געלייגט אַכט אויף דעם? אַנדערע מענטשן זענען געפאָרן אין לוקסוס־שיפן. איך האָב שוין אָבער נישט געהאַט

קיין כוח צו וואַרטן. כ׳האָב זיך געזעגנט מיטן רב. ער האָט מיר געגעבן אַ קמיע און ער האָט פאַרלאַנגט כ׳זאָל זיך באַשטייערן: באשר ער וויל פאַראייביקן די נעמען פון די פירסטער יידן, וויל ער אויפשטעלן אַ בנין אויף זייער נאָמען אין ירושלים. כ׳האָב אים געגעבן וויפל ער האָט געוואָלט. ער האָט אָפגעשפּראָכן אַן עפּעלע און האָט אים מיר געגעבן: „גאָט זאָל דיך פירן אויפן גלייכן וועג״.

אַרויפגעזעצט אויף דער שיף האָבן מיר זיך אין ברעמען. אין ברעמען האָט מיך ווידער געזוכט די פּאָליציי, אָבער כ׳בין שוין געפאָרן. יום־טובים־צייט זענען מיר אָנגעקומען אין אַמעריקע. אין פּאָרט האָט מיך אָפּגעוואַרט מיין לאַנדסמאַנס פרוי, און דער עלטסטער פון די ברידער מיטלמאַן איז געקומען מיט אַ קאַדילאַק. דער דזשאָינט האָט דעמלסט געגעבן די אַריינגעקומענע יידן אַן אומזיסטן האָטעל (מ׳האָט אים אַ נאָמען געגעבן — אברהם אבינוס האָטעל), עסן און טרינקען און אַפילו באַצאָלט פאַרן איבערפירן דעם באַגאַזש, וואָס מ׳האָט מיטגענומען. נאָר מיין לאַנדסמאַנס פרוי האָט געזאָגט: „כ׳וועל דאָס נישט דערלויבן. ער קען אַליין באַצאָלן״ (כ׳האָב באַצאָלט פינף און זיבעציק דאָלאַר פאַר מיין באַגאַזש. „ער פאָרט נישט אין קיין שום האָטעל. ער פאָרט צו מיר. כ׳האָב אַן ענגע דירה. ווו איך וועל שלאָפן, וועט ער שלאָפן״.

כ׳האָב נישט געוואָלט בלייבן אין אַמעריקע. נאָר ארץ־ישראל האָט מיר געמוליעט אין קאָפּ. אין אַמעריקע האָב איך באַלד פאַרלוירן ס׳גאַנצע געלט: כ׳האָב געקויפט אַ הינער־פאַרם און כ׳האָב פאַרברענט מיין גאַנצן קאַפּיטאַל — פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר. פאַרן אָרעם קיין ישראל, האָב איך נישט געוואָלט. בין איך פאַרבליבן מאַכן אַ פּאָר דאָלאַר. דעמלסט איז געווען אַ געזעץ, אַז דער וואָס אַרבעט פאַר זיך, און פירט אַן אייגן געשעפט, קען זיך נישט מאַכן קיין סאָציאַלע פאַרזיכערונג. בין איך אַוועקגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע און כ׳בין אַריין אין אַ שעכטהויז אַרבעטן. ווי כ׳האָב נאָר דורכגעמאַכט די סאָציאַלע פאַרזיכערונג פאַר מיין עלטער, האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל. קיין חיפה זענען מיר אָנגעקומען יום־טוב צייט.

האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט, האָבן מיר געהאַלטן יום־טוב אין גריכנלאַנד. דאָס איז געווען אין 1969. אין ישראל האָב איך צו מיין פּאַך נישט געקאָנט צוקומען. די שפּראַך האָב איך נישט געקענט. האָב איך געטראָפן אין חולון אַ לאַנדסמאַן אין דער בוי־בראַנזשע און כ׳בין צוגעשטאַנען צו אים ווי אַ שותף צו אַ בוי־אונטערנעמונג.



עד כאן — מיין היים. מיין לעבנס־וועג. גלגולים פון אַ ייד אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. מאָרד און רציחה. פאַרברענטע היימען. אַ ייד אַ נע ונדניק איבער דער וועלט, אַרויסגעריסן פון זיין היים, פון זיין משפּחה. אַ ייד וואָס גיט זיך נישט אונטער און בויט זיין לעבן אונטער אַלע אומשטענדן. אַ סך גויים האָבן געהויבן אויף אים די האַק און ער איז אַרויס פון גיהינום און אָנגעקומען קיין מדינת ישראל.

פאַרוואָס האָב איך דאָס אַלץ דערציילט? אין שלאָפלאָזע נעכט האָב איך געטראַכט: יעדער געבליבענער ייד פון חורבן דאַרף דערציילן. יעדער איינער דאַרף דערציילן דאָס וואָס ער געדענקט פון מיידאַנעק, פון די דייטשע רוצחים, פון זייערע חיה׳שע מעשים. יעדער איינער פון אונדז איז מחויב איבערלאָזן עטלעכע אָנגעשריבענע בלעטלעך, וועלכע זענען זיין צוואה. דער זכרון, כל זמן ער ווערט נישט פאַרטושט, וויל מ׳זאָל אים נוצן, און אויסשעפּן פון אים אַלץ וואָס מ׳קען, כדי עס זאָל פאַרבלייבן פאַר דורי־דורות עטלעכע אָנגעשריבענע בלעטלעך פון די חורבן־טעג.

פאַרוואָס האָב איך דערציילט און געשריבן? כדי באַפרייען זיך פון די קאָשמאַרן, פון די חלומות וועלכע לאָזן נישט צומאַכן אַן אויג. כדי באַפרייען זיך — און ווער קען זיך באַפרייען — פון די מיידאַנעק־טעג? אַ פּשוטער ייד בין איך. איך ווייס אַז איך בין אין מיין דערציילן אַ סטאָליער וואָס קען נישט גענוג דורכגיין מיטן הובל איבער די ברעטער. אָבער איך האָב געמוזט העבלעווען. אַזויפיל ביטערע

זכרונות ליגן נאָך באַגראָבן דאָרט טיף אין האַרצן. איך רייד, שרייב און דערצייל און אַלץ ווערט באַגלייט מיט אַ קוואַל טרערן.

עפּעס גלויבט זיך מיר נישט, אַז איך בין מיט מיין טייערער פרוי אין מדינת ישראל. אַז איך האָב דערציילט און אָנגעשריבן, האָב איך אָנגעהויבן גלויבן מער: איך בין אין מדינת ישראל. אַ לעבעדיקער ייד מיט מיידאַנעק אין האַרצן. אַנטקעגן — פוס צו פוס — דער מיידאַנעק־מצבה אין נחלת יצחק האָב איך צוויי פלעצער — פאַר מיר און מיין פרוי נאָך הונדערט און צוואַנציק. אויך אין ישראל, אויך נאָכן טויט קען איך זיך נישט שיידן פון מיידאַנעק. אויך דעם ספר מיינעם: „שיע טשעכעווער דערציילט" — זאָל מען אַוועקלייגן אויף מיין קבר. איך וועל אויפשטיין אים לייענען טויטערהייט. אויך דאָרט טאָר מען נישט פאַרגעסן.